

**אוגוסט סטרינדבערג**

ווען ער האט פערפאסט „דאס רויטע צימער“

# אינהאלט:

# א פויגעל־בליק אויף שטאקהאלם.

ʼעס איז געוועזען אין אן אווענט אין אנפאנג פון מאנאט מאי. דער קליינער שפאציר גארטען וועלכער האט זיך געפונען אויפ׳ן מאזעס־בארג אין דרום זייט פון שטאדט איז נאך פאר׳ן פובליקום נישט אפען געווען, און די פערשיעדענע בלומען־בעטען זיינען נאך ניט גע־ווען ארומגעגראבען; די שנעע־גלעקלעך וואס זיינען צווישען די אראבגעפאלענע בלעטער געוואקסען האבען זייער קורץ בליהען גע־האלטען אין ענדיגען, כדי צו מאכען פלאץ פאר די צארטע זאפערען־בלומען וואס האבען געווארט אויף א דרום ווינט, כדי זייערע בליטהען צו עפענען, צווישען די צווייגען פון די שוין אויפגעבליהטע לינדען־בוימער האבען זיך די פויגעלעך אנגעפאנגען נעסטען צו בויען. אויף די זאמד־וועגאלעך וואס האבען זיך שלענגעלדיג איבער׳ן גאנצען גארטען געצויגען האט נאך קיין מענשליכער פוס געטרעטען, זייט דער שנעע פון לעצטען ווינטער איז צוגאנגען, און די פויגעל מיט די בלומען האבען דארט נאך א פריי לעבען געפיהרט. די שוואלבען האבען אלער־ליי, פאר זיי ניצליכע קלייניגקייטען צוזאמענגעזאמעלט, זיי האבען דאס אונטער די דאך־געזימסטען פון דער שיפער־שוהלע בעהאלטען, כדי נעסטען זיך צו בויען, זיי שלעפען מיט זיך שטיקער הילזען פון פייער־ווערק וואס איז נאך פון׳ם לעצטען הערבסט יום־טוב געבליבען. זיי נעהמען צוזאמען דאס שטרוי וואס די סטודענטען פון די בוים־שולע האבען אין׳ם טיהר־גארטען איבערגעלאזט, — אלץ געפינען זיי, שטיק־לעך גאזע אין די זומער־שטיבלעך, גאנצע בינטלעך האר פון הינט וואס האבען זיך דארט דעם גאנצען זומער צווישען די גארטען־בענק גע־וואלגערט, עס איז פאר זיי א לעבען איצט!

איבער׳ן בארג איז געשטאנען די זון און האט געווארפען גאנצע בונטען שטראהלען צו מזרח־זייט; זיי ברעכען דורך די רויך־זיילען פון די בארג־פאבריק, זיי לויפען איבער׳ן ריטערפיארד, קלעטערען ארויף אויפ׳ן צלם פון ריטערהאלמס קירך, זיי ווארפען אויף דעם גלאטיגען דאך פון דער דייטשער קירכע. שפיעלען זיך מיט די שפיצען פון די שיפלעך וואס שטעהען ביי די שיפס־בריק, בעלייכטען די פענסטער פון דעם ים־צאל־אמט, בעשיינען די וועלדער פון לינדינג־אינזעל און שטארבען אב אזוי ווי א ראזאווע־פארבען וואלקען ערגעץ ווייט ווייט וואו דער ים ליגט. און פון דארט קומט דער ווינט און געהט דעם

זעלבען וועג צוריק איבער וואקס־האלם, פערביי די פעסטונג, בעהאלט זיך ערגעץ א ווײַלע צווישען די וואלד־בוימער, קומט ווידער ארויס און לויפט ווײַטער, דערגרייכט ביז צום קראנקענהויז, דערשרעקט זיך אביסעל און לויפט אוועק צום דרום ברעג, דערפיהלט דעם קוילען־ריח, נאפט און גאז גרוך, לויפט ער ווידער אוועק איבער דעם מאזעס־בארג און שלאגען זיך אב אין א וואנט.

א דיענסט־מיידעל וואס איז געווען בעשעפטיגט ארויסצורייסען דעם קלייסט וואס האט די דאפעל־פענסטער פערקלעפט האט גראד דא־מאל די וואנט געעפענט; א שרעקליכער ריח פון בראט־שמאלץ, ביער, פוילע טאנען־צווייגען און זעג־שפענער האט זיך ארויסגעשטופט, דער ווינט האט איהם אויפגעכאפט און אוועקגעטראגען, אין דער צייט וואס די קעכין האט די פרישע לופט דורך איהר נאז איינגעזויגען, האט דער ווינט די וואטע וואס איז געלעגען צווישען די דאפעל־פענסטער מיט פאפיער־בלומען און בלעטער בעשטעקט, פון דארט אוועקגעריסען אזוי ווי א רונדען טאנץ זיי געשלעפט און אויף די וועגען פערשפרייט, באלד זיינען פערשיעדענע פויגעלעך צו פליהען געקומען, מיט די פיסקלעך שטיקלעך געכאפט און ערגעץ וואו אוועקגעטראגען.

די קעכין האט זיך ווייטער מיט די דאפעל פענסטער בעשעפ־טיגט, און אין איניגע מינוטען האט זיך די טיר צו דער וואראנדע פון דעם שענקעל געעפענט און א יונגער מאן איז ארויסגעקומען איג׳ם גארטען אריין. ער איז געווען איינפאך אבער גוט געקליידעט, זיין פנים איז ניט געווען אויסערגעוועהנליך, נור זיינע געזיכטציגען האבען גע־צייגט עטוואס זארגען און אונצופרידענהייט, ווען ער איז אבער פון דעם ענגען שענק־צימער ארויסגעקומען די פרישע לופט דערפיהלט און דעם אפענעם הימעל דערזעהן, איז דאס בעזארגטקייט פערשוואונ־דען, ער האט זיך געווענדעט צו דער זייט פונ׳ם ווינט, ער האט דעם אויבער־ראק צוקנעפעלט און האט א פאר מאל טיעף דעם אטעם איינ־געצויגען; דאס האט זיין ברוסט און זיין הארץ לייכטער געמאכט, און ער האט אנגעפאנגען שפאציערען אויף דעם הויכען וועג וואס איז גע־לעגען צווישען דעם גארטען אין דעם הויכען ברעג פון דעם טייך.

ווייט אונטער איהם האט געליארעמט די ערשט אויפגעוואכטע שטאדט; די טרובעס פון די דאמפף־שיפען ברומען, די אייזען־שטאַ־בעם קלאפען אויף די אייזענוואג, דאס פייפען פון די האפען־וועכטער פערהילכט די לופט, פון די שיפען זעהט זיך דער שווארץ געדיכטער

רויך, די אָמניבוסען קלאַפּען אויף די שלעכט געפּלאַסטערטע גאַסען. ליאַרם און געשריי הערט זיך פון פיש־מאַרק, עס הערט זיך דאָס גע־שריי פון די מעווען, טראָמפּעטען סיגנאַלען פון וואָך אָבלעזונג. דאָס קלאַפּען פון האַלץ־שיף פון די ארבייטער — דאָס אַלץ מאַכט דעם איינדרוק פון לעבען און ריהרעוודיגקייט, וועלכעס ס'דאַכט זיך אַז ס'וועקט די ענערגיע פון דעם יונגען מאַן, איצט האָט זיין פּנים בעקו־מען אַן אויסדרוק פון לעבענסלוסט און ענטשלאָסענהייט, און אַלס ער האָט זיך אריבערגעבויגען איבער'ן געלענדער וואָס האָט אָב־געצוימט דעם גאַרטען פון די טיעפע הויכקייט פונ'ם בארג, און האָט אויף די שטאָדט ארונטער געקוקט, איז עס געווען אזוי ווי ער זאָל אויף פיינד קוקען; זיינע נאַז־לעכער האָבען זיך צושפּרייט, זיינע אויגען האָבען אויפגעפלאַמט, ער האָט אויפגעהויבען זיין צוזאַמענגעדריקטע פויסט אזוי ווי יער זאָל זיך וועלען מיט דער אָרעמער שטאָדט שלאָ־גען אָדער זי סטראַשען.

צו דער צייט האָט געקלונגען זיעבען אין די קאַטערין־קירכע. די מאַריא־קירכע האָט בעגלייט די גרויסע קירכע און די דייטשע, זיינען אריינגעפאַלען מיט זייער באַסען גלעקער, רונד ארום האָט גענומען צי־טערען פון דעם גלאָקען־געקלאַנג פון דער שטאָדט, ווען אַבער איינע נאָך דער צווייטער האָט גענומען שטיל ווערען האָט זיך נאָך געהערט פון ערגעץ ווייט דאָס לעצטע פריעדענס־אווענט־ליעד זינגען: עס הערט זיך אַ העכערער טאָן, אַ ריינערער קלאַנג, ווייל דאָס האָט זי!...

ער האָרכט, ער זוכט צו דערגעהן פון וואַנעט דער קלאַנג קומט, פיעלע עראינערונגען ערוועקט זיך אין איהם... זיין מינע ווערט ווייכער און זיין געזיכט דריקט אויס שמערץ, אזוי ווי אַ קינד פיהלט אינס־טינקטיוו ווען מען לאָזט עס אַליין...

ער איז געווען איינזאַם, זיין פאַטער און זיין מוטער ליגען שוין לאַנג אויפ'ן בית הקברות נעבען די קלאַראַ־קירך פון וואַנען עס הערט זיך נאָך דער גלאָקען געקלאַנג...

און ער איז אַ קינד געוועזען, ער גלויבט נאָך אַלץ אין מעשה'לעך אזוי ווי אין אמת'ע זאַכען.

דער גלאָק פון די היילינע קלאַראַ־קירך איז שוין אויך שטיל געוואָרען, און טריט וואָס האָט זיך געהערט אויפ'ן זאַמד וועג האָבען איהם פון זיינע געדאַנקען אָוועקגעריסען.

פון דער וועראַנדאַ איז צו איהם צוגעקומען אַ נידעריגער מאַן

מיט שטארקע באקען־בערט, א בריל וואס האט אויסגעזעהן ניכער זיין כיטרע בליק צו פערשטעלען איידער די אויגען צו בעשיצען, א בייז פערצויגען מויל, וואס וויל שטענדיג מיט א פריינדליכען שמייכעל זיך פערציהען, זיין הוט האלב אריינגעדרוקט, א זויבערען איבערציהער מיט גרויסע קנעפּ, זיין גאנג דריקט אויס זיכערהייט און חנופה׳דיגע מורא צוזאמען, זיין אויסערליכעס איז עפּעס אזוי ווי אונבעשטימטעס. מען קען נישט ארויסנעהמען וואס פאר א געזעלשאפטליכע שטעלונג ער פערטרעט, צי איז ער אן ארבייטער אדער א בעאמטער?... ס׳איז נישט מעגליך צו וויסען ווי אלט ער איז. מען קען מיינען, אז ער איז אלט 25 און אויך 45 יאהר, איצט צייגט עס אויס פיהלט ער זיך גע־שמייכעלט מיט דער געזעלשאפט פון דעם יונגען מאן וואס ער געהט צו איהם צו; ער הויבט הויך זיין הוט, און שמייכעלט גוטמוטיג.

— איהר האט לאנג געווארט, הערר געריכטס־אסעסאר?

— ניין, בלויז א קורצע ווייל; אט האט ערשט דער גלאק זיבען געקלונגען. איך דאנק אייך וואס איהר זייט פריינדליך געוועזן צו קומען. ווייל איך מוז צוגעבען אז דיעזע בעגעגענונג איז פאר מיר פון גרעסטער וויכטיגקייט; איך וויל אייך אזוי פיעל זאגען הערר שטראווע, אז עס האנדעלט זיך פאר מיין צוקונפט.

— אך גאט, דאס קען נישט זיין!

הערר שטראווע האט די אויגען פערצויגען, ער האט זיך גאר נישט געריכט אויף אזא ערנסטען געשפּרעך.

— בדי מיר זאלען בעסער קענען רעדען, האט ווייטער דער גע־ריכטס־אסעסאר געזאגט — לאמיר זיצען אין דרויסען און טרינקען א ביער.

הערר שטראווע האט זיך א גלעט געטהאן ביי זיין רעכטע באקען־בארט, געדאנקט פאר די איינלאדונג, און איז געווארען אונרוהיג.

— צו אלעם ערשט וועל איך אייך בעטען, איהר זאלט מיך מעהר נישט רופען געריכטס־אסעסאר, האט דער יונגער מאן אנגעפאנגען דעם געשפּרעך, — ווייל איך בין דאס קיינמאל נים געוועזן, איך בין נאר בלויז א הילפס־ארבייטער ביים אסעסאר געוועזן, און אויך דאס האב איך היינט אויפגעהערט צו זיין, איצט בין איך בלויז הערר פאלק, נישט מעהר.

— וואס?

הערר שטראווע האט אויסגעזעהן אזוי ווי ער זאל געווען האבען

עפּעס זעהר א גוטע בעקאנטשאפט פערלוירען, ער איז אָבער געבלי־בען גוט געלוינט.

— איהר זייט א מענש מיט ליבעראלע אידעען...

הערר שטראווע האט געפּרוואווט עפּעס צו זאָגען אָבער פאלק האט איהם ניט געלאָזט צום ווארט קומען, נאָר ער האט ווייטער גע־רעדט:

— אין אייער אייגענשאפט אלס מיטארבייטער פון דער פּרייזיגי־גע ציימונג „רויטקעפּעל“, האָב איך אייך אהער בעשטעלט.

— פאר אלץ אין דער וועלט, איך בין אזא אונבעדייטענדער מיט ארבייטער...

— איך האָב אייער גרויסארטיגע ארטיקלען וועגען די ארביי־טער־פראגע און אנדערע פראגען געלעזען, און זיי ליגען אונז זעהר צום הארץ. ס'איז שוין דריי יאָהר זייט דער נייע רייכסטאג איז זיך צוזאמענגעקומען, און מיר וועלען באלד אונזערע האפנונגען פערווירק־ליכען, איך האָב אין „בוירענפריינד“ אייער פּארטרעפליכע ביאגראפיען פון די פּאָליטישע פיהרער געלעזען, אָט די דאָזיגע מענער פון פּאָלק האבען סוף כל סוף געקענט דאס זאָגען וואס ס'האט זיי שוין לאנג געדריקט; איהר זייט א מאן פון פארטשריט, הערר שטראווע, און איך האָב איבער אייך זעהר א הויכע מיינונג.

שטראווע האט זיך געפיהלט געשמייכעלט פון דעם יונגען מאן'ס ווערטער, דאָך האט ער עס נישט געוואָלט ארויסווייזען, נאָר ווי א מענש וואס ר'האט הנאה פון א גוטע זאך, האט ער גענומען רעדען לאנגזאם און איבערציינט:

— איך מוז זאָגען, אז עס פרעהט מיך אמת'דיג צו האָבען די אנערקענונג פון אזא אויסגעצייכענטען יונגען־מאַן ווי איהר זייט, הערר געריכטס־אסעסאָר. אָבער נאָך אלעמען, צו וואָס זאָלען מיר פון אזעל־בע זאכען רעדען וואס זיינען צו ערענסט און אפשר טרויריג, אין דער צייט ווען מיר זיצען אין דער שוים פון דער נאטור אינ'ם ערשטען טאָג פון פריהלינג, ווען אלץ שטעהט אין בליהען, די זון פערשפרייט איהר ווארעמקייט איבער די גאנצע נאטור; לאָמיר בעסער ניט זארגען און טרינקען אונזער ביער צופריעדען. פערצייהט מיר, הערר פאלק, איך גלויב אָבער, אז איך האָב פריהער די שולע געענדיגט... און איך וועל מאכען א פארשלאג... אז מיר זאָלען טרינקען אויף ברודערשאפט...

פאלק וואס האט געמיינט, אז ער וועט אנטרעפען א הארטען

מענשען אזוי ווי פון שטאהל, און זעהענדיג אז ס'איז ניט אזוי האט ער דעם פארשלאג אנגענומען, און שוין זיינען זיי געזעסען ווי ברידער וואס האבען שוין זייט לאנגע יאהרען צוזאמען פיעל ענטוישונגען דורכגעמאכט.

— איך האב פריהער דערמאנט, — האט פאלק ווידער אנגעטאנ־גען דעם געשפרעך, — אז איך האב היינט מיט מיין פערגאנגענהייט אבגעבראכען, און איך האב אויפגעגעבען מיין בעאמטען־שטעלע, איך וויל קיין בעאמטער מעהר ניט זיין, איצט וויל איך נאר צוגעבען, אז איך דענק צו ווערען ליטעראט!

— ליטעראט! איי גאט, פאר וואס דען? דאס איז אבער א שאד.

— ס'איז גאר קיין שאד נישט; אבער איצט וויל איך דיך פרעגען, וואו איך דארף געהן כדי צו קריגען ארבייט.

— הם! דאס איז אמת'דיג שווער צו זאגען, עס קומען אזוי פיעל מענשען פון אלע זייטען זיך צוזאמען און אלע זיינען ליטעראטען... אבער דו דארפסט וועגען דעם גישט דענקען, ס'איז אמת'דיג א שאד זאלסט אויפגעבען דיין קאריערע אלס בעאמטער; דער וועג פון די לי־טעראטען איז זעהר א שווערער!

שטראווע זעהט אויס אזוי ווי ער זאל זיין יונגען פריינד בעדויע־רען, אבער דאך הנאה האבען באלד צו האבען אן אונגליקס־קאמראד.

— אבער זאג מיר, איך בעט דיך, רעדט ער ווייטער, פאר וועלכע אורזאך ווילסטו דיין בעאמטען־שטעלע אויפגעבען; וואס ברענגט דיר אריין עהרע און מאכט?

— עהרע ברענגט עס דעם, ווער ס'וויל מאכט בעזיצען און מאכט, דעם וואס וויל איבער יענעם הערשען, איך וויל ביידע נישט.

— אט דאס פלוידערסטו שוין; ס'איז דאך נישט אזוי געפעהרליך ווי דו זאגסט!

— דו גלויבסט נישט? נא, מוז איך שוין מיט דיר אנדערש רע־דען, איך וועל דיר נאר פארשטעלען איינעם פון די זעקס עמטער וואס איך האב מיך פערשריבען. די ערשטע פינף האב איך באלד פערלאזען אויס דער גאנץ איינפאכער אורזאך, ווייל ס'איז דארט קיין ארבייט ניט געווען. יעדעס מאל ווען איך בין ארויפגעקומען און געפרעגט, אויב ס'איז דא עטוואס צו טהאן, האט מען געענטפערט: ניין! און איך האב טאקע קיינמאל קיינעם נישט געזעהן טהאן עטוואס, און דאך האט עס שטענדיג אויסגעזעהן אזוי ווי איך זאל זיין תמיד פערנומען,

אזוי פיעל עמטער, ווי דאָס „קאָלעגיום פאר שנאפּס־ברענעריי“, די „קאַנצעליי פאר דירעקטע שטייערען“ און די „גענעראַל־דירעקציאָן פאר בעאַמטען־פּענסיאָן“. ווען איך האָב אָבער געזעהן די גאַנצע מאַסע בעאַמטען, וועלכע ליגען אַזוי פיעל צוזאַמען און טהאָן גאָר נישט, האָב איך מיר געטראַכט, אַז אין דעם אַמט, וואָס צאָהלט אויס די געהאַלטען אַט צו די אַלע בעאַמטען, איז יאָ דאָ וואָס צו טהאָן, האָב איך זיך איינגעשריבען אין דעם „קאָלעגיום פאר אויסצאָהלען די בעאַמטען געהעלטער“.

— דו ביסט דאָרט געוועזן? — האָט שטראַווע מיט אינטערעס געפרעגט.

— יאָ, איך וועל קיינמאָל נישט פערגעסען דעם איינדרוק וואָס ס׳האָט אויף מיר געמאַכט ביי מיין ערשטען מאָל אריינגעהן אין דיעזען אַזוי גערופענעם פאָלשטענדיג אָרגאַניזירטען אַמט. עלף אַזייגער פאר מיטאָג בין איך אהין געגאַנגען, ווייל אין דער צייט דאַרף זיך דאָס אַמט עפענען. אין אַמט־דיענער־צימער זיינען צוויי יונגע אַמטס־דיענער געלעגען אויפ׳ן טיש מיט די בייכער ארויף און האָבען געליינט דאָס „פאַטערלאַנד“.

— דאָס „פאַטערלאַנד?“

שטראַווע וואָס איז ביז איצט געזעסען און געשפּיעלט זיך מיט עפּעס פונ׳ם טיש, איז געוואָרען אויפמערקזאַם.

— יאָ! איך האָב געזאָגט גוט מאָרגען, און אַ שוואַך בעוועגען פון זייער פּלייצע האָט אָנגעדייטעט, אַז זיי האָבען מיין בעגריסען גאַנץ שעהן אויפגענומען; איינער האָט זאָגאַר אַ קלאַפּ געטהאָן אין טיש מיט׳ן אַבזאַץ פון זיין שוך, דאָס זאָל בעדייטען אַזוי ווי ער זאָל מיר זיין האַנט דערלאַנגען. איך האָב געפרעגט, אויב איינער פון זיי קען מיר מיין פּלאַץ און מיין ארבייט אָנצייגען. זיי האָבען מיר ערקלערט, אַז ניין, ווייל זיי האָבען אַ בעפעהל, דאָס וואַרט־צימער ניט צו פערלאָזען. איך האָב געפרעגט צי ס׳איז נישטאָ נאָך מעהר אַמטס־דיענער. יאָ, האָבען זיי געענטפערט, ס׳איז דאָ מעהר, אָבער דער אויבער־אַמטס־דיענער האָט זיין פעריען, דער ערשטער אַמטס־דיענער האָט אורלויב, דער צווייטער אַמטס־דיענער איז דיענסט־פריי, דער דריטער איז אויף דער פּאָסט, דער פערטער איז קראַנק, דער פינפטער איז געגאַנגען ברענגען טרינק־וואַסער, דער זעקסטער איז אויפ׳ן הויף, „און דאָרט זיצט ער דעם גאַנצען טאָג“ און נאָך אַלעמען, איז נאָך קיין בע־

אמטער ניט געקומען בעפאר איינס א זייגער". מיט דעם האבען זיי מיר געגעבען צו פערשטעהען, אז מיין צופריה קומען פאסט נישט און אז די אמטס־דיענער זיינען אויך בעאמטע.

— ווען איך האב אבער מיין פעסטען בעשלוס ערקלערט, אז איך וויל די אמטס צימערען דורכזעהן, כדי איך זאל קריגען א בעגריף אין די איינטיילונג פון דער ארבייט פון אזא וויכטיגען אמט, האב איך גע'פועלט אז דער יונגערער פון זיי זאל מיט מיר געהן. ס'איז געווען א גרויסארטיגער אנבליק, ער האט די ערשטע טיר געעפענט און איז מיט מיר דורך זעכצעהן צימערען געגאנגען, גרעסערע און קלענערע, — דא מוז זיין א סך ארבייט, האב איך געטראכט, און איך האב געהאט א גע־פיהל, אז איך בין געפאלען אויף א גליקליכע אידעע, מיך צו פערשריי־בען צו דיעזען אמט. דאס געזויש פון זעכצעהן פייערען וואס האבען זיך אין די אויוועגס געברענט, האט אנגענעהם אונטערבראכען די איינ־זאמקייט פון דעם ארט.

שטראווע, וואס איז וואס ווייטער מעהר אויפמערקזאם געווא־רען, האט ארויסגענומען א בליי־פעדער פונ'ם ועסטעל קעשענע און האט אויף זיין מאנזשעט די צאהל „16" אויפגעשריבען.

— דאס איז דאס צימער פון די אויסערארדענטליכע בעאמטע האט מיר דער אמטס־דיענער ערקלערט.

— אזוי! איז דא א סך אויסערארדענטליכע? — האב איך גע־פרעגט.

— א יא, נאך מעהר ווי גענוג.

— וואס טהוען זיי דען?

— זיי שרייבען נאטירליך אביסעל...

— נאכדעם ווי מיר זיינען דורכגעגאנגען די צימערען פון די קא־פירער, די נאטארען, די קאנצעליסטען, דעם רעוויזארס און רעוויזארס־סעקרעטער, דעם קאנטראלארס און קאנטראלארס־סעקרעטער, דעם שטאטספערוואלטערס, דאס ארכיוו און ביבליאטעק, דעם קאסירערס און זיין שטעלפערטרעטערס, דעם הויפט פראטאקאל־פיהרער און פרא־טאקאל־סעקרעטערס, דעם אקטען־האלטערס, דעם רעדזשיסטראטארס, דעם עקספעדיטען־סעקרעטערס, דעם בורעאוי־שעפס און עקספעדי־ציאנס שעף'ס, זיינען מיר אם ענדע געבליבען שטעהן ביי א פערמאכטע טיר מיט אן אויפשריפט פון גאלדענע בוכשטאבען: „דער פרעזידענט" איך האב געוואלט די טיר עפענען און אריינגעהן, האט מיך אבער

דער אמטס־דיענער נישט געלאָזט, מיט אַז אמת'ע אונרוהיגקייט האָט ער מיין האנט גענומען און געמורמעלט „שטיל" שלאָפט ער? האָב איך זיך נישט געקענט איינהאַלטען און געפרעגט: אום גאָטעס ווילען זאָגט גאָר נישט; האָט דער אמטס־דיענער שטיל געפליסטערט, דאָרט דאַרף קיינער נישט אריינגעהן בעפאָר דער פּרעזידענט קלינגט נישט; — קלינגט דער פּרעזידענט? — ניין, איך האָב איהם נישט געהערט קלינ־גען זייט איך בין דאָ, און איך בין שוין דאָ אַ יאָהר... איך האָב שוין פערשטאַנען און האָב מעהר נישט געפרעגט.

געגען צוועלף אַ זייגער האָבען אנגעפאַנגען די אויסעראָרדענטלי־כע בעאַמטען צוזאַמען צוקומען, איך בין געוואָרען זעהר איבערראַשט. אין זיי לויטער בעקאַנטע פּנים'ער צו זעהן, פון דער גענעראַל־דירעק־ציאָן פאַר בעאַמטען־פּענסיאָן און פון דעם קאָלעגיום פאַר שנאַפּס־ברענעריי, נאָך מעהר בין איך איבערראַשט געוואָרען זעהענדיג אריינ־קומען דעם אויבער־בעאַמטען פון שטייער־אַמט, זיך אוועקזעצענדיג אויף דעם לעדער־שטוהל פון'ם אקטען־האַלטערס און האָט זיך בע־קוועם געמאַכט אזוי ווי ער האָט עס געטהאָן אין שטייער־אַמט.

— הייסט עס, האָב איך געטראַכט, אַז יעדער פון זיי פערנעהמט צוויי שטעלען און בעקומט צוויי געהאַלטען.

איך האָב גענומען אַ יונגען מאַן אין דער זייט אריין און האָב איהם געפרעגט, אויב ער געפינט נישט פאַר ראַטזאַם, אַז איך זאָל זיך פאָרשטעלען פאַר'ן פּרעזידענט. „שטיל" איז געווען זיין געהיימניספּו־לער ענטפער, און פיהרענדיג מיך אין'ם אכטען צימער, האָט ער ווידער דעם סודות'דיגען „שטיל" געזאָגט.

**דאָס צימער** וואו מיר האָבען זיך געפונען, איז אויך געווען אזוי טונקעל ווי די אַנדערע, אָבער שמוציגער. פּערדס־האָר האָט אַרויסגע־קוקט פון די צוריסענע לעדער־שטוהלען, דיקער שטויב איז געלעגען אויפ'ן שרייב־טיש, אויף וועלכען ס'איז געשטאַנען אַן אויסגעטרי־קענטער טינטער; ס'איז אויך געלעגען אַ נאָך נישט בענוצטעם טריפּ־וואַקס שטענגעל, אויף וועלכען דער אַמאָליגער בעזיצער האָט מיט גאָטישע בוכשטאַבען זיין נאָמען אויסגעקריצט, אַ פּאַפּיער שערעל וואָס ס'האָט אויסגעזעהן פון'ם ראָסט צוזאַמענגעוואַקסען, אַ דאַטום אנצייגער, וועלכער איז געבליבען שטעהן אויף אַ זומערדיגען טאָג פון פאַר פינף יאָהר, און אַ בויגען לעש־פּאַפּיער, אויף וועלכען ס'איז גע־ווען אנגעשריבען אפשר הונדערט מאָל: יוליוס צעזאַר, יוליוס צעזאַר,

יוליוס צעזאר, און אויך אזוי פיעל מאל: פאטער נח, פאטער נח פא־טער נח.

— דאס איז דאס צימער פון׳ם ארכיוועך, דא לאזט מען אונז צופריעדען, האט מיין בעגלייטער צו מיר געזאגט.

— קומט דער ארכיוועך דא גאר נישט אריין? — האב איך געפרעגט.

— פינף יאהר איז ער שוין דא נישט געוועזען, נו און איצט וועט ער זיך שוין שעהמען צו קומען.

— אבער וועך טהוט זיין ארבייט?

— דאס טהוט דער ביבליאטעקער.

אין וואס בעשטעהט די ארבייט אין אזא אמט, ווי דאס „קא־לעגיום צום אויסצאהלען פון בעאמטען געהאלטער?"

עס בעשטעהט אין דעם, וואס די אמטס דיענער סארטירען די קוויטירונגען אלפא־בעטיש און לויט די סומען, זיי שיקען דאס צום בוכבינדער, דער ביבליאטעקער נעהמט דערנאך די איינגעבונדענע קווי־טונגען און שטעלט זיי רעגעלמעסיג אוים אין די פאכען וואס זיינען אייגענס געמאכט געווארען פאר דעם.

שטראוו׳ן האט אנגעפאנגען דער געשפרעך צו אמוזירען, און צווי־טענוויז האט ער פערשריבען א ווארט אויף זיינע מאנזשעטען, און ווען פאלק האט געמאכט א פויזע האט ער געפונען פאר נויטיג עטוואס וויכ־טיגעס צו פרעגען.

— דו האסט געזאגט, אז דער ארכיוועך קומט גאר נישט אין אמט, ווי אזוי זשע בעקומט ער זיין געהאלט?

— וואס פאר א נאאיווע פראגע דו פרעגסט, איז דאס נישט איינפאך, מען שיקט עס איהם אהיים. . . . —

פאלק האט אנגעפאנגען ווייטער דערצעהלען:

— מיין יונגער קאמראד האט מיך געראטהען, איך זאל זיך ווענ־דען צום אקטען־האלטער און איהם בעטען אז ער זאל מיך פארשטעלען פאר די אנדערע בעאמטען, וועלכע האבען אנגעפאנגען ביסלעכווייז צו קומען האבען זיך אוועקגעזעצט נעבען די ברענענדיגע אויוועגס, אויפ־געררודערט דאס פייער, אמאל צוגעלעגט א שטיקעל האלץ און זיך מיט פערגעניגען געווארמט.

—דער אקטען־האלטער איז זעהר א מעכטיגע פערזענליכקייט האט מיין פריינד מיר געזאגט, ער שענקט יעדען אויפמערקזאמקייט.

כאָטש איך האָב דעם אַקטען־האַלטער געקענט פאַר דעם אויבער־בעאַמטען פון׳ם שטייער־אַמט און איך האָב געוואוסט אַז ער איז נישט אַזא פיינער מאַן, האָב איך דאָך דעם יונגען מאַן געוואָלט גלויבען, און איך בין צו איהם אַריינגעגאַנגען אין צימער.

— אין א ברייטען לעהן־שטוהל איז ער געזעסען, נישט ווייט פון׳ם ברענענדיגען אויווען, זיינע פיס אויסגעשטרעקט אויף א בערען־פעל, ער איז געווען שטאַרק פערטיעפט מיט א מערשוים־ציגאַרשפּיץ וואָס איז געווען איינגענעהט אין האַנדשוה־לעדער, אויסצורויכערען און כדי נישט צו זיצען אָהן בעשעפטיגונג, האָט ער געהאַלטען א נעכ־טיגע „פּאָסט־צייטונג״ און געלעזען.

ביי מיין איינטריט וואָס האָט איהם וואַרשיינליך בעטריבט, האָט ער זיינע ברילען אַרויפגערוקט און האָט זיי אַוועקגעלעגט אויף זיין גאָלען קאָפּ. זיין רעכט אויג האָט ער אונטער די צייטונג בעהאַלטען און מיט׳ן לינקען אויג האָט ער אויף מיר שאַרף געקוקט. איך האָב איהם מיין וואונש געזאָגט, ער האָט געשוויגען, ער האָט אַרויסגענומען דעם ציגאַרען שפּיץ פון זיין מויל, נאָכגעקוקט ווי ווייט ס׳איז שוין אויסגע־רויכערט און ווידער גישט געענטפערט. דאָס שרעקליכע שווייגען האָט בעשטעטיגט אַלע מיינע מורא׳ס פון פריהער, ער האָט זיך א ווידער געגעבען אַזש דאָס פייער פון׳ם אויווען האָט זיך אָנגעפאַנגען בעוועגען. ער האָט זיך ווידער דערמאָנט אין די צייטונג און האָט ווייטער אָנגעפאַנגען לעזען. איך האָב נאָך אַמאָל אין מיט א העכער קול ווי פריהער מיין פערלאַנג געזאָגט. דאַן האָט ער שוין לענגער נישט געקענט אויסהאַלטען, — וואָס ווילט איהר, צום טייוועל? וואָס האָט איהר אין מיין צימער צו טהון? קען מען מיך נישט אַמאָל אין מיין אייגענעם צי־מער צו רוה לאָזען? וואָס? אַרויס, אַרויס, אַרויס, הערר! צום טיי־וועל! זעהט איהר נישט, אַז איך בין בעשעפטיגט? ווענדעט זיך צום פּראָטאָקאָל פיהרער: אַז איהר ווילט עפּעס האָבען! נישט צו מיר! איך בין געגאַנגען צום פּראָטאָקאָל פיהרער.

דאָ איז געווען גרויסע בעשעפטיגונג שוין זייט דריי וואָכען לאַנג. דער פּראָטאָקאָל־פיהרער איז געווען פאָרזיצענדער און דריי קאַנצאַליסטען האָבען געפיהרט דעם פּראָטאָקאָל. פערהאַנדעלט האָט מען וועגען מאַטעריאַל בעדאַרף פון׳ם קאָלעגיום, פערשיעדענע פּאַ־פּיער־פּראָבען וואָס די ליוועראַנטען האָבען צוגעשיקט זיינען געלעגען צוואָרפען אויף די טישען ביי וועלכע ס׳זיינען געזעסען די נישט

בעשעפטיגטע קאנצאליסטען און אויסערארדענטליכע בעאמטען, און האבען געלענגערט זיך און געגענעצט פאר לאנגוויילינקייט, ענדליך האט מען בעשלאסען, כאטש מיט גרויסע מיינונגס־פערשיעדענהייטען, זאל מען בעשטעלען צוויי באלען פאפיער ביי די פירמא „לעסאבויער" פון וועלכע דער אקטען־האלטער האט 25 אקציעס. דאס שרייבען פאר פראבען האט געדויערט א גאנצע וואך, און די פראטאקאלען שרייבען האט 100 בויגען פאפיער פערנומען. איצט איז מען געקומען צו בע־שטעלען טאשען־מעסערלעך. איינינע פראבע מעסערלעך זיינען געלע־גען אויפ'ן טיש, און כדי צו פרואווען די גוטסקייט פון זיי, האט יעדער פון'ם „קאלעגיום" גענומען א מעסערעל און געפרואווט צו שניידען דעם שווארצען טיש.

— איך שלאג פאר די שעפעלדישע טאפעל קלינגע נומער 4 — האט דער פראטאקאל־פיהרער געזאגט, און האט אוועקגעשניטען א שטיק פון'ם טיש אז מען האט געקאנט א פייער דאמיט אנצינדען.

— וואס זאגט דער ערשטער נאטאר צו דעם?

דער ערשטער נאטאר וואס איז מיט זיין מעסערל'ל צו טיעף אין טיש אריינגעקראכען און אויף א נאגעל אנגעטראפען, האט פארגעשלא־גען גראדע דאס מעסערעל וואס ער האט געהאלטען.

ס'איז געקומען צו א דעבאטע, יעדער האט געוואלט איבערצייגען און מאטיווירען זיין פארשלאג, צום סוף האט דער פראטאקאל־פיה־רער בעשלאסען, צו בעשטעלען צוויי גראס ביי די פירמא „שעיפעלד" דערנאך האט דער ערשטער נאטאר בעריכטעט אויספיהרליך מיט אלע איינצעלהייטען און האט אויפמערקזאם געמאכט, אז מען זאל עס פראַ־טאקאלירען; אז די אלטע פראטאקאלען זיינען אין צוויי עקזעמפלא־רען קאפיערט געווארען, אריינגעטראגען אין רעגיסטער, סארטירט לויט דעם „אלפאבעט" איינגעבונדען און פון אמטס־דיענער אונטער די אויפזיכט פון'ם ביבליאטעקער אריינגעשטעלט געווארען אין געהע־ריגען פאך.

— דער זייגער פון די ריטערהאלמס־קירכע האט געשלאגען צוויי. אלע בעאמטען זיינען פון די פלעצער אויפגעשפרונגען אזוי ווי ס'וואלט ערגעץ א פייער אויסגעבראכען, ווען איך האב איינעם פון די יונגע קא־לעגען געפרעגט: וואס דאס בעדייט, האט דער אלטער נאטאר מיר גע־ענטפערט: די ערשטע פליכט פון א בעאמטען איז פינקטליכקייט!

צוויי מינוטען נאָך צוויי איז שוין קיין זעלע נישט געווען אין די אַלע צימערען.

— מאָרגען וועלען מיר פיעל ארבייט האָבען — האָט איינער צו מיר געזאָגט אראָבגעהענדיג פון די טרעפּ, — וואָס פאר אַן ארבייט איז דען דאָ? — האָב איך איהם געפרעגט — וואָס הייסט? — האָט ער געענטפערט, — מען דאַרף פיעל זאַכען בעשטעלען, בלייפעדערען, קאָנווערטען, זיעגעל־לאַק, פּאַפּיער־מעסער, לעש־פּאַפּיער און פּאַק־פּאַ־דים. יאָ, ס'איז געווען אביסעל ארבייט, וועניגסטענס האָט יעדער גע־האַט בעשעפטיגונג, ס'איז אָבער געקומען אַ טאָג ווי ס'איז שוין קיין ארבייט נישט געווען, האָב איך מיר מיין הארץ געשטארקט און האָב ארבייט געבעטען, מען האָט מיר געגעבען אַ פּעקעל ווייסע פּאַפּיער און אביסעל אקטען, אז איך זאָל דאָס אין דער היים אויף ריין איבער־שרייבען, מיט דעם וועל איך זיך „פּערדיענט" מאַכען. איך האָב די אר־בייט אין אַ קורצער צייט פארטיג געמאכט, כ'זאָל קריגען אנערקענונג, האָט מען אויף מיר בייז געקוקט, ווייל זיי ליעבען נישט קיין פלייסיגע מענשען. פון דאמאָלסט אַן האָט מען מיר שוין קיין ארבייט נישט גע־געבען.

— נאָ, איך וועל דיר ערשפּארען די אַלע שילדערונגען פון די צרות וואָס איך האָב דאָרט געהאט אַ גאַנץ יאָהר, ביטערקייט, פערדרוס אָהן אַ גרענעץ, אַלץ וואָס איך האָב געהאַלטען פאר לעכערליך, פאר קליין און אונבעדייטענד, איז געוואָרען מיט פייערדיגען ערענסט דורכגע־פיהרט, און אַלץ וואָס איך האָב פאר גרויס און לעבענסווערט געשעצט, האָט מען דערפון חוזק געמאכט און מען האָט עס גאר נישט געוואָלט בעהאנדלען. דאָס פּאָלק האָבען זיי גערופען „פּאַק" און האָבען גערענקט אז דאָס פּאָלק איז נאָר צו דעם געשאַפען, אז די סאָלדאטען זאָלען דארויף שיסען ווען זיי ציינען ארויס אונצופריעדענהייט, מען האָט חוזק געמאכט פון יעדען איינציגען וואָס וויל ברענגען ראדיקאלע רעפארמע אין דער רעגירונג, און מען האָט זיי גערופען פעררעטער. זיעבען מאָנאַט לאַנג האָב איך דאָס צוגעהערט. מען האָט מיך אָנגעפאנגען צו ערגע־רען, ווייל איך האָב נישט אנטייל גענומען אין זייערע געשפּרעכען, אין זייער לאכען, צום סוף האָב איך שוין נישט געקענט אויסהאַלטען, און איך האָב ארויסגעזאָגט מיין מיינונג, איך האָב פערטיידיגט די רע־פארמאטארס, די ראדיקאלען, כ'האָב זיי אָנגערופען טויגעניכטסען, פּאראזיטען וואָס זיצען אויפ'ן פּאָלקס קערפּער און זויגען דאָס בלוט

פון איהם, נעהמען פון דער רעגירונג געהאלטען און טהאָן גאר נישט.

דעם רעזולטאט פון דעם ווייסטו שוין, איך האָב געמוזט אוועק פון דאָרט, און איצט, וויל איך, אזוי ווי אלע וואָס לײדען פון שיפ־ברוך, זיך ווענדען צו א נייעם געביט, איך וויל ווערען א ליטעראַט.

שטראָווע האָט אויסגעזעהען נישט צו זיין צופרידען מיט דעם שלום פון פאַלקס רעדען, האָט די בלייפעדער בעהאַלטען צוריק אין קעשענע, האָט א טרונק געגעבען אביסעל פון׳ם גלאָז, און האָט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען, אבער דענקענדיג אז ער דאַרף עפּעס זאָגען האָט ער זיך געווענדעט צו פאַלק׳ען:

— ליעבער ברודער, דו האסט נאָך נישט געלערענט די קונסט פון׳ם לעבען; דו וועסט ערשט זעהן ווי שווער ס׳איז זיין ברויט צו גע־פינען, און אלע מאָל איז דאָס די הויפּט זאַך פון לעבען: מען ארבייט כדי ברויט צו האָבען, און מען עסט ברויט כדי צו קענען ארבייטען! גלויב מיר, איך האָב א ווייב און קינדער און איך ווייס וואָס דאָס הייסט, מ׳מוז זיך ריכטען נאָך די פערהעלטניסע, זעהסטו, אזוי דאַרף מען דאָס לעבען פערשטעהן! דו ווייסט נאָך נישט, ווי אזוי ס׳איז די שטע־לונג פון א ליטעראַט, דער ליטעראַט שטעהט אויסערהאלב פון דער גע־זעלשאפט!

— נא, דאָס איז טאָקע זיין שטראָף, ווייל ער וויל אלע מאָל שטעהען איבער דער געזעלשאפט, איבעריגענס, איך האָב פיינט די גע־זעלשאפט, ווייל איהר עקזיסטענץ איז נישט קיין אמת׳ע, קיין פרייע, זי איז א נעץ פון ליגען — און איך אנטלויף פון איהר מיט פערגע־ניגען.

— עס פאנגט אָן קאַלט צו ווערען — האָט שטראָווע בעמערקט.

— אפשר וועלען מיר שוין געהן.

דאָס פייער פון׳ם געשפּרעך האָט זיך שוין אויסגעברענט.

דערווייל איז די זון שוין אונטערגעגאנגען, די האלבע לבנה האָט זיך אביסעל דערווייטערט פון׳ם עק האָריזאָנט און זי איז שוין געשטא־נען איבער׳ן פעלד אויף צפון־זייט פון דער שטאָדט; איינצעלנע שטע־רען האָבען זיך שוין בעוויזען אין פערשיעדענע זייטען פון׳ם הימעל, די גאז־לאמפען אונטען אין שטאָדט האָבען זיך שוין אָנגעפאנגען אנצו־צינדען, און די שטאָדט האָט אָנגעפאנגען שטיל צו ווערען.

פאלק און שטראָווע זיינען געגאנגען צוזאמען צו צפון צו פון מאַ־

ריס־בארג, און האָבען גערעדט פון פערשיעדענע זאכען וואָס האָט זיי אפילו נישט אינטערעסירט, נאָר בלויז נישט צו זיין שטום, ארונטער־קומענדיג פון'ם בארג האָבען זיי זיך צושיידט.

מיט נייע געדאנקען אין קאָפּ האָט פאלק געוואנדערט מיט די שטראָם־גאַס ארונטער, נעבען דעם וואסער, ער איז געגאַנגען צום ברעג צו. ער קומט זיך פאָר, ווי א פויגעל וואָס האָט געוואָלט ערגעץ פריי פליהען, האָט ער זיך אין די שויבען פון א פענסטער אָנגעשלאָגען און איז אנידערגעפאַלען א האלב צובראָכענער. קומענדיג צום ברעג האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויף א באנק און האָט זיך צוגעהערט צום שטי־לען רוישען פון'ם וואסער.

א שטיל, אנגענעהם ווינטעלע האָט געשאָקעלט מיט די קליינע ווערבע־בוימלעך וואָס זיינען ביים ברעג געוואקסען. די לבנה האָט גע־ווארפען א שוואכען זילבער־שיין אויפ'ן שווארצען וואסער. א צוואנ־ציג שיפלעך זיינען געשטאַנען צוגעבונדען צום ברעג. ס'האָט אויסגע־וויזען אזוי ווי זיי זאָלען שטרעקען זייערע קעפּ אין דער הויך, און אָט אָט וועט איינס נאָך'ן אנדערע זאַינ'ם וואסער פערשווינדען. דער ווינט און די וואָלען ווילען זיי פונ'ם ברעג אוועקרייסען, זיי ארויפיאָגען אויף די בריק, זיי זעהען אוים אזוי ווי א מחנה צורייצטע הינט, וואָס מען האָט צוגעבונדען צו אייזערנע קייטען, זיי רייסען זיך פון די קייטען, אָבער דאָס אייזען איז צו שטארק, זיי קענען נישט איבעררייסען, זיי ווארפען זיך אין אלע זייטען מיט כעס און מוזען דאָך בלייבען שטעהן.

דאָרט איז פאלק געבליבען זיצען ביז אין מיטען דער נאכט, ביז דער ווינט איז איינגעשלאָפען, די וועלען זיינען רוהיג געווארען, די געפאַנגענע שיפלעך האָבען זיך נישט מעהר פון די קייטען געריסען, די ווערבע־בוימלעך האָבען זיך מעהר נישט געשאָקעלט און דער טוי האָט אָנגעהויבען פאַלען.

ער האָט זיך אויפגעהויבען און איז פער'חלום'ט געגאַנגען א היים צו זיין איינזאַמען דאָך צימערעל, וואָס ס'איז געווען ערגעץ אויף דער צפון שטאָדט־טייל.

דאָס האָט דער יונגער פאלק געטהאָן, אָבער דער אלטער שטרא־ווע, וואָס האָט די אלע פאקטען געהערט פון פאלק'ן איז א היים גע־גאַנגען און האָט אָנגעשריבען צו דער „פאָלקס־פאָהן" וועגען דעם „קאָ־

ליעגיום פאר אויסצאהלונג די בעאמטען געהאלטען" א קארעספאנדענז פון פיער שפאלטען צו 5 קראנען א שפאלט.

## צווייטעס קאפיטעל.

### צווישען ברידער.

דער פלאקס-הענדלער קארל ניקאלאוס פאלק, דער זוהן פון'ם פערשטארבענעם פלאקס-הענדלער, איינער פון די פופציג עלטעסטע בירגער ראט, הויפטמאן פון די בירגער-אינפאנטערי; קירכען-ראט און דירעקציאנס-מיטגליעד פון דער שטאקהאלמער פייער פערזיכערונגס געזעלשאפט קארל יאהאן פאלק, און א ברודער פון'ם פריהריגען גע־ריכטס-בעאמטען און איצטיגען שריפטשטעלער ארוויד פאלק, האט זיין געשעפט, אדער ווי זיינע נישט-פריינד רופען עס: די קראם אין מזרח פון די לאנג-גאס קען איבער דעם פערקען-געסעל, אויף אזא ארט אז ווען דער יונגער מאן וואס שטעהט אונטער דעם פערקויפס־טיש, לעזענדיג בעהאלטען זיין ראמאן, ווען ער וויל ארויסקוקען, זעהט ער א שטיק פון א שיף, איינינע פישער הייזלעך, א בוים, שפיצען פון אנדערע ביימער און א פלעק פון לופט איבער דעם.

דער משרת פון די קראם, מיט דעם שעהנעם נאמען אנדערסאן, האט געעפענט די טירען פון'ם געשעפט, ס'איז געווען פריה אין מאר־גען, ער האט ארויסגעהאנגען א בינטעל פלאקס, אן אויסגעטרוקנטען פיש, א בינטעל אנגלען און א פיש נעץ, געפלאכטען פון פערשיעדענ־פארביגע פעדים, דערנאך האט ער די קראם אויסגעקערט, מיט זעג־געכץ בעשיט, און האט זיך אונטער דעם טיש אוועק געזעצט; דארט האט ער פון א ליידיגען ליכט-קעסטעל א מין מויז-פאנגער געמאכט און ער האט עס אזוי קונציג צוגעריכטעט, אז ווען דער בעל-הבית אדער איינער פון דעם בעל-הבית'ס בעקאנטע איז אריינגעקומען, איז דער ראמאן דארט אהין אריינגעפאלען און מען האט נישט געוואוסט וואו ר'איז פערשוואונדען. פאר קונדען האט ער נישט מורא געהאט, וויילערשטענס איז נאך צו פריה געווען, און פיעל קונדען קומען דעם גאנצען טאג אויך נישט אריין. ?

דאס געשעפט האט זיך נאך געגרינדעט אין דער צייט פונ'ם פער־שטארבענעם קעניג פריעדריך — און קארל ניקאלאוס פראנק האט עס גע'ירשנ'ט פון זיין פאטער, דאס געשעפט איז איצט נישט אזוי גלענצענדיג געגאנגען, און קארל פראנק האט געזאגט: אז אמאל האט מען שטיקער גאלד געמאכט, נאר זייט דער נייער האנדעל-סיסטעם

איז געקומען, האָט ער צום האנדעל אן אנדרע געמאכט, אלע אויסזיכ־טען צוגעשפערט, יעדער אונטערנעהמונג אונטערבראכען און ס'האָט פשוט אלע געשעפטס־לייט מיט'ן אונטערגאנג געסטראשעט. אזוי האָט פאלק אליין געזאָגט, אנדערע האָבען אָבער געזאָגט: אז דאָס געשעפט ווערט שלעכט געפיהרט, אויך האָט זיך נישט ווייט פון דאָרט, אויף שלייען־פּלאַץ א געפעהרליכער קאָנקורענט דאָס זעלבע געשעפט גע־מאכט.

אָבער פאלק איז געווען קלוג גענוג נישט צו רעדען צו פיעל וועגען די שלעכטע געשעפטען וואָס ער מאכט אין זיין קראָם, ווען אן אלטער געשעפטס־פריינד האָט איהם אמאָל געפרעגט אין פריינדליכען וועג, פאר וואָס ער מאכט אזוי ווייניג געשעפטען אין קראָם, האָט ער איהם דערצעהלט, אז ער גיט זיך איצט זעהר ווייניג אָן מיט'ן קליין האנדעל, ער האנדעלט איצט גרויס אויף דער פּראָווינץ, די קראָם דאָ האלט ער מעהר אויס געוואוינהייט און פאר פּראָבען בלויז... מען האָט איהם דאָס געגלויבט, ווייל אונטער די קראָם האָט ער געהאט א קליינע קאָנ־צעליי וואו ער איז מעהרסטען טיילס דאָרט געזעסען. אָבער פאר זיינע גוטע בעקאנטע אזוי פאר'ן גאטאר און בירגערמייסטער פון שטאָדט, האָט ער געזאָגט דעם אמת, אז ס'איז שלעכטע צייטען און שולדיג אין דעם איז נאָר דער נייער האנדעלס־סיסטעם. די פריינט זיינע האָבען עס צוגעגעבען, ווייל זיי אליין זיינען אויך געווען געגען נייע סיסטע־מען...

א יונגעל וואָס האָט געפרעגט וויפיעל אן אנגעל קאָסט האָט איהם געשטערט פון'ם לעזען דעם ראָמאן. קוקענדיג אין גאס ארויס, האָט ער דערזעהן דעם יונגען העררן ארוויד פאלק, און ווייל ער האָט טאקע ביי איהם זיך געליהען דאָס בוך, האָט ער עס נישט בעדאַרפט בעהאלטען. ווען ארוויד איז אריינגעקומען האָט ער פריינדליך בעגריסט, זיי זיינען אמאָל ביידע געווען שפּיעל־חברים.

— איז ער אויבען? — האָט ארוויד געפרעגט מיט עפּעס אונרו־היגקייט.

— יא, ער טרינקט איצט גראָדע קאַפע, — האָט אנדערסאָן גע־ענטפערט צייגענדיג אויפ'ן באלקען. ס'האָט זיך געהערט פונקט איבער זייערע קעפּ, ווי א שטוהל האָט זיך גערוקט.

— איצט איז ער פון טיש אויפגעשטאנען, חער ארוויד.

ביידע האָבען שוין געוואוסט די בעדייטונג פון דעם גערויש, אין דער צייט האָבען זיי געהערט שריט אין אלע זיימען פון'ם אויבערשטען צימער און אויך אַ פערשטיקטער געמורמעל האָט זיך געהערט דורכ'ן באַלקען.

— איז ער נעכטען אווענט געווען אין דער היים? — האָט דער יונגער פאלק געפרעגט.

— ניין, ער איז אין דער היים נישט געווען.

— מיט וועמען איז ער אַוועקגעגאנגען, מיט די פריינד אָדער די בעקאנטע?

— מיט די בעקאנטע.

— איז ער שפּעט אַ היים געקומען?

— גאַנץ שפּעט.

— דענקט איהר, אַנדערסאָן, אַז ער וועט באַלד אַרונטערקומען? איך וואָלט נישט געוואָלט אַרויפגעהן, דורך מיין שוועגעריןן.

— זיכער קומט ער באַלד אַרונטער, דאָס דערקען איך אין זיינע שריט.

ביי דעם האָט זיך געהערט ווי אויבען האָט זיך אַ טיר צוגעמאַכט, זיי האָבען זיך ביידע אָנגעקוקט, אַרוויד האָט געמאַכט אַ בעוועגונג אַזוי ווי ער זאָל וועלען אַוועקגעהן, דערמאַנט זיך אָבער עפּעס און איז שטעהן געבליבען.

איינינגע אויגענבליק שפּעטער האָט זיך געהערט פון'ם קאַנטאָר צוערשט אַ בייזער הוסט, דערנאָך די בעקאַנטע שריט איבער'ן קליינעם צימער וואָס קלינגען אַזוי ווי: שטאַמפּף - שטאַמפּף, שטאַמפּף.

אַרוויד איז צוגעגאַנגען צו דער קאַנטאָר־טיר און האָט אָנגע־קלאַפּט.

— אַריין!

אַרוויד איז געשטאַנען פאַר זיין ברודער. דער איז געווען ביי פירציג יאָהר אַלט, מיט 15 יאָהר עלטער פון אַרוויד'ן, און טאַקע דורכדעם או זאויך אויס אַנדערע גרינדע האָט ער איהם בעטראַכט ווי אַן איינגעל צו וועלכען ער איז אַ פאָטער. קאַרל האָט בלאָנדע האָר, בלאָנדע וואָנצען און בלאָנדע אויגען־ברעמען. ער איז געווען גענוג דיק דאָדורך האָט ער אַזוי געקענט מיט די פיס קלאַפּען, און זיינע שריט האָבען זיך געהערט דורכ'ן באַלקען.

— דו ביזט עס בלויז, — פרעגט ער מיט ליעבליכקייט און פער־

אכטונג צוזאמען. אָט דיזע צוויי אייגענשאפטען זיינען שטענדיג ביי איהם געווען צוזאמען ווען ער האָט מיט איינעם גערעדט, וועלכער איז אין א געוויסער בעציהונג געשטאַנען הינטער איהם, ער איז נישט בייז געווען אויף אזאלכען, נאָר ער האָט איהם בלויז פעראכטעט.

— איך שטער דיר דאָך נישט, ברודער קארל ? — האָט ארוויד געפרעגט בלייבענדיג שטעהן ביי דער טיר. אָט די דאָזיגע אונטערטע־ניגע פראַגע האָט געברענגט דערצו אז קארל איז געוואָרען בלויז ליעב־ליך, פאר זיך האָט ער גענומען א ציגאר פון ציגארען־טאַש, וואָס איז געלעגען אויף׳ן שרייב־טיש, און ארוויד׳ן האָט ער געהייסען נעהמען א ציגאר פון׳ם קעסטעלע, וואס איז געשטאַנען נעבען קאמין, ער האָט דאָס גערופען : בעזוכס־ציגארען.

— נאָ, וואָס וועסטו עפּעס זאָגען ? — האָט קארל געפרעגט פער־רויכערענדיג זיין ציגאר.

— איך האָב געוואָלט איבער אונזערע געשעפטען רעדען — האָט ארוויד געענטפערט גלעטענדיג זיין נאָך נישט פעררויכערטען ציגאר.

— זעץ דיך ! — האָט דער ברודער קאמאנדירט.

שטענדיג איז געווען זיין געוואוינהייט צו הייסען זעצען די יעניגע ווען ער דאַרף זיי עפּעס א פערלאנג אויסהערען, ווייל דאמאָלס האָט ער זיי אונטער זיך און קען זיי צומאַהלען — ווען ס׳איז נעטיג.

— אונזערע געשעפטען ? האָבען מיר דען געשעפטען צוזאמען ?

— האָט ער אָנגעפאנגען. — איך וויים נישט פון דעם ! האָסטו עפּעס געשעפטען ? דו ?

— איך מיין נאָר, אז איך וואָלט וועלען וויסען, אויב איך האָב נאָך עטוואס צו בעקומען.

— וואָס זאָל זיין, וואָלט איך וועלען פרעגען ? זאָל עס אפשר געלד זיין ? וואָס ? — האָט קארל שפּאסיג געפרעגט לאַזענדיג זיין ברודער דעם געשמאַק פון׳ם פיינעם ציגאר געניסען. ווען ער האָט אָבער קיין ענטפער נישט בעקומען, האָט ער ווייטער גערעדט :

— אויב דו האסט נאָך עטוואס צו בעקומען ? האָסטו דען שוין נישט אלץ געקראָגען וואס דו האסט געדארפט ? האָסטו נישט אליין די רעכנונג אונטערגעשריבען ? האָב איך דיך נישט פון שטענדיג אָן ער־נעהרט און געקליידעט ? איך האָב דיר זאָגאר מעהר געגעבען וויפיעל ס׳איז דיר געקומען, איך האָב געדענקט, אז דו וועסט מיר צוריקגעבען ווען דו וועסט קענען, דו האסט עס אליין געזאָגט, איך האָב אלעס אויף־

געשריבען, כדי ווען ס'וועט קומען דער טאג ווען דו וועסט אליין אויף דיין ברויט פערדינען, זאל איך עס דיר צייגען, אבער דו האסט עס נאך ביז איצט נישט געטהאן.

— דאס וויל איך טאקע איצט טהאן, און טאקע דורכדעם בין איך אהער געקומען, איך וויל וויסען קלאר, אויב איך האב נאך עטוואס צו ערוואַרטען אדער איך בין עטוואס שולדיג.

דער ברודער האט געוואָרפען א דורכדרינגליכען בליק אויף זיין קרבן, כדי צו דערגעהן אויב ער האט עפעס נישט קיין הינטער־געדאנ־קען, דערנאך האט ער אנגעפאנגען ארומשפאציערען מיט זיינע סקריי־פענדיגע שיך אויף א שטיקעל פלאץ וואס איז געווען צווישען שפיי־קעסטעל און שירם־שטענדער; דאס קייטעל פון'ם זייגערעל האט גע־קלונגען, אזוי עס זאל עמיצען וואַרענען אז מען זאל צו איהם איצט נישט צו געהן, דער רויך פון'ם ציגאַר האט זיך געלעגט ווי א גע־וויטער־וואלקען, צווישען דעם אויווען און דער טיר, מיט אן אראבגע־בויגענעם קאפ און א געבויגענע פלייצע איז ער אזוי ארומגעגאנגען. אזוי ווי ער זאל עפעס א ראלע לערנען, און ווען ער האט שוין געדענקט, אז ער קען שוין די ראלע, איז ער געבליבען שטעהן פאר'ן ברודער, און האט לאנג און פאלש אויף איהם געקוקט, און מיט א קול אזוי ווי ס'זאל קומען פון א טיעף רחמנות'דיג הארץ פון א ברודער האט ער געזאגט:

— דו ביזט נישט עהרליך, ארוויד! דו ביזט נישט עהרליך.

יעדער צוהערער, א חוץ אנדערסאן, וואלט געמיינט אז אט די ווערטער זיינען געזאגט געוואָרען מיט אמת, מיט טיעפען געפיהל פון א ברודער צו א ברודער, ארוויד אליין, וואס האט פון קינדהייט גע־וואוינט געווען צו גלויבען, אז אלע מענשען זיינען גוט, נאר ער אליין איז שלעכט, האט אין דער מינוט אמת'דיג זיך איבערגעלעגט, צו איז ער עהרליך צו נישט, צום סוף האט עס איהם אויסגעוויזען, אז ער איז נישט אינגאנצען עהרליך, ווייל ער זאגט נישט אפען זיין ברודער, אז ער איז א שורקע.

— איך בין צו דער איבערצייגונג געקומען — האט ארוויד גע־זאגט, אז דו האסט מיך אבגענארט מיט א טייל פון מיין ירושה; איך האב אויסגערעכענט אז דאס שלעכטע עסען וואס דו האסט מיר גע־געבען, האסטו צו טייער גערעכענט, אויך די קליידער וועלכע דו האסט אויסגעטהאן און מיר געגעבען, האסטו טייער גערעכענט. איך וויס, אז

מיין אומגעלומפערט שטודירען האָט מיין פערמעגען נישט געקאָסט; און איך גלויב, אז דו ביזט מיר אַ היבשע גרויסע סומע שולדיג, איך דארף איצט דאָס געלד און איך וויל אז דו זאָלסט עס מיר אויסצאָה־לען.

אַ שמייכעל בעווייזט זיך אויף'ן בלאַנדען פּנים פון'ם עלטערען ברודער, און מיט אַ רוהיגע מינע אזוי ווי ער זאָל אויף דעם מאָמענט שוין יאהרען־לאַנג האָבען געוואַרט, האָט ער אריינגעשטעקט די האנט אין די הויזען־קעשענע, פון דאָרט ארויסגענומען שליסעלעך, אביסעל געקלונגגען אין דער לופט מיט זיי און איז מיט ערענסטקייט צוגעגאנגען צום קאסעקאסטען, ער האָט איהם אויפגעשלאָסען אביסעל צו שנעל ווי ער האָט געוואָ־ט, ער האָט פון דאָרט ארויסגענומען אַ שריפט וואָס איז געלעגען אָנגעגרייט אויף ווארטענדיג אויף דעם איצטיגען מאָמענט און ער האָט עס דערלאַנגט זיין ברודער:

— האסטו דאָס געשריבען? — ענטפער! האסטו דאָס געשרי־בען?

— יאַ! האָט ארוויד שטיל געענטפערט, ווילענדיג זיך אויסהוי־בען כדי אוועק צוגעהן.

— ניין, זיץ, זיץ!

קארלס טאָן איז געוועזען אזוי בעפעהלענדיג אזוי ווי מען הייסט אמאָל אַ הונט זיצען.

ארוויד איז געבליבען זיצען.

— וואָס שטעהט דאַ געשריבען? לעז! — „איך, ארוויד פאלק, אנערקען און איבערצייג,— אז — איך — פון מיין ברודער קארל ני־קאלאוס פאַלק, וועלכען מען האָט צו מיין אפּיקון געמאכט, — האָב מיין טייל ירושה איינגאנצען בעקומען, די סומע... און אזוי ווייטער.

וויפיעל די סומע איז האָט זיך קארל אליין געשעהמט צו זאגען.

— איצט זעהסטו שוין, אז דו אליין האָסט דיך אונטערגעשרי־בען, אז דו האָסט צו מיר גאָר נישט, און אליין גלויבסטו נישט! איז דאָס עהרליך, פרעג איך? ניין! ענטפער אויף מיין פראַגע! איז דאָס עהרליך? ניין! האָסטו אפשר געמאכט אַ פאלש צייגעניש. דו ביזט אַ שורקע! יאַ, דאָס ביזט דו! האָב איך נישט רעכט.

די סצענע איז געווען צו שעהן, און קארלס טריאומפף איז געווען צו גרויס אז אן אנדערער זאָל עס נישט זעהן, דער אונשולדיגער אנ־געקלאָגטער מוז האָבען עדות, קארל האָט די מיר צום קראַם געעפענט.

— אנדרעסאָן! — האָט ער געררופען — ענטפּער מיר אויף איין זאַך! אבער הער זיך גענוי צו, ווען איך זאָל אויסשטעלען אַ פאַלשע צייגעניש, בין איך אַ שורקע אָדער ניט?

— נאַטירליך וואָלט דער הערר געווען אַ שורקע, — האָט אנדער־סאָן געענטפערט, פיהלענדיג זיך שטאָלץ, וואָס זיין בעל־בית פרעגט זיך ביי איהם.

— האָסטו געהערט, איך וואָלט געווען אַ שורקע ווען איך וואָלט געמאַכט אַ פאַלשע צייגעניש, ווען איך וואָלט אַ פאַלשע קוויטונג אונ־טערגעשריבען, יאָ, וואָס האָב איך געזאָגט? דו ביזט נישט עהרליך! דאָס האָב איך שטענדיג פון דיר געזאָגט, צופיעל גוטע מענשען זייר־גען מעהרסטענטיילס נישט עהרליך, דו ביזט תמיד גוטמוטיג און נאָכ־געביג געוועזען, איך האָב אָבער געזעהן, אז אין געהיים טראַגסטו דיך ארום מיט אַנדערע געדאַנקען; דו ביזט אַ שורקע! דאָס האָט דיין פאָ־טער געזאָגט, איך זאָג „געזאָגט“ ער האָט אָלע מאָל געזאָגט וואָס ער האָט געדענקט, ער איז שטענדיג געווען אַן עהרליכער מענש, און דאָס ארוויד, ביזטו נישט! וואָלט דער פאָטער איצט געלעבט, וואָלט ער מיט שמערצען און צאָרען געזאָגט: דו ביזט עהרליך, ארוויד! דו — ביזט — נישט — עהרליך!

ארוויד איז געזעסען שטיל; זיין נאַטור און די ערציהונג איז גע־ווען אזעלכע, אז ער האָט שטענדיג געוואָלט גלויבען, אז ער האָט אונרעכט. פון זיין קינדהייט אָן האָט ער תמיד נאָר געהערט די ווער־טער: ריכטיג, עהרליך, אויפריכטיג, אמת, טאָג־טעגליך כמעט יעדער שעה האָט ער נאָר געהערט די ווערטער און ער האָט שטענדיג געמיינט אז דאָס וואָס ער טהוט איז נישט עהרליך, נישט אמת. אויך אין דעם איצטיגען מאָמענט האָט ער אָנגעפאַנגען צו דענקען: אפשר האָט ער נישט גוט גערעכענט? אפשר האָט ער זיך טועה געווען, זיין ברודער איז אונשולדיג... און ער איז טאַקע אַ שורקע; אָבער באַלד האָט ער געזעהן אין זיין ברודער אַ בעטריגער, וואָס ווילען איהם מיט אַן אַד־וואָקאַטען־דריידעל בעשווינדלען און כדי אַ קריעג איצט אויסצו־מיידען האָט ער געוואָלט אוועקגעהן.

די שטילשווייגען האָט געדויערט לענגער ווי מען האָט געמיינט. קאַרל האָט צייט געהאַט זיין זיעג אין די געדאַנקען נאָך אמאָל צו בע־טראַכטען. דאָס וואָרט „שורקע“ האָט צו זיין צונג גוט געטהאָן, דאָס עפענען פון דעם קראַם־טיר, אנדרעסאָן'ס ענטפער און דאָס ארוויס־

געהמען פון׳ם פּאַפּיער... אַלץ איז אַזוי גוט געגאַנגען, דער שלום פון דער סצענע איז געווען אַזוי שעהן, ס׳איז געווען אַזוי ווי אַ נעץ וואָס האָט דעם פיש אין דעם פּלאָנטער אריינגעכאַפּט.

קאַרל האָט ווידער זיין געוועהנליכע רוהיגקייט צוריקגעווינען, ער האָט פערגעבען, ניין, פערגעסען. אַלץ פערגעסען, ווען ער האָט דאָס פּאַפּיער צוריק אריינגעלעגט און דעם קאַסע־קאַסטען פערשלאָסען. האָט זיך איהם אויסגעוויזען, אַז ער פערשליסט אויף שטענדיג די פּאַר איהם אנגענעהמע געשיכטע. אבער אַזוי האָט ער זיך נישט געוואָלט פון זיין ברודער שיידען, ער בעדאַרף פון עטוואס אנדערש מיט איהם רעדען, אַבער ווייסט אבער נישט וואס מיט איהם צו רעדען. אפשר איהם צום עסען איינלאַדענען? טראַכט ער, — מענשען וואָס זיצען ביים טיש און עסען און טרינקען זיינען צופריעדען, און ער וואָלט וועלען זעהען זיין ברודער צופריעדען.... אַבער דער איבערגאַנג פון׳ם פריהערדיגען געשפּרעך איז שווער. ער האָט נאָכגעטראַכט און גאַר נישט געפונען. ער האָט אין די קעשענעס געזוכט און האָט דאָרט אַ שאַכטעל צינדהעלצער געפונען, אָט האָט ער שוין אַן אנפאַנג...

— צום טייוועל! דו האסט דאָך נאָך גאַר נישט דעם ציגאַר גערויכערט, אַלטער יונג! — האָט ער געזאָגט שוין נישט מיט געמאַכטער ערענסטקייט.

אַבער ארוויד האָט אין דער צייט געשפּרעך דעם ציגאַר אַזוי צוקנייטשט אז ער האָט שוין נישט געקענט רויכערען.

— אָט האָסטו אַן אנדערען ציגאַר, — האָט קאַרל געזאָגט איהם דערלאַנגענדיג זיין לעדערנע ציגאַרען טאַש: — נאַ נעהם דאָס איז גוטע ציגאַרען, ארוויד, וואָס איז געווען אַזאַ אונגליקליכער מאָדערנער מענש, וואָס האָט קיינעם נישט געקענט בעליידיגען, האָט גענומען דעם ציגאַר, אַזוי ווי איינער וואס וויל זיך איבערבעטען, דערלאַנגענדיג איהם די האַנט.

— אָט אַזוי ברודער! — האָט קאַרל ניקאַלאוס ווייטער געזאָגט, און זיין טהאָן האָט געקלונגען געזעלשאַפטליך. — איצט וועלען מיר געהען צוזאַמען, דאָ נישט ווייט אין אַ קאַפע און מיר וועלען צוזאַמען פריהשטיק עסען.

ארוויד וואָס איז צו אַזאַ פריינדליכקייט נישט געוואוינט געווען, איז אַזוי שטאַרק געריהרט געוואָרען פון דער איינלאַדונג, האָט האַסטיג אַ כאַפּ געטהאָן דעם ברודערס האַנט און איז ארויסגעלאָפען; דורך די

קראם ארוים אין גאס אריין אפילו נישט געזעגענדיג זיך מיט אנדער־סאַנען.

קארל האָט זיך געוואונדערט, דאָס האָט ער שוין נישט געקענט פערשטעהן; וואָס זאל דאָס בעדייטען, אוועקלויפען גאר ווען איך האָב איהם איינגעלאדען מיט מיר צו פריהשטיקען; אנטלויפען נישט זייענדיג אין כעס! אוועקלויפען! דאָס וואלט דאָך קיין הונט נישט גע־טהאָן ווען מען ציינט איהם א שטיק פלייש!

— ער איז א זאנדערבארער מענש! — מורמעלט קארל אין זיך אריין שיירענדיג מיט א פוס אויף די פאדלאָגע. ער איז צוגעגאנגען צו זיין שרייבטיש, ער האט די שטוהל אזוי הויך אויפגעשרויפט ווי־פיעל ס'האָט זיך נאָר געלאָזט און האָט זיך ארויפגעשטעלט אין דער הויך. אזוי פלעגט ער אלע מאָל טהאָן, ווען ער האט געוואָלט פון דער הויך עטוואס בעטראכטען. פון דאָרט האָט ער געקוקט אויף מענשען און זאכען פון א „העכערען" שטאַנדפונקט. און ער האָט זיי אלע מאל קליין געפונען, אבער נישט אזוי קליין, אז צו זיין צוועק זאל ער זיך נישט קע־נען מיט זיי בענוצען.

## דריטעם קאַפיטעל.

## די קינסטלער־קאַלאָניע.

עס איז געווען צווישען אכט און ניין א זייגער אין א שעהנעם מאי־מארגען, אלס ארוויד פאלק איז נאָך דער סצענע מיט זיין ברודער אין דער גאס ארומגעגאנגען, מיט זיך אליין נישט צופריעדען, מיט זיין ברודער נישט צופריעדען, ער האָט זיך געוואונשען, אז דער הימעל זאל זיין פערוואלקענט, ער זאל זיין צווישען שלעכטע געזעלשאפט.

אז ער איז אמת'דיג א שורקע, דאָס גלויבט ער נישט, אבער צו־פריעדען מיט זיך איז ער נישט געווען; ער איז געוואוינט געווען פון זיך הויכע פאדערונגען צו פערלאנגען, ס'איז אין איהם געווען אזוי ווי איינגעווארצעלט, זיין ברודער ווי א טאטען צו בעטראכטען, פאר איהם גרוים אכטונג צו האָבען און איהם כבוד אבצוגעבען.... און אַט האָט ער איהם בעשווינדעלט... אויך אנדערע געדאנקען קומען אין זיין קאָפ אריין און מאכען איהם טרויעריג; ער איז אָהן געלד און אָהן בעשעפ־טיגונג. דאָס לעצטע איז אפשר דאָס ערגסטע, ארבייטסלאָזיגקייט איז פאר איהם געווען דער געפעהרליכסטער שונא.

מיט אזעלכע שלעכטע גריבלערייען איז ער אנגעקומען צו דער גארטען־גאס, ער איז געגאנגען מיט דעם לינקען טראטואר, ער איז

פערבייגעגאנגען דאס דראמאטישע טעאטער און איז באלד געוועזען אין דער נאָרדלאנד־גאס.

אָהן א ציעל האָט ער אזוי געוואנדערט אלץ ווייטער און ווייטער. דער ברוק האָט באלד אָנגעפאנגען נישט גלייך צו ווערען, אנשטאט די גרויסע שטיין־הייזער, האָבען זיך אָנגעפאנגען צו בעווייזען קליינע הילצערנע הייזלעך, אָרעם געקליידעטע מענשען האָבען פערוואונדערט געקוקט אויף דעם רייך געקליידעטען יונגען מאן, וואָס איז געקומען אזוי פריה זייער אָרעם קווארטעל צו בעזוכען. הונגעריגע הינט האָבען זיך ארומגעדרעהט ארום איהם און בייז געקנורעט אויף איהם; צווישען סאלדאטען, ארבייטער, משורתים, וועשערינס און לערען־יונגען האָט ארוויד אָנגעפאנגען שנעלער צו געהן, ביז ער איז ארויסגעקומען פון די נארדלאנד גאס און ער איז געקומען אין דער גרויסער האָפּענגארטען־גאס, ער איז אריינגעגאנגען אין גארטען, דעם גענעראל־מייסטערס קיה האָבען זיך שוין געפּאשעט, די אלטע לערע עפּעל־בוימער האָבען שוין אָנגעפאנגען זייערע בלעטעלעך צו צולאָזען, די לינדען זיינען שוין גרין געווען און די אייבען־הארן בליהמלעך האָבען שוין די פארבען קרוינען בעקומען. ער איז אריינגעגאנגען אין דער אלעע וואָס פיהרט צום טעאטער, דאָרט זיינען געזעסען יונגלעך וואָס האָבען אין שולען און אין קנעפּ געשפּיעלט, עטוואס ווייטער איז געלעגען א מאהלער־געזעלן מיט'ן רוקען אויפ'ן גראז און האָט געקוקט אין הימעל אריין, פייפענדיג א ליעדעלע אזוי זארגלאָז און פריי אזוי ווי ער זאל גאר נישט קלערען וואס דער מיינסטער ווארט ערגעץ פאר איהם, אין דער צייט זיינען פערשיעדענע פליגען ארום די פארבענטעפּ זשומענדיג ארומגעפלויגען.

פאלק איז אויף דער הויף פון'ם ענטען־טייך געקומען; דאָרט איז ער געבליבען שטעהען און האָט אָנגעפאנגען שטודירען די פערשיעדענע זשאָבעס, געקוקט אויף די פּיאווקעס וואָס זיינען ארומגעשוואומען אין עק פון'ם טייכעל און ביי דעם האָט ער זיך בעשעפטיגט מיט ווארפען שטיינער. דאָס האָט איהם געבראכט צו שטארקערע בלוט בעוועגונג און ער האָט זיך געפיהלט פערייונגט אזוי ווי א שול־יונגעל, פריי, הערליך פריי, ס'איז געווען א פרייהייט וואָס ער האָט מיט אמת'ער אויפאָפּפערונג פאר זיך געקויפט, ער קען זיך פריי נאָך זיין אייגענעם ווילען מיט דער נאַטור פערקעהרען, וועלכע ער פערשטעהט בעסער ווי די מענשען, וואס פערשטעהען איהם נישט און בעהאנדלען

איהם שלעכט. ער איז פרעהליך געווארען און זיין אונצופריעדענהייט איז פערשוואונדען פון זיין הארץ, ער איז אויפגעשטאנען און איז ווייטער אויפ'ן וועג צו דער שטאדט געגאנגען.

ער איז געגאנגען קרום אויס און האט זיך געפונען אויף נארד־זייט פון'ם האפען־גארטען, דארטען האט ער געזעהן אז אין דער צוים זיינען א פאר ברעטער אויסגעבראכען און עס זעהט זיך א שמאלער פוס־וועג, איז ער דורכגעקראכען און איז געגאנגען איבער'ן טאבאק־פעלד און איז צוגעקומען צו דער טיר פון „ליל־יאנס".

דא איז געווען דער גאנצער פריהלינג אויסגעבראכען. די דריי שעהנע הייזלעך וואס זיינען געשטאנען צווישען די בליהענדיגע ווערבענבוימלעך און די עפעל־בוימער, פונ'ם נארד־ווינד דורכ'ן פיכטען־וואלד און די אנדער זייט דורך לאנד־גאס געשיצט, א פאלשטענדיגער ליעבער ווינקעל איז דא געווען צוזאמענגעשטעלט, דער האהן איז געזעסען אויף א וועגמעל פון א וואסער עמער און האט געקרייהט, דער הונט צוגעבונדען צו א קייט, איז געלעגען און האט זיך געווארעמט אויף דער זון און האט געכאפט פליגען. האלב־געקליידעטע קינדער האבען אוועקגעטריבען די היהנער וואס האבען געציפט די קוים ארויסגעשפראצטע גרעזעלעך פון פערשיעדענע גרין־צייג. איבער דעם גאנצען פלאץ איז נעווען פערשפרייט א העל־בלויער־הימעל און הינטען איז דאס וואלד געשטאנען.

נעבען די בעטען נישט ווייט פון'ם צוים זיינען געזעסען צוויי מענער. איינער האט געטראגען א הויכען שווארצען הוט, אבגעבארשטע שווארצע קליידער, ער האט א לאנג, שמאל, בלאס געזיכט און האט אויסגעזעהן ווי א גלח. דער אנדערער האט געהאט דעם טיפ פון א ציוויליזירטער פויער מיט א פערוואקסענעם דיקען קערפער, אראבהענגענדיגע אויגען־דעקלעך, מאנגאלישע לאנגע דינע וואנצען, ער איז געווען זעהר שלעכט בעקליידט און האט אויסגעזעהען ווי א בראדיאגע, אן ארבייטער אדער א קינסטלער.

דער מאגערער, וואס האט אויסגעזעהן אזוי ווי ס'זאל איהם קאלט זיין כאטש די זון האט אויף איהם געשיינט, האט פארגעליינט פאר דעם דיקען פון א בוך, דער דיקער האט אויסגעזעהן אזוי ווי ער זאל שוין האבען פרובירט אלע קלימאטס און קען זיי אלע פערטראגען.

ווען פאלק איז דורכגעגאנגען דאס גארטען־טירעל, האט ער דייטליך געהערט וואס איינער לייענט פאר, און ער האט געדענקט, אז

ער מעג בלייבען שטעהן, זיך צוהערען און ער דאַרף נישט מורא האָ־בען, אז ער בעגעהט א פעהלער, וואס ער הערט זיך אונטער.

דער מאַגערער לעזט מיט א טרוקענער איינטאָניגער שטימע אָהן א שום קלאַנג, און דער דיקער גיט פון צייט צו צייט דורך א שטילען ברום זיין צופריעדענהייט צו. דער מאָגערער לעזט:

—„די העכסטען גרונדזאצען זיינען, ווי כ'האָב שוין געזאָגט, דריי: אן אבסאָלוט־אונבעדינגטער און צוויי געוועהנליכע אונבעדינג־טע. די ערשטע: דער אבסאָלוטער ערשטער ריין אונבעדינגטער גרונד־זאץ; דאַרף די האנדלונג אויסדרוקען, די ווי יעדער ווייסט, אז דאָס איז דער גרונד פון יעדער זאך און ס'מאכט יעדער זאך פאר מעגליך. מיר ווילען עס רופען, א־א. דאָס בלייבט אויף שטענדיג און קיינער קען עס נישט אנדערש מאכען, דאָס איז דער אורשפּרינגליכער פאקטום פון'ם מענשליכען בעוואוסטזיין, און מוז דאדורך תמיד אנערקענט ווערען. ווען דער מענש איז בעוואוסטזיניג פריי דאַרף אונבעדינגט פריי האנדלען". פערשטעהסט דו אלע? האָט זיך דער לעזער אונטער־בראכען.

— אָ, ס'איז פּראכטפאָל — „ער זאָל האנדלען אונבעדינגט פאָל־שטענדיג פריי" אָ! וואָס פאר א מאן! ווייטער, ווייטער!

—„ווען מען בעהויפּטעט, לעזט דער מאַגערער ווייטער, אז דיע־זער זאץ אָהן יעדען ווייטערען גרונד זיכער איז"...

— הער נאָר אזא אויספּראך — „אָהן יעדען ווייטערען גרונד" איבער'חזר'ט דער צוהערער, כדי עס זאָל אויף איהם נישט פאלען קיין פערדאכט, אז ער פערשטעהט נישט; „אָהן יעדען ווייטערען גרונד" — ווי פיין, ווי פיין, אנשטאט צו זאָגען איינפאך: „אָהן יערען גרונד".

— זאָל איך ווייטער לעזען? אדער דו ווילסט מיך יעדער מינוט אונטערברעכען?

— איך וועל דיך שוין מעהר נישט אונטערברעכען, לעז ווייטער, ווייטער!

—„א זיכערער זאץ מוז דוקא נישט האָבען קיין אינהאלט, עס איז דער פארם פונ'ם זאץ, דאס בעוואוסטזיניגע". פערשטעהסט?

אָלע האָט א שטילען ברום געגעבען.

פאלק האָט געגנוג געהערט, דאָס איז געווען די שרעקליכע פילא־זאָפיע פון אופסאלא, וואָס האָט אהער פערבלאָנדזשעט, פאלק האָט

נאכגעקוקט, צו די היהנער זיינען נישט פון זייערע פלעצער ארויסגע־פאלען, און אויב די פעטערישקע האט נישט אויפגעהערט צו וואקסען, ביים צוהערען פון די טיעפע פילאזאפישע ווערטער וואס זיינען דא פארגעלעזען געווארען, ער האט זיך געוואונדערט, פאר וואס דער הי־מעל איז נאך אויפ'ן זעלבען פלאץ, כאטש ער איז געווען אן עדות, צו דער קראפט־פראבע פונ'ם מענשליכען גייסט, צו דער זעלבער צייט איז די נידעריגע מענשליכע נאטור בעשטאנען אויף איהר רעכט: פאלק האט געפיהלט א גרויסע טרוקענהייט אין זיין האלז, און ער האט בעשלאסען אריינצוגעהן אין איינעם פון די הייזלעך און בעטען א גלאז וואסער.

ער האט זיך אומגעקעהרט און איז צוגעגאנגען צו א הייזעל וואס איז אין דער רעכטער זייט פון וועג קומענדיג פון דער שטאדט. די טיר איז געווען אפען, דאס צימער איז נישט געווען גרעסער פון א רייזע קופערט, ס'איז געשטאנען א שלאפבאנק, א צובראכענער שטוהל, א מאהלער־געשטעל און צוויי מעגליכע פארשוינגען. איינער איז גע־שטאנען ביים מאהלער־געשטעל, אנגעטהאן אין בלויזען העמד און די הויזען וועלכע א הונגער־פאס האט געהאלטען, ער האט אויסגעזעהן ווי א גנזלן, ער איז אבער געווען א קינסטלער, ער האט געמאהלען א סקיצע צו אן אלטאר בילד. דער אנדערער איז געווען א יונגער מאן פיינע געזיכטס־ציגען, און אמת גוט געקליידעט, ער האט דעם ראק אויסגעטהאן, זיין העמד ארומגעבויגען, און מיט זיין פרעכטיג שעהנע ברוסט דיענט ער דעם מאלער אלס מאדעל, זיין שעהן עדעל געזיכט טראגט אין זיך שפורען פון די פערגאנגענע לוסטיגע נאכט. יעדער וויי־לע שאקעלט ער מיט'ן קאפ זיך צוהערענדיג צום מאהלערס רעדען. ווען פאלק האט אויף דער שוועל ארויפגעטרעטען, האט עס גראד געהאל־טען ווי דער מאהלען האט דעם יונגען מאן גע'מוסר'ט.

—אז דו קענסט זיין אזא פאסקודניאק, מיט דעם דאזיגען לויי־פער זעלען, צו געהען טרינקען, איצט שטעהסטו דא און פערשווענדסט דיין גאנצען אין דער פריה אנשטאט צו זיין אין האנדעלס־שולע!

— דעם רעכטען אקסעל הויב אביסעל העכער! — אזוי! האסטו אמת'דיג דאס גאנצע געלד פערלומפט, אז דו וואגסט דיך נישט א היים צו געהן? האסטו גאר נישט מעהר? גאר גארנישט מעהר?

— א, עפעס האב איך נאך, אבער ס'איז נישט גענוג.

דער יונגערמאן האט פון קעשענע ארויסגענומען א צוזאמענגע־

וויקעלט פּאַפּיער און האָט פון דאָרט ארויסגענומען צוויי קראַנצן.

— גיב אהער, איך וועל זיי דיר בעהאַלטען, האָט דער מאָלער געזאָגט צונעהמענדיג די צוויי קראַנצן.

פאַלק, אומזיסט זיך בעמיהענדיג אז מען זאָל איהם בעמערקען, האָט איצט פאַר גוט געהאַלטען, ער זאָל אַזוי אונבעמערקט אוועקגעהן ווי ער איז געקומען, ער איז נאָך אַמאָל פערבייגעגאַנגען די צוויי פּי־לאַזאָפען און איז אוועק לינקס, נישט ווייט אוועקגעהענדיג, האָט ער דערזעהן א יונגען מאַן, וואס האָט זיין מאָלער־געשטעל נעבען די קליי־נע בוימעלעך ביים עק וואַלד אויפגעשטעלט. ער איז געווען א פיינע עלעגאַנטע געשטאַלט מיט א ביסעל שפּיציגען טונקעלען פּנים. זיין גאַנצער וועזען איז געווען מיט פולע זלעבען אנגעפילט. ער איז געגאַנ־גען אָהן הוט און ראָק, און האָט אויסגעוויזע זצו זיין פּאַרטרעפליך גע־זונט און פרעהליך. באַלד פייפט ער, באַלד זינגט ער פאַר זיך שטיל און באַלד רעדט ער צו זיך אליין.

ווען פאַלק איז נעהנטער צוגעקומען, האָט זיך יענער אומגע־דרעהט.

— זעלען! גוט מאָרגען, אַלטער פריינד!

— פאַלק! אַלטע בעקאַנטע ערגעץ אין וואַלד! וואס אין גאָטס נאָמען האָט דאָס צו בעדייטען, דאַרפסטו נישט אין דיעזער צייט אין דיין קאַנצעלאַריע זיין?

— ניין! אבער וואָהנסטו דאָ?

— יא, דעם ערשטען אַפּריל האָב איך זיך מיט א פּאָר בעקאַנטע אהער אריבערגעצויגען; אין שטאָדט זיינען די וואָהנונגען צו טייער גע־וואָרען, און די הויז־בעזיצער זיינען צו שטאָלץ.

א שמייכעל האָט זיך בעוויזען אויף זעלען׳ס ליפּען און זיינע ברוינע אויגען האָבען אויפגעבליצט.

— אזוי, — האָט ווידער פאַלק אָנגעפאַנגען, — דאַרפסטו דאָך קענען אָט די צוויי מענשען וואָס זיצען דאָרט נעבען דער צוים און שטו־דירען?

— א, די פּילאָזאָפען? אודאי קען איך זיי! דער לאַנגער איז אן אויסעראָרענטליכער אין בעאַמטער מיט 80 קראַנקע א יאָהר, און דער קורצער, איז אַלע מאַנטאַגוס, ער האָט אייגענטליך געדאַרפט אין דער היים זיצען און ווערען א בילד־הויער, אבער נאָכדעם ווי ער האָט זיך מיט איינבערג בעקענט און צו פּילאָזאָפירען אָנגעפאַנגען, האָט ער

אויפגעהערט ארבייטען און איצט געהט עס מיט איהם שנעל צוריק. ער האט ענטדעקט, אז די קונסט איז נישט מעהר ווי פראסטע זינליכעס.

— אבער פון וואס לעבט ער?

— איינגענטליך פון גאר נישט! אמאל דיענט ער ביי דעם פראקטישען לונדעל אלס מאדעל, קריגט ער דערפאר א שטיק ברויט, פון דעם לעבט ער א טאג. און ווינטער ערלויבט ער איהם אויף די פאדלאגע צו ליגען. „עטוואס ווארעמקייט געהט דאך פון איהם ארוים" זאגט לונדעל, אז דאס האלץ איז אזוי טייער, ס'איז דא געווען זעהר קאלט אין אפריל.

— ווי קען ער דיענען פאר א מאדעל, ער זעהט דאך אוים ווי אן אומגעלומפערטער בער?

— אט, ער נוצט שוין אמאל, ביי א גרופען־בילד מיט זיין געבראכענעם קערפער, פאר א רויבער. און ווען ער קעהרט זיך מיט'ן רוקען אום פאר א צווייטען רויבער.

— פאר וואס טהוט ער אליין גאר נישט? האט ער ניט קיין טאלאנט?

— אלע מאנטאנוס, מיין פריינד, איז א זשעניע, אבער ער וויל נישט ארבייטען, ער איז א פילאזאף, ער וואלט געווארען א גרויסער מאן, ווען ער וואלט נאר געקענט שטודירען. ס'איז אמת'דיג מערקווירדיג, איהם מיט איגבערג'ן צו הערען רעדען; ס'איז אמת אז איגבערג האט מעהר געלעזען, אבער מאנטאנוס האט אזא פיינעם קאפ, אז אפט מאל דריקט ער איגבערג'ן צו צום וואנט.

— אזוי, דו האסט ליעב פילאזאפיע? — האט פאלק געפרעגט.

— א, דאס איז פיין, אמת'דיג גוט! דו האסט דאך ליעב פיכטע? א, א, א וואס פאר א גרויסער מאן!

— וואס פאר א צוויי מענשען זיינען די אין הייזעל? — אונטערברעכט איהם פאלק, וואס האט נישט ליעב פיכטע.

— אזוי, זיי האסטו אויך געזעהן? יא, איינער איז דער פראקטישער לונדעל, פיגורען — אדער ריכטיגער קירכען־מאלער, און דער אנדערער איז מיין פריינד רעהנהעלם.

די לעצטע ווערטער האט זעלען מיט א גלייכגילטיגען טאן אויסגעשפראכען כדי ס'זאל מאכען א שטארקערען איינדרוק.

— רעהנהעלם?

— יאָ, אַ זעהר פיינער יונגער מאַן.

— און ער דיענט פאַר אַ מאָדעל?

— האָט ער עס געטהאָן? יאָ, דער לונדעל! ער פערשטעהט שוין די מענשען אויסצונוצען, ער איז אַ מערקווירדיגער פּראַקטישער מענש. אָבער קוים וועלען מיר אריינגעהן וועלען מיר זיך אביסעל רייצען מיט איהם; דאָס איז דאָס לוסטיגסטע וואָס איך האָב דאָ; דו וועסט אויך אפשר הערען מאַנטאַנוס'ן רעדען, דאָס איז ווירקליך אינטערעסאַנט.

נישט אַזאַ חשק צו הערען מאַנטאַנוס'ן רעדען, ווי אַ גלאָז וואַסער צו טרינקען, האָט פאַלק געפאָלגט זעלען'ען און איהם געהאָלפען אריינ־טראָגען דעם מאָלקאַסטען און די „שטאַפעליי".

אין הייזעל האָט זיך דערווייל די סצענע געענדערט. דאָס מאָדעל איז שוין געזעסען אויף דער צובראַכענער שטוהל און מאַנטאַנוס מיט אינגבערג'ן האָבען זיך אויף דער שלאָף־באַנק אוועקגעזעצט. לונדעל איז געשטאַנען נעבען זיין שטאַפעליי און האָט פאַר זיינע ארמע חברים פון אַ האָלצערנע ליולקע געררויכערט; די ווידער האָבען זיך בלויז גע־פרעהט מיט דער געגענוואַרט פון אַ רויכערנדיגע טאַבאַק־ליולקע.

ווען מען האָט פאַלק'ן פאָרגעשטעלט, האָט באַלד איהם לונדעל גע־נומען אין דער ארבייט, ער זאָל זאָגען אַ מיינונג וועגען זיין בילד. ס'זעהט אַזוי אויס, ווי רובענס, ווייניגסטענס נאָכ'ן שטאַף נאָך, ווען אפילו נישט מיט די פאַרב און די צייכענונג אבער גענוג עהנליך און קינסטלעריש צו רובענס אַ בילד, דערנאָך האָט זיך לונדעל אָנגעהויבען צו בעקלאָגען אויף די שווערע צייטען פון אַ קינסטלער. געמאַכט צו גאָר נישט די אקאַדעמיע, און גערעדט אויף די רעגירונג פאַר וואָס זי טהוט גאָר נישט פאַר די היימישע קינסטלער, ער האַלט איצט דאַביי אַ סקי־צע צו אַן אַלטאַר בילד צו מאָהלען, איז ער אָבער איבערצייגט, אַז מען וועט עס נישט אננעהמען, ווייל אָהן אינטריגען און חנופה קען מען צו גאָר נישט קומען. ביי דעם האָט ער געוואָרפען אַ בליק אויף פאַלק'ס קליידער כדי צו זעהען צו ער טויג פאַר איהם זיך מיט איהם גוט צו פערהאַלטען.

אַ גאַנץ אַנדערע ווירקונג האָט פאַלקס ערשיינען געמאַכט אויף די צוויי פילאָזאָפען, זיי האָבען אין איהם גלייך דערזעהן דעם „גע־לעהרטען" און האָבען איהם אָנגעפאַנגען האסען, ווייל ער קען נאָך זיי־ער אנזעהען, זייער גרויסקייט, וואָס זיי בעזיצען דאָ אין דעם קליינעם קרייז אוועקרויבען. זיי האָבען זיך איינס ס'אַנדערע מערקווירדיג אַנ־

געקוקט, זעלען האָט באַלד פערשטאַנען זייערע בילקען, ער האָט גע־וואָלט אביסעל לעבעדיג מאַכען, און ער האָט זיך געווענדעט צו איג־בערג׳ן:

— וואָס זאָגסטו עפּעס צו לונדעלס בילד, איגבערג?

איגבערג, נישט ריכטענדיג זיך אַזוי שנעל צום וואָרט צו קומען, האָ געמוזט אַ פּאָר סעקונדען נאָכדענקען, דערנאָך האָט ער מיט אַן ערהויבענע שטימע געענטפערט.

— אַ קונסטווערק קען נאָך מיין מיינונג אין צוויי קאַטעגאָ־ריען צוטיילט ווערען: אינהאַלט און פאָרם. וואָס אַנבעטרעפט דעם אינהאַלט פון דיעזען קונסטווערק האָט עס אַ טיעפען און אַלגעמיין מענשליכען אינהאַלט; דער מאָטיוו איז אַלס אַזאַלכער אַן און פאַר זיך פּרוכטבאַר און ענטהאַלט אַלע בעגריפענס־בעשטימונגען, וועלכע אַ קינסטלעריש־שאַפען מאַכט. וואָס אַנבעטרעפט דעם פאָרם, וואָס דאַרף אין זיך דעם פאַקט און בעגריף פערקערפּערען, דאָס אַבסאָלוטע פער־גלייכונג פונ׳ם „זיין״ פון׳ם „איך״ — מוז איך זאָגען, אַז ס׳איז ווענינגער ערפילט געוואָרען.

לונדעל האָט זיך געפיהלט געשמייכעלט פון דעם קריטיק און זיינע ליפּען האָט אַ פרעהליכער שמייכעל בעוואויגען, דער מאָדעל האָט געשלאָפען און זעלען האָט געמיינט, אַז איגבערג האָט געהאַט אַ פאַלשטענדיגען ערפאָלג, אַלעמענס בליקען האָבען זיך געווענדעט צו פאַלק׳ען, מען האָט געוואָלט הערען זיין מיינונג איבער דעם בילד.

פאַלק ווידער, וויסענדיג מיט וועמען ער האָט דאָ צו טהאָן, און אַז בלויז עפּעס אַ שווערער פילאָזאָפישער נאָמען קען זיי דעם קאָפּ פער־דרעהען, האָט אָנגעפאַנגען נאָכצודענקען אַ ביסעל און האָט זיך דאַן געווענדעט צו איגבערג׳ן:

— וואָס מיינט איהר מיט דעם: „בעגריפענס־בעשטימונגען״, איך קען זיך נישט דערמאַנען צו דער גרויסער אריסטאָטעלס האָט אַזאַ וואָרט געברויכט אין זיין מעטאַפיזיק.

אין צימער איז גאַנץ שטיל געוואָרען, און עס האָט זיך געפיהלט אַז ס׳איז אַ קאַמפּף צווישען די שטאַקהאָלמער קינסטלער קאָלאָניע און דער אוניווערזיטעט פון אופּסאַלאַ. די שטילקייט האָט נאָך לענגער גע־דויערט ווי מען האָט עס געוואָלט, ווייל איגבערג האָט נישט געקענט אריסטאָטעלען, און ער וואָלט בעסער געוואָלט שטאַרבען איידער צו זאָ־

גען, אז ער האָט אריסטאָטל'ען נישט געלעזען. דער צווייטער אַלע האָט איהם ארויסגעהאָלפען:

— כאָטשע אריסטאָטעלס האָט דאָס אין זיין מעטאַפיזיק נישט פון דעסטוועגען קען מען פערשטעהן וואָס מיין קאָלעגיע איגבערג האָט געזאָגט, האָב איך רעכט, מיינע הערשאַפטן? איך ווייס נישט! איך בין נישט קיין געלערענטער מאַן, אָבער הערר פאַלק האָט שטודיערט.

— אַלע האָט רעכט — האָבען אַלע געשריגען.

פאַלק זעהענדיג אז ס'איז נישט נעטיג צו דיסקוטירען האָט מעהר נישט געענטפערט.

לונדעל איז דערווייל געשטאַנען און געמאָהלען און האָט שנאָרבענדיג געצויגען פון דער לולקע. דער מאָדעל איז דערווייל זיצענדיג אויף א צובראָכענע שטוהל איינגעשלאָפען, וואָס אמאָל איז זיין קאָפּ אַלץ טיפער און טיפער געזונקען, אז 12 א זייגער איז שוין זיין קאָפּ געלעגען צווישען די קניהען. א גוטער מאַטעמאַטיקער וואָלט געקענט אויסרעכענען, ווי לאַנג ס'דאַרף דויערען ביז דער קאָפּ וועט דערגרייכען דעם מיטעלפּונקט פון דער ערד.

זעלען איז געזעסען ביים אָפענעם פענסטער און האָט זיך געקוויקט מיט די פריהלינג לופט, דער אונגליקליכער פאַלק אָבער האָט געמוזט זיין טאַלאַנט אלס גאַסט און אויסהערען די צוויי פילאָזאָפען זייערע נאַרישע פערפלאָנטערטע געדאַנקען.

דער מאָדעל האָט אזוי לאַנג מיט'ן קאָפּ טיעפער געזונקען ביז ער איז פון שטוהל אַראָבגעפאַלען, דער געשפּערך איז איבערגעהאַקט געוואָרען, און פאַלק מורא האָבענדיג ער זאָל זיך ווידער נישט אנפאַנגען האָט אַן אנדערע ווענדונג געגעבען:

— וואו וועלען די הערשאַפטען עסען מיטאַג?

ס'איז געוואָרען אזוי שטיל אז מען האָט געהערט די פליעגען זשומען; פאַלק האָט נישט געוואוסט אז ער האָט מיט דער פראַגע אזוי ווי אויף שלעכטע היהנער־אויגען געטרעטען.

לונדעל איז געווען דער ערשטער אונטערצוברעכען דאָס שווייגען, ער מיט זיין מאָדעל רעהנהעלם וועלען עסען אין „קאַכטאָפּ" ווייל דאָרט באָרגט מען זיי, זעלען וויל דאָרט נישט עסען ווייל ער איז מיט'ן עסען נישט צופריעדען, און פאַר אַן אנדערען רעסטאָראַנט האָט ער נאָך ניט בעשלאָסען, איגבערג און מאַנטאונס „האָבען צופיעל צו טהאָן" און זיי

ווילען זיך נישט „זייער ארבייטס טאָג קאליע מאכען" מיט דעם „וואָס זיי דאַרפען זיך איבערטהאָן און אין שטאָדט געהן", זיי ווען שוין בעסער זיך דאָ עפּעס פערשאפען; וואָס דאָס וועט זיין, האָבען זיי נישט געזאָגט.

נאָכדעם האָבען זיי זיך אָנגעפאנגען אָנטהאָן, די הויפּט זאך איז בעשטאָנען אין וואשען זיך ביי דער אלטער גארטען־ברונען.

זעלען וועלכער איז אלע מאל געווען א שטוצער, האָט אפּירגענו־מען פון אונטער דער שלאָפבאנק א פּעקעל איינגעוויקעלט אין צייטונגס־פּאַפּיער, און האָט פון דאָרט ארויסגענומען א קראגען, מאַנזשעטען און פּאַדער־העמדעל, אלעס פון פּאפּיער געמאכט, א לאנגע צייט האָט ער פערבראכט נעבען דער ברונען אויף די קניהען שטעהענדיג, כדי צו זעהען, אויב די ברוין־גרינע קראוואט וואָס א מיידעל האָט איהם געשענקט בינדט זיך גוט אוים און כדי די האָר זאָלען זיין גוט פער־קעמט, קיין שפּיעגעל האָבען זיי נישט געהאט, האָט דאָס וואסער פון דער ברונען פאר א שפּיגעל גענוצט. דערנאָך ווי ער האָט זיך די שיך מיט א בלאט אָבגעריבען, דעם הוט מיט׳ן ארבעל פון ראק אָנגעבארשט ערגעץ א בליהמעל אבגעריסען אינ׳ם לאָך פון לאץ איינגעשטעקט און דאָס שטעקעלע אין האנט גענומען, איז ער געווען פערטיג צום געהן. אויף זיין פראגע, אויב רעהנהעלם וועט באלד נאָכקומען, האָט לונדעל געענטפערט, אז ערשט אין א פּאָר שעה ארום, ווייל ער מוז איהם העל־פען ביים צייכענען. צווישען צוועלף און צוויי פלעגט לונדעל צייכענען. רעהנהעלם איז געווען אונטערטעניג און געפלאגט, כאטש ס׳איז איהם שווער געווען זיך צו שיידען פון זיין פריינד זעלען, וועלכען ער האָט ליעב געהאט און לונדעל׳ן האָט ער נישט געקענט ליידען.

—־יערענפאלם וועלען מיר זיך היינט אוונט טרעפען אין „רויטען צימער" — האָט איהם זעלען געטרייסט, צו דעם זיינען זיי אלע געווען אייניג אפילו די פילאָזאָפען און אויף דער מאָראלישער לונדעל.

אויפ׳ן וועג צו דער שטאָדט האָט זעלען זיין פריינד פאלק אין אלערליי געהיימניסען פון די קאָלאָניסטען פערטרויט געמאכט. ער אליין האָט אויפגעהערט געהען אין דער אקאדעמיע, ווייל זיינע אנזיכטען איבער קונסט איז געווען צו פערשיעדען פון דער קאָנסערוואטיווע אקאדעמיסטען. ער האָט געוואוסט, אז ער האָט טאלענט און ער וועט אמאל האָבען דעם גרעסטען ערפאָלג ווי לאנג ער זאָל נישט דארפען

ווארטען. אמת, איז עס זעהר שווער אָהן א קעניגליכען מעדאל זיך א נאָמען צו שאפען. אויף פערשיעדענע הינדערניסע האבען זיך איהם אין וועג געשטעלט; ער איז געבוירען געוואָרען אויף דעם האלב־אינזעל האלאנד, און ער האָט זיך אויסגעלערענט ליעב האָבען די גרויסע איינפאכע נאטור, אבער דאָס פובליקום און די קריטיק האָבען גראד ליעב יעדער איינצעלהייט און קלייניגקייט, דורכדעם פערקויפט ער וועניג בילדער, ער וואָלט געקאָנט אזוי גוט מאהלען ווי אלע אנדערע, דאָס וויל ער אָבער נישט, דאָס איז ביי איהם קיין קונסט נישט.

— לונדעל אבער, איז א פראקטישער מענש, — דאָס ווארט פראקטיש האָט זעלען שטענדיג מיט פערנאכטונג אויסגעשפראכען, — ער מאָהלט נאָך דעם געשמאק און נאָכ'ן וואונש פון דער מאסע, ער ליידעט קיינמאָל נישט פון ערפילען זיין קונסט־פערלאנג, ער האָט אויף די אקאדעמיע פערלאָזען, אבער פשוט אוים פראקטישע גרינדע, איגנאנצען אבגעבראכען מיט איהר האָט ער נישט, כאָטש ער דערצעהלט עס יעדען. פון זיינע צייכענונגען פאר אן אילוסטרירטע צייטונג האָט ער זיין אויסקומען, כאָטש ער האָט זעהר אן אונבעדייטענעם טאלאנט, מוז ער אמאָל גליק האָבען, נישט אזוי אלס קינסטלער, נאָר פון זיין פראקטישקייט און אינטריגען; דאָס האָט ער זיך אויסגעלערענט פון מאנטאנוס, וועלכער האָט זיך אייניגע פלענער געמאכט, לונדעל האָט זיך בענוצט מיט זיי און האָט געהאט ערפאָלג. האנטאנוס איז א זשעניע אבער שרעקליך אונפראקטיש.

רעהנהעלם איז א זוהן פון א געוועזענעם רייכען מאן פון נארדלאנד. זיין פאָטער האָט אמאָל געהאט א גוט, אבער דורך שלעכטע געשעפטען האָט ער עס פערלוירען, איצט איז דער אלטער אלדערמאן אָרעם, און זיין וואונש איז געווען, אז זיין זוהן זאָל עטוייאָס פון פערוואלטונג אויסלערנען און זעהן מיט פעהיגקייטען צו שאפע. אן אנדער גוט פאר זיין פאמיליע. דאדורך בעזוכט ער די האנדעלס־שולע, כדי ער זאָל זיך אויסלערנען לאנדווירטשאפטליכע בוכהאטלעריי, וועלכעס ער האָט פיינט, ער איז א גוטער יונג, נאָר אביסעל א שוואכער כאראקטער און לאָזט זיך פיהרען ביי דעם פראקטישען לונדעל'ן.

דערוויילע האָט זיך לונדעל און דער באראָן רעהנהעלם צו דער ארבייט גענומען, רעהנהעלם האָט געצייכענט און לונדעל איז רויכערענדיג זיין האָלץ־ליולקע געלעגען אויף דער שלאָף־באנק און אכטונג געגעבען.

— אז דו ועסט פלייסיג זיין, וועסטו מיט מיר געהן מיטאג עסען

אין „צינקאפ“ — האט לונדעל איהם פערשפראכען, וויסענדיג אז ער האט די צוויי קראנען וואס ער האט פריהער ביי איהם צוגענומען.

איגבערג און מאנטאנוס האבען זיך אויף דער וואלד־הויך צוריק־געצויגען, כדי איבער דער מיטאג שטונדע דארט צו שלאפען. מאנטא־נוס האט זיך געפיהלט צופריעדען פון זיין זיעג איבער פאלק'ן, אבער איגבערג איז געווען צופריעדען, ווייל זיין תלמוד האט איהם איבערגע־טראפען, חוץ דעם האט ער קאלטע פיס בעקומען און איז געווען אויסער־געוועהנליך הונגעריג, ווייל בלויז דאס רעדען פון עסען האט זיין פער־שלאפענעם געפיהל אויפגעוועקט.

זיי האבען זיך געלעגט אונטער א בוים; איגבערג האט זיין בע־ריהמט בוך אין פאפיער איינגעוויקעלט און עס בעהאלטען אונטער זיין קאפ, כדי מאנטאנוס זאל עס נישט לייענען. ער האט זיך אין זיין גאנצע לענג אויסגעשטרעקט. ער איז בלייך געווען ווי א מת, קאלט און רוהיג ווי א בר־מנן וואס האט די האפנונג אויפגעגעבען אמאל תחית־המתים אויפצושטעהן. ער האט געזעהן ווי די פייגעל איבער זיין קאפ האבען די קערנדלעך פון'ם בוים געציפט, און די שאלען אויף איהם ארויפגעווארפען, ער האט געזעהן ווי א גרויסע שטארקע קוה האט זיך אויפ'ן גראז געפאשעט, און ער האט געזעהן דעם רויך פון'ם גערט־נערס קוך דורכ'ן קוימען ארויסגעהן.

— ביזטו הונגעריג, אלע? — האט ער געפרעגט מיט א שוואכע שטימע.

— ניין, — האט אלע געענטפערט ווארפענדיג הונגעריגע בליקען צו דעם בעריהמטען פילאזאפישען בוך.

— וואלט איך א קוה געוועזען!... — האט שטיל זיפצענדיג איג־בערג געזאגט. ער האט צוזאמענגעלעגט די הענט איבער זיין ברוסט און האט זיין נשמה צוזאמען מיט'ן הונגעריגען מאגען, דעם דערבארמדיגען שלאף איבערגעגעבען.

ווען מאנטאנוס האט געזעהען אז זיין פריינד שלאפט שוין, האט ער שטיל און פארזיכטיג, אפירגעצויגען דאס בעריהמטע בוך פון אונ־טער זיין פריינד'ס קאפ, לייגענדיג זיך אויפ'ן בוך, האט ער מיט גרוים חשק אנגעפאנגען לייענען, פערגעסענדיג אז ערגעץ אין „צינקאפ“ אדער אין „קאכטאפ“ איז דא אזעלכעס ווי מיטאג עסען.

## פיערטעס קאַפּיטעל.

## הערדען און היינט.

עס זיינען איינינע טאָג פערגאנגען. קארל ניקאָלאוס פאלק׳ס צוויי און צוואנציג יעהריגע פרוי האָט גראד איהר קאפּע אין בעט געטרונקען, אין דעם גרויסען שעהנעם הימעל־בעט אין דעם גרוימיגען שלאָף־צימער. דער זייגער איז ערשט געווען צעהן, דער מאַן איז שוין זייט 7 א זייגער נישט געווען, ער איז געווען ביים וואסער איבערצונעהמען דעם פלאקס וואָס איז מיט דער שיף געקומען. נאָר נישט ווייל זי האָט זיך פערלאָזען, אז ער וועט אזוי שנעל נישט קומען, האָט זי זיך די פרייהייט גענומען נאָך אַזוי שפּעט אין בעט צו ליגען, כאָטשע ס׳איז געווען געגען די פיהרונג פון׳ם הויז, ס׳איז ערשט געווען צוויי יאָהר נאָך איהר חתונה, זי האָט אָבער גענוג צייט געהאט, אין דעם אלטען קאזערווערטיווען הויז וואו אלץ איז אלט געווען, אפילו די דיענסטען, פערשיעדענע רעפארמען איינצופיהרען. די מאכט צו דעם האָט זי בעקומען, ווען איהר מאַן האָט איהר ליעבע ערקלעהרט און זי איז אזוי גנעדיג געווען, איהם, איהר יאָ צו זאָגען, דאָס הייסט, זי איז געווען אַזוי גנעדיג זיך צו בעפרייען פון איהר פערהאסטען עלטערען־הויז, וואו זי האָט געמוזט יעדען טאָג זעקס א זייגער אויפשטעהן און א גאנצען טאָג ארבייטען. איהר פערלאבונגס־צייט האָט זי גוט אויסגענוצט: דאמאָלס האָט זי זיך פון איהר חתן אלע פערזיכערונגען פערשפּראָכען; כדי זי פּערזענליך אהן די אריינמישונג פון איהר מאַן זאָל קענען פיהרען א פריי אונאבהענגיגעס לעבען. דיעזע פערזיכערונגען זיינען אמת׳דיג געווען בלויז פערשפּרעכונגען, וואָס יעדער פון ליעבע קראנקער מאַן גיט צו דעם געגענשטאַנד פון א מיידעל וואס ער האָט ליעב, אבער זי, וואָס איז נאָך ביי איהר גאנצען פערשטאַנד געבליבען, האָט די אלע פערשפּרעכונגען געדענקט און האָט שטארק לויט זיי געלעבט. דאַגעגען אָבער דער מאַן האָט נאָך צוויי־יעהריגע הייראט, פון וועלכע קיין קינדער איז נאָך נישט געווען, די נייגונג געהאט, אלע דיעזע פערפליכטונגען: אז די פרוי זאָל שפּעט שלאָפען, אזוי לאנג ווי זי וועט נאָר אליין ווילען, די קאפּע אין בעט טרינקען, און נאָך אנדערע זאכען, אַט דאָס אלץ צו פערגעסען. נאָך מעהר, ער האָט איהר שטענדיג דערמאנט, אז ער האָט זי פון׳ם נידעריגען אויפגעהויבען, ער האָט זי פון א גהינום בעפרייט, ער אליין האָט זיך ביי דעם אויפגעאָפּפערט, ווייל ער

איז אריין אין אזא נידעריגע משפחה ווי איהרע, איהר פאטער איז גע־
ווען א שטיקעל סארזשאנט ביי די פלאטע.

ענטפערס אויף די דאזיגע און עהנליכע פארוואורפען האט זי
איצט ליגענדיג נאך אין בעט געזוכט, און ווייל איהר פערשטאנד איז
קיינמאל פון רויש נישט געווען פערנעפעלט, זי איז קיינמאל שטארק
אין איהר מאן נים פערליעבט געווען, האט זי תמיד געוואוסט ווי אזוי
און וואס זי זאל איהם זאגען.

מיט אמת'ן פערגעניגען האט זי זיך צוגעהערט צו די סמנים פון
איהר מאנ'ס צוריקקומען. די טירען פון עס־צימער האבען זיך אויף און
צוגעמאכט, און גלייכצייטיג האט זיך געהערט א שטארקער געבריל, א
מין אויסגוס פון כעס איבער איהר לאנג שלאפען. הערענדיג דאס, האט
זי לאכענדיג איהר קאפ אין קישען בעהאלטען, ס'האבען זיך טריט
געהערט און אין דער טיר צום שלאף־צימער האט זיך דער מאן בע־
וויזען, אן אויסדרוק פון כעס איז געווען אויסגעשפרייט איבער זיין
פנים. דעם הוט האט ער נישט אראבגענומען, זיין פרוי האט זיך מיט
דעם רוקען צו איהם געדרעהט און האט מיט איהר זיסע שטימע איהם
געזאגט:

— דו ביזט עס, מיין נארעלע? קום נעהנטער! קום נעהנטער!

איהר „נארעלע" האט קיין חשק נישט געהאט צוצוגעהן נאר ער
איז געבליבען שטעהן ביי דער טיר און האט געשריגען:

— פאר וואס איז דער פריהשטיק־טיש נאך נישט געדעקט? פאר־
וואס?

— פרעג די דיענסט; איך דארף דעם טיש נישט דעקען! אבער
מען דארף דאך דעם הוט ארונטערנעהמען, אז מען קומט אריין אין צי־
מער, מיין הערר!

— וואס האסטו געטהאן מיט מיין מיצעל?

— איך האב עס פערברענט, ס'איז שוין געווען אזוי פעט, אז דו
האסט שוין געמעגט זיך שעהמען אזאלכעס אויפ'ן קאפ צו טראגען.

— אזוי, האסט עס פערברענט, נא. איבערדעם וועלען מיר שפע־
טער רעדען, פאר וואס ליגסטו נאך אזוי שפעט אין בעט, אין דער צייט
וואס מען דארף אכטונג געבען אויף די דיענסטען?

— ווייל איך האב פערגעניגען פון דעם!

— דענקסטו, אז איך האב חתונה געהאט מיט א פרוי, זי זאל
נישט וועלען אכטונג געבען אויפ'ן הויז? וואס?

— יא, דאָס האָסטו טאַקע! און פאַר וואָס מיינסטו האָב איך מיט דיר חתונה געהאַט? דאָס האָב איך דיר שוין טויזענד מאָל געזאָגט — כדי איך זאָל נישט דאַרפן אַרבייטן — און דאָס האָסטו מיר פאַר־שפּראָכן! זאָג, איז דאָס נישט אמת? האָסטו מיר נישט פאַרשפּראָ־כן? קענסטו אויף עהרע און געוויסן ענטפערן, אַז דו האָסט מיר נישט פאַרשפּראָכן? זעהסטו שוין וואָס פאַר א מאַן דו ביזט! פּונקט אַזוי ווי אַלע אַנדערע!

— יא, דאָס איז געווען דאַמאָלסט!

— דאַמאָלסט! ווען איז דאָס געווען? איז דען א פאַרשפּרעכען נישט אויף אַלע מאָל גילטיג? איז עס נאָר אויף א בעשטימטע צייט?

דער מאַן האָט נישט געקענט דיעזע געזונטע לאָגיק דאַגעגען זיין און די גוטע לוינונג פון זיין פרוי האָט אַזוי געווירקט ווי אָפט מאָל איהרע טרעהרען — ער האָט זיך אונטערגעגעבען.

— היינט אָוועגט וועל איך האָבען בעזוך! — האָט ער ער־קלעהרט.

— אַזוי, בעזוך וועסטו האָבען? וואָסאַרע, מענער־בעזוך?

— נאַטירליך מענער! די ווייבער קען איך נישט ליידען.

— האָסטו שוין אודאי פאַרשיעדענע זאַכען איינגעקויפט, כדי אָנ־צוגרייטען פאַר דעם בעזוך.

— ניין, דאָס זאָלסטו טהאָן!

— איך! נישט, איך האָב נישט קיין איבעריג געלד פאַר דעם, מיין הויזהאַלטונגסגעלד וועל איך זיכער נישט פאַר עקסטראַ זאַכען אויסגעבען.

— אודאי נישט, פאַר דעם דאַרפסטו דיר קויפען דיינע „טואַלע־טען" און אַנדערע שמאַכטעס.

— דו רופסט עס שמאַכטעס, איז אפשר א שלאָף־הויב נישט ניצ־ליך? האָב איך נישט געדאַרפט א פּאָר פּאַנטאָפעל? זאָג! ענטפער מיר אויפריכטיג.

זי האָט פאַרשטאַנען איהרע פראַגען שטענדיג אַזוי צו פאָרמאַ־לירען, אַז דער מאַן האָט פּשוט נישט געוואוסט וואָס צו ענטפערען. זי האָט עס געלערענט אין זיינע אייגענע שולע, ער האָט זיך מיט אַנדערע אַזוי געפיהרט... ער האָט זיך ווידער אונטערגעגעבען.

— איך האָב אמת'דיג אויסזיכטען היינט אָוועגט ביי מיר געסט צו האָבען, מיין אַלטער פריינד פריטץ לעווין פון דער פּאָסט איז נאָך

19 יעהריגען דיענסטצייט אלס אויבער פאסטמייסטער אויפגענומען געווארען, ס'איז נעכטען אווענט געשטאנען אין דער פאסט צייטונג. נאר ווייל ס'איז דיר ינשט אנגענעהם, און דו ווייסט אז איך טהו דיר אליץ צוליעב, וועל איך מיין פריינד לעווין און דעם מאגיסטראטאר ניס־טרעם אונטען אין מיין קאנטאר אויפנעהמען.

— אזוי, איז לעווין איצט געווארען אויבער פאסטמייסטער? דאס איז דאך גוט, וועט ער דיר אפשר שוין דאס געלד אבגעבען וואס ער איז דיר שולדיג.

— יא, יא, איך דענק אויך אזוי!

— אבער זאג מיר דאך, ווי אזוי קענסטו מיט אזא ארומלויפער ווי לעווין פערקעהרען? און אויך דער מאגיסטראטאר! זיי זיינען דאך די אמת'ע לומפען, אפילו די קליידער וואס זיי טראגען זיינען דאך נישט זייערע.

— הער אמאל, אלטע, איך מיש זיך נישט אין דיינע אנגעלעגענ־הייטען און איך בעט דיך, אז דו זאלסט דיך אין מיינע אויך נישט מישען.

— ווען דו וועסט אונטען בעזוך האבען, פאר וואס זשע זאל איך דא אויבען נישט קיין בעזוך האבען?

— אודאי קענסטו.

— נו, מיין טהייערער, גיב־זשע מיר עטוואס געלד!

— דער טייערער וואס איז מיט דעם רעזולטאט צופריעדען געווען, איז נאכגעקומען דעם בעפעהל.

— וויפיעל ווילסטו האבען? איך האב היינט זעהר ווענינ געלד.

— א, איך בין מיט פופציג צופרידען.

— ביזטו משוגע?

— משוגע בין איך נישט! נאר איך בעט דיך גיב מיר וויפיעל איך פערלאנג! איך דארף נישט צו הונגערען אין דער צייט ווען דו וועסט זיך ערגעץ מיט דיינע פריינד אונטערהאלטען.

דער שלום איז געשלאסען געווארען.ביידע פארטייען האבען צו־פריעדען זיך צושיידט. ער וועט נישט דארפען קיין שלעכטען פריהשטיק אין הויז עסען. אווענט וועט ער מעגען עסען וואו ער וועט וועלען, ער וועט נישט דארפען האבען קיין שלעכטען געוויסען, לאזענדיג זיין פרוי אליין אין הויז, ווייל זי האט אליין געזאגט, אז זי וועט האבען געסט

און זי וויל גראד איהם אין הויז נישט האָבען — דאָס אַלץ איז ווערט פופציג קראָנען.

ווען דער מאן איז אוועקגעגאנגען האָט די פרוי פאלק געקלונגען נאָך'ן דיענסט־מיידעל. האָט זיך געהייסען דערלאנגען פאפיער און טינט און האָט צו דער פרוי רעוויזאָר האָמאן, וואָס האָט געוואָהנט גע־נענאיבער איהר הויז געשריבען פאָלגענדען צעטעל:

„ליעבע עוועלינע!

„קום היינט אוועגט צו מיר טעה טרינקען, וועלען מיר קענען רעדען איבער די שטאַטוטען פון דער פעראיין „פאר פרויען רעכט" אפשר וועט מען קענען א באזאר אָדער אַ פאָרשטעלונג מאכען. איך בענק זעהר אין דעם, דעם פעראיין צו אָרגאַניזירען; עס איז א נויטיגער בעדארף, אז אזא פעראיין זאָל עקזיסטירען. אזוי ווי דו זאָגסט עס אלע מאָל, און ווען איך דענק נאָך, זעה איך אז דו האָסט רעכט, דענקסטו אפשר, אז די געגעדיגע גרעפין וועט אויך קומען, אָדער דארף איך זי פריהער בעזוכען? קום צו מיר צוועלף א זייגער מיטאָג וועלען מיר געהן אין קאנדיטאָריי טשאָ־קאָלאדע טרינקען. מיין מאן איז נישטאָ.

„דיינע עגיניע.

„נ. ב. — מיין מאן איז נישטאָ... פערשטעהסט..."

ענדיגענדיג שרייבען איז זי אויפגעשטאנען, האָט זיך אָנגעטהאָן, כדי צוועלף א זייגער פארטיג צו זיין.

עס איז געוואָרען אווענט, אין דער מזרח זייט פון דער לאנג־גאַס האָט אָנגעפאנגען שוין טונקעל צו ווערען, דער זייגער פון דער דייטשער קירכע האָט געשלאָגען זיעבען, נאָך א שוואכער ליכט־שיין פון פערקענס־געסעל איז אריינגעפאלען אין פאלק'ס קראם. אנדערסאָן האָט די קראם פערמאכט, אין קאנטאר זיינען שוין די לאדענס געווען פער־מאכט און די גאז האָט שוין געברענט. ס'איז געווען אויסגעקעהרט און צוזאמענגערוימט, נעבען דער טיר איז געשטאנען א קארב מיט פלע־שער, וואָס זיינען ביי די העלזער געווען פערקלעבט מיט טריעף־וואקס און צין־בלעטעלעך, אין דער מיט צימער איז געשטאנען א טיש מיט א וויים טישטוך בעדעקט, אויפ'ן טיש איז געשטאנען א שעהן געשליפע־נע גלאָז שיסעל און א זילבערנע מנורה.

קארל ניקאלוס פאלק שפאצירט אויף און אב, ער האָט זיך אָנגע־טהאָן אין א שווארצען אנצוג און זעהט אויס עלעגאנט און פרעהליך. ער

האָט רעכט צו פערלאַנגען א געמיטליכען אווענט, ער האָט אליין דער־פאַר בעצאָהלט און אליין איהם אראַנזשירט. ער איז ביי זיך אין הויז און דאַרף זיך פאַר קיין פרויען ניט זשענירען, און זיינע געסט וועלען שוין נאַטירליך פערשטעהן, אז ער האָט רעכט צו פערלאַנגען, ניט נור אויפמערקזאַמקייט און העפליכקייט, נאָר נאָך עטוואס מעהר. ס'זיי־נען טאַקע ניט מעהר ווי צוויי געסט, אבער ער האָט ניט ליעב קיין סך; דיעזע זיינען זיינע פריינד, אונטערטעניגע און איבערגעגע־בענע הינט; שטענדיג פול מיט שמייכלערייען צו איהם, זיי וועלען איהם קיינמאָל ניט ווידערשפּרעכען. מיט זיין געלד וואָלט ער זיך אפשר בעסערע פריינד געקענט שאַפען, אנשטענדיגערע, און טאַקע דא־דורך פערברענגט ער צוויי מאָל אין יאָהר מיט די פריינד פון זיין פאַ־טער. זיי זיינען אבער ניט אונטערטעניג, ער איז צופיעל דעספּאָט און ער מוז האָבען שקלאַפען אויף וועלכע ער זאָל קענען ווי אויף ווע־רים טרעטען, דאָס האָט ער ביי די צוויי געפונען.

דער זייגער איז געווען דריי מינוט נאָך זיעבען, די געסט זיינען נאָך ניט געווען. פאַלק האָט אָנגעהויבען צו ווערען אונגעדולדיג, ער איז געוואוינט געווען, ווען ער האָט מענשען בעשטעלט, אז זיי זאָלען פינקטליך קומען . . . דער געדאַנק אבער ווי איבערראַשט און אונטער־טעניג די צוויי זיינען געווען, ווען ער האָט זיי איינגעלאַדען, האָט זיין אונגעדולט אויפגעהאַלטען. אין דעם איז פריץ לעווין דער פּאָסטמייס־טער אריינגעקומען.

— גוט'נ'אָווענט, מיין ליעבער ברודער — אך! — אויסטהוענ־דיג זיין אויבערמאַנטעל האָט ער מיט איבערראַשונג אנגעקוקט די פּאַרבערייטונגען, דער זיעבען רעהריגער לייכטער, איבערהויפּט דער קאָרב מיט די פלעשער, מיין גאָט! מיין גאָט! ווי הערליך! ווי פּאַר־טרעפליך!

דער פּאָסטמייסטער איז געווען א מאַן אין די מיטעל יאָהרען, א מאָדערנער טיפּ פון א קעניגליכען בעאַמטען, די וואַנצען און די באַ־קען־בערד צוזאַמענגענומען, גלייכע האָר. ער איז בלייך געווען ווי א מת. דאַר ווי א שטעקען, ער איז געווען עלעגאַנט אנגעטהאָן, ס'האָט אָבער אויסגעזעהן, אז אין אָרעמע קליידער פיהלט ער זיך בעקווע־מער.

פאַלק האָט איהם אויפגענומען אין א רויהער איבערלעגטער שטי־מונג, טיילס האָט ער געגעבען אָנצוהערען, אז ער פעראַכטעט שמייכלע־

ריי, חנופה, און טיילס אַז ער טהוט יענעם אַ טובה מיט דעם וואָס ער־לויבט איהם צו זיין זיין פריינד.

— נאָ, דאָס מוז זיין אַ שעהנער געפיהל, צו האָבען אַ קעניגלי־כען דעקרעט אין קעשענע! מיין פאָטער האָט אויך געהאַט אַ קעניגלי־כען דעקרעט!...

— פערצייה, ליעבער ברודער, איך בין נאָר בלויז איינגעשריבען באַר אַ דעקרעט.

— ס'איז אַלץ איינס; ווילסטו מיך לערנען וועגען דעם! מיין פאָטער האָט אויך געהאַט אַ קעניגליכען דעקרעט...

— איך פערזיכער דיך...

— פערזיכערען? וואָס מיינסטו מיט פערזיכערען? דענקסטו דען אַז איך שטעה דאָ און זאָג ליעגען? זאָג, מיינסטו ווירקליך אַז איך זאָג ליעגען?

— ניין, אויף קיין פאַל! דו דאַרפסט נישט באַלד אויפגערעגט ווערען!

— נאָ, דו זאָגסט צו, אַז איך זאָג נישט קיין ליעגען, נאָ, האָסטו דאָך שוין אַ קעניגליכען דעקרעט, נו וואָס שטעהסטו דען און פּלאַ־פּעלסט נאַרישקייטען! מיין פאָטער...

דער בלאַסער מאַן, וואָס האָט נאָך ביים אריינקומען געצייגט עט־וואָס פערלאַנגענדעס, האָט איצט געפונען פאַר גינסטיג צו רעדען מיט זיין בעל־טובה'ניק.

— העלף מיר, — האָט ער מיט אַמאָל אַרויסגעזאָגט, אַזוי ווי ער זאָל עפּעס שווערעס פון זיין האַרץ אַרונטערוואַרפען.

פאַלק האָט זיך געזעצט אויף דער סאָפע, ער האָט אַריינגערופען אַנדערסאָנ'ען און בעפוילען ער זאָל עפענען די פלעשער און ער זאָל אויך דעם פונש צוזאַמענמישען.

— איך זאָל דיר העלפען! האָב איך דיר שוין נישט געהאָלפען? האָסטו נישט ביי מיר פיעל מאַל געלד געליהען און נאָך נישט אָבגע־געבען? וואָס? האָב איך דיר נישט געהאָלפען? וואָס מיינסטו?

— מיין ליעבער ברודער, איך ווייס אַז דו ביזט תמיד געווען גוט צו מיר.

— און איצט ביסטו שוין פּאָסט־מייסטער? נישט אמת? נאָ, זאָל אַלץ גוט ווערען, דו וועסט אַלע חובות בעצאָהלען, און ס'וועט

זיך א גיי לעבען אנפאנגען. שוין זיינט אכצעהן יאהר האב איך דאס געהערט, וויפיעל געהאלט בעקומסטו איצט?

— צוועלף הונדערט קראנען, אנשטאט אכט־הונדערט וואס איך האב פריהער געקריגען; נאר איך בעט דיך הער מיך איצט אויס: דער דעקוריעט קאסט הונדערט און פינף־און־צוואנציג קראנען, די פענ־סיאנס־קאסע נעהמט פופציג, דאס מאכט שוין הונדערט פינף־און־זיבעציג קראנען, וואו זאל איך דאס נעהמען? און איצט קומט דאס ערגסטע, מיינע בעל־חובות האבען א האלבען געהאלט פון מיר פער־פענדעט, נו האב איך איצט בלויז זעקס הונדערט קראנען צום לעבען, אנשטאט וואס איך האב פריהער געהאט אכט הונדערט, און אויף דעם האב איך געווארט נײנצעהן יאהר. וואס קלעהרסטו ברודער, ס'איז א פערגעניגען צו ווערען העכער, צו בעקומען א העכערע שטעלע.

— אמת, אבער פאר וואס האסטו דיך אזוי פיעל פערשולדיגט? מען זאל זיך נישט פערשולדיגען; קיינמאל נישט — דו הערסט!

— אז יאהרען לאנג האט מען נישט מעהר ווי הונדערט רייכס־טאלער א חודש.

— נו בלייבט מען נישט ביי דעם, זוכט מען עפעס אנדערש, אבער די אלע זאכען געהען מיר נישט אן!

— ווילסטו נישט נאך איין איינציג מאל אונטערשרייבען?

— דו קענסט מיין נאטור, איך אונטערשרייב קיינמאל נישט, נו זאל שוין זיין גענוג פון דעם!

ס'האט אויסגעזעהן, אז לעווין איז שוין געווען געוואוינט צו די אבזאגונגען, און ער האט זיך בערוהיגט. אין דעם אויגענבליק איז אויך אריינגעקומען דער מאגיסטראטאר ניסטערם, און האט צו ביידענס פערגעניגען דעם געשפרעך אונטערבראכען. ער איז געווען א טרוקע־נער מענש פון עטוואס געהיימניספולען אויסזעהן און עלטער; זיין בעשעפטיגונג איז אויך געווען געהיימניספול, ער איז אמאל געווען א לעהרער אין א שולע, וואו ערגעץ, האט קיינמאל קיינער נישט גע־פרעגט. זיין אויפגאבע צו זיין אין פאלקס געזעלשאפט איז געווען ערשטענס, ווייל ער האט פערגעניגען געהאט אז מען רופט איהם דעם טיטעל „מאגיסטראטאר", צווייטענס, צו זיין אונטערטעניג און העפ־ליך; דריטענס, צו קענען זיך ווען נישט ווען אביסעל געלד לייהען, העכסטענס פינף קראנען, ווייל עס האט שוין באלאנגט צו פאלק'ס גייסטיגע בעדארפעניש אז מענשען זאלען צו איהם קומען, אז פון

איהם געלד לייהען, נאַטירליך נישט קיין סך; פּערמענס, די יום־טוב־דיגע שטימונג צו שרייבען פּערזען, דאָס איז געווען גאַנץ וויכטיג אין זיין אויפגאַבע.

איצט איז קאַרל ניקאָלאוס פאַלק געזעסען, ער נאַטירליך אויף דער לעדער־סאָפע, כדי מען זאָל נישט פערגעסען אז דאָס איז זיין סאָפע, אַרומגענעבען מיט זיין גענעראַל־שטאַב, אָדער בעסער געזאָגט זיינע הינט...

לעווין האָט געפונען אז אַלץ איז גרויסאַרטיג, די גלאָז־שיסעל, די גלעזער, די ציגאַרען, די שוועבעלעך, די אַש־בעכערס, די פלעשער, די קאָרקען, די אייזען־דראָטען, — אַלץ אַלץ. דער מאַגיסטראַטאַר האָט אויסגעזעהן צופריעדען און ער האָט נישט געדאַרפט רעדען, דאָס האָבען די אַנדערע צוויי געטאָן, ער האָט נאָר געדאַרפט זיין דאַביי, כדי אין פאַל אז מען וועט איהם דאַרפען זאָל ער קענען אַן עדות זיין.

פאַלק האָט זיך אָנגעגאָסען דאָס ערשטע גלאָז און האָט געטרונקען, צו ווען ער האָט געטרונקען, דאָס האָט קיינער נישט געוואוסט אָבער דער מאַגיסטראַטאַר ניסטרעם האָט געגלויבט, אז ס'איז פאַר'ן העלד פון טאָג און ער האָט ארויסגענומען די פּערזען וואָס ער האָט לכבוד איהם אָנגעשריבען און האָט אָנגעפאַנגען לעזען:

„פּריץ לעווין איז געוואָרען אויבער־פּאָסט־מייסטער“.

פאַלק האָט אָנגעהויבען שטאַרק צו הוסטען, און האָט געשטערט דאָס פאַרלעזען.

אָבער ניסטרעם, וועלכער איז קלוג געווען, האָט דאָס פריהער אוים געזעהען און האָט אויך דעם פערלאַנג פון פאַלק אין זיינע פּערזען אריינגעפלאָכטען:

„וואָס וואָלט געווען מיט פּריץ לעווין געשעהן, ווען קאַרל ניקאָלאוס פאַלק וואָלט איהם נישט געווען פערזעהן?“

דער דאָזיגער וואונק אויף די טובות וואָס פאַלק האָט געטהאָן, האָט געמאַכט אז פאַלק האָט אויפגעהערט הוסטען און מען האָט דעם שלום פון'ם פּערז שוין בעסער פערשטאַנען, און לעווין איז אָבער בייז געוואָרען, די האַרמאָניע איז געשטערט געוואָרען, פאַלק האָט אויסגעטרונקען זיין גלאָז און דאַביי אַ מינע געמאַכט, אזוי ווי ער זאָל אויסטרינקען אַ פולען בעכער מיט אונדאַנקבאַרקייט.

— דו ביזט היינט נישט אזוי וויציג ווי אַלע מאָל, — האָט ער געזאָגט צו ניסטרעם.

— נײן, אין דײן אכט־און־דרײסיגסטען געבורטס־טאג איז עס פיעל װיציגער געװעזן — האט לעװין זיך אנגערופען, װיסענדיג צו װאס דער געשפרעך װעט פיהרען.

פאלק האט דורכגעפארשט מיט אײן בליק די געהײמסטע װינקלען פון זײן נשמה, כדי נאכצוזעהן אויב ס'איז דארט נישטא עפעס א בע־טרוג פערבארגען — און װײל ער איז געװען צו שטאלץ עפעס צו זעהען, האט ער גאר נישט געזעהן, ער האט זיך געװענדעט צו ניס־טרעם:

— יא, איך מײן אויך אזוי! דאס איז געװען דאס װיציגסטע װאס איך האב װען געהערט, ס'איז אזוי גוט געװען, אז מען האט עס געקענט לאזען דרוקען, הער נאר, ניסטרעם! דו מוזט זעהן דײנע זאכען זאלען געדרוקט װערען, דו קענסט עס בעשטימט פון אויסענ־װײניג; נישט אזוי?

ניסטרעם האט א שלעכטען זכרון, אדער דעם אמת זאגענדיג האט ער געמײנט, אז זײ האבען נאך װעניג געטרונקען כדי שוין די אונ־פערשעהמטהײט און דעם גוטען געשמאק צו שטערען; און ער האט געבעטען, אז מען זאל עס אבלעגען אויף שפעטער. אבער פאלק, װאס די שטילע װידערזעצונג האט איהם געררײצט און ער איז שוין צו װײט געגאנגען כדי אבצולאזען פון זײן פערלאנג, האט געװאלט אז זײן װאונש זאל ערפילט װערען, ער האט זיך זאגאר דערמאנט, אז ער האט אן אבשריפט פון יענע פערזען; ער האט געזוכט אין זײן בריעף־טאש און ריכטיג ער האט עס געפונען, ער אלײן װאלט זיך נישט געשעהמט עס פארצולעזען, װײל ער האט עס פיעל מאל געטהאן; ס'קלינגט אבער בעסער װען אן אנדערער זאל עס פארלעזען.

דער ארעמער הונט האט זײן אײגענע קײט געביסען, די קײט איז אבער צו שטארק געװען, זי האט איהם פעסט צוגעהאלטען, ער האט זיך אונטערגעגעבען. ניסטרעם האט פארגעלעזען: די אינטימסטע פער־העלטניסע פונ'ם לעבען זײנען אין די פערזען געװען פארגעשטעלט, אלץ װאס איז פערבונדען מיט דעם אכט־און־דרײסיג יעהריגען גע־בורטס־טאג, זײן אויפנאהמע אין דער געמײנדע, זײן ערציהונג און לערנען זײנען אין לעבערליכען ארט געװען פארגעשטעלט. ס'װאלט יעדען אנשטענדיגען מענשען געװען געעקעלט פון דעם, אבער איצט איז עס גוט געװען.

װען ער האט געענדיגט פארלעזען, האבען זײ מיט יובעל געטרונ־

קען צום וואהלזיין פון פאַלק, דערנאָך איז דער טיש געוואָרען אבגע־רוימט, און מען האָט ארויפגעשטעלט א גרויסארטיגען נאכט־מאָל, אויסטערס, געבראָטענע היהנער און אנדערע גוטע זאכען. פאלק איז ארומגעגאנגען און האָט יעדען טעלער בעקוקט, אז ס'האָט איהם עפּעס נישט געפאַלען האָט ער געהייסען אנדערס ברענגען, ער האָט געזעהען, אז ס'זאָל זיין גענוג צום טרינקען. איצט זאָלען זיינע הינט זייער דיענסט טהאָן און איהם אָן אנגענעהם שוישפּיעל פאַרשפּיעלען. ווען אַליץ איז פערטיג געוואָרען, האָט ער ארויסגענומען זיין גאָלדענעם טאַ־שען־זייגער און האלטענדיג איהם אין זיין האנט, האָט ער די וויציגע פראגען געשטעלט צו וועלכע די אנדערע זיינען שוין געווען גע־וואוינט:

— וויפיעל איז אויף אייערע גאָלדענע זייגערלעך?

אונטערגעבענדיג און מיט פּאסענדיגען לאכען האָבען זיי גע־ענטפערט:

— די זילבערנע זייגערס פון די הערען זיינען ביי די זייגערמאַ־כערס.

דאָס האָט פאַלק'ן געבראַנגט צו פרעהליכקייט; די הינט פאָל־גען, האָט ער געטראַכט, און ער האָט ווידער א וויץ געזאָגט:

— אכט א זייגער גיט מען די חיות צו עסען!

דאָס זאָגענדיג האָט ער זיך אוועקגעזעצט, דריי שנאַפּסען אָנ־געגאָסען, ער אַליין האָט איינעם גענומען און האָט די אנדערע בעפוי־לען אויך אַזוי צו טהאָן.

— איך וועל אָנפאנגען אז איהר ווילט נישט! מאכט נישט קיין אומשטענדען! האקט אריין! טהוט אַזוי ווי איך היים!

זיי האָבען געפאָלגט... און איצט האָט זיך אָנגעפאנגען דאָס עסען. קאַרל ניקאַלאוס, וועלכער איז נישט שטארק הונגעריג געווען, האָט געהאַט צייט גענוג פערגעניגען צו האָבען פון דעם אַפּעטיט וואָס די אנדערע האָבען געהאַט מיט פּייפען, קלאַפּען און גראַבהייטען האָט ער זיי צום עסען אויפגעפאָדערט. אַן אונגעהייערער פערגעניגענדער שמייכעל איז געלעגען פערשפּרייט איבער זיין פּנים, צוזעהענדיג ווי זיינע הינט זיינען מיט'ן עסען בעשעפטיגט, ס'איז געווען שווער צו דערקענען פון וואָס ער האָט פערגעניגען, צי פון אַפּעטיט צום עסען אָדער ווייל זיי זיינען אזוי הונגעריג געווען. ער איז געזעסען ווי א קוטשער האָ־בענדיג פערגעניגען ווען זיינע פערד עסען מיט אַפּעטיט.

— עס, ניסטרעם! דו ווייסט נישט ווען דו וועסט נאך עפּעס קריגען, נעהם לעווין, נעהם! דו זעהסט אויס, אז דו דארפסט האבען פלייש אויף דיינע טרוקענעביינער! דו קרומסט דיך איבער די אויס־טערס, טויגען זיי אפשר נישט פאר אזא מענש ווי דו ביזט? וואס? נעהם נאך א שטיק! נעהם! נעהם! קענסט נישט מעהר? וואס פאר א נארישקייטען דו רעדסט! זעהסטו, איצט נעהם איך אויך א שטי־קעל! טרינקט ביער מיינע פריינד! צום טייוועל, נעהם נאך א שטיק לאקס! דו מוזט! זאל דיך דער רוח נעהמען! עס נאך! זאלסט עסען! דו הערסט? עס קאסט דיך דאך גאר נישט!

ווען אלעס איז שוין געווען אויפגעגעסען, האט פאלק מיט א מין פייערליכקייט אנגעגאסען די גלעזער מיט רויטען וויין, די אנדערע, פערשטעהענדיג אז דער בעל־הבית וויל א רעדע האלטען, זיינען גע־בליבען שטעהען אין מיטען קייען און חנפה׳דיג צו איהם געקוקט. פאלק האט זיין גלאז אויפגעהויבען און האט אויסגערופען:

— לחיים, חזרים!

ניסטרעם האט דעם טאאסט געענטפערט מיט דעם וואס ער האט זיין גלאז וויין אויך אויסגעטרונקען, אבער לעווין האט נישט געטרונקען. ער האט געפיהלט אזוי ווי א שארף מעסער שניידט ערגעץ וואו, נישט וויסענדיג דעם ארט.

ווען מען איז מיט׳ן עסען פארטיג געווארען, און לעווין האט זיך פון׳ם עסען און טרינקען געפיהלט געשטארקט און דער וויין איז איהם שוין אין קאפ אריין געקומען, האט ער אנגעפאנגען עטוואס א געפיהל פון אונאבהענגיגקייט צו פיהלען, און די שטארקע לוסט צו פרייהייט האט ערוואכט אין איהם. זיין קול איז געווארען פרייער און העלער, זיינע ווערטער האט ער ארויסגערעדט מיט זיכערהייט און האט זיך בעוואויגען פרייער.

— ציגארען אהער! — האט ער בעפוילען, — גוטע ציגארען נישט אט דאס מיסט.

קארל ניקאלאוס, וועלכער האט דאס געהאלטען פאר א געלונגע־נעם וויץ, האט געפּאלגט און האט דערלאנגט בעסערע ציגארען.

— עפּעס זעה איך נישט היינט אוועגט דיין ברודער — האט לעווין נאכלעסיג בעמערקט.

אין זיין שטימע איז געלעגען א מין אויפפאדערונג און א סטראָ־

שען. פאַלק האָט דאָס דערפיהלט און איז געוואָרען שלעכט גע־שטימט.

— ניין! — האָט ער קורץ געענטפערט, אָבער מיט אַן אונזי־כערען טאָן.

לעווין האָט אַ ווײַלע געוואַרט איידער ער האָט ווייטער גע־פרעגט. צו די בעשעפטיגונג וואָס ער האָט מיינסטענס פערמאָגט, האָט אויך געהערט דאָס זיך אַרײַנמישען אין פרעמדע אַנגעלעגענהייטען, ער האָט געטראָגען רכילות פון איין פאַמיליע צו דער אַנדערער. ער האָט שטענדיג אַנגעמאַכט מחלוקות, כדי דערנאָך צו זיין דער פערמיטלער פון שלום. דורכדעם האָבען די מענשען פאַר איהם אַביסעל מורא גע־האַט, און ער האָט זיי געקענט אַרומפיהרען אַזוי ווי מען פיהרט ליאַל־קעס אויף שטריקלעך.

פאַלק האָט געפיהלט דיעזען אונאַנגענעהמען איינפלוס וואָס לע־ווין האָט און ער האָט זיך פון דעם געוואָלט בעפרייען, נאָר ער האָט נישט געקענט, ווייל לעווין האָט פערשטאַנען ווי אַזוי צו לאָזען איהם פיהלען, און נאָך מעהר צייגענדיג ווי ער האָט אין דער אמת'ן גע־וואוסט, האָט ער אַזוי אַרומעט פון יענעם אויסגענאַרט די טיעפסטע סודות.

אַזוי האָט לעווין געהאַט אַ בייטש אין האַנט, און ער האָט זיך געשוואָרען, ער זאָל עס לאָזען זיין אונטערדריקער פיהלען, דערווייל האָט ער מיט איהר בלויז אין דער לופט געפאַכעט, אָבער פאַלק האָט שוין אויף דעם קלאַפּ געוואַרט. ער האָט געפּרואווט צו רעדען וועגען עפּעס אַנדערש, ער האָט אויפגעפאָדערט צו טרינקען, מען האָט גע־טרונקען, לעווין איז אַלץ געוואָרען בלייכער און קעלטער, אָבער דער רויש אין איהם איז געשטיגען, ער האָט געשפּיעלט זיך מיט זיין קרבן.

— דיין פרוי האָט היינט אוועקט אַ בעזוך. — האָט ער אַ זאָג געטהאָן גלייכגילטיג.

— ווי אַזוי ווייסטו דאָס? — האָט פאַלק געפרעגט.

— איך וויים אַלץ, — האָט לעווין געענטפערט, צייגענדיג איהם די צייהן. ער האָט עס טאַקע געוואוסט אויך, ווייל זיין פיעל פער־שפּרייטע געשעפטס־פערבינדונגען האָבען איהם גענויטיגט זעהר פיע־לע עפּענטליכע לאָקאַלען צו בעזוכען ווי ס'איז נאָר פאַר איהם מעג־ליך געווען, און דאָרט האָט ער אַ סך זאַכען געהערט, וואָס עס ווערט

נערעדט אין די גזעלשאפט ביי זיינע פריינד און אויך וואס מען רעדט ביי פרעמדע.

פאלק איז אמת'דיג טרויעריג געווארען, ער האט נישט געוואוסט פאר וואס, און ער האט פאר נויטיג געהאלטען, אז ער זאל די קומענדע געפאהר אבווענדען. ער איז געווארען העפליכער און אויך אונטערטעניג. לעווין אבער איז געווארען ביי זיך וואס אמאל שטארקער און שטאלצער. אם ענדע איז דעם בעל בית נישט אנדערש געבליבען, נאר ער זאל א רעדע האלטען, צו הערמאנען דעם אינהאלט פון דעם היינטיגען אווענט, אז ס'איז נאר אינגאנצען לכבוד דעם העלד פון'ם טאג לכבוד לעווין'ען, קיין אנדערע אויסוועג האט פאלק נישט געזעהן. ער איז טאקע נישט געוועזן קיין רעדנער, אבער דאך מוז עס איצט געשעהן. ער האט א קלאפ געגעבען אין די גלאז־שיסעל, אנגעגאסען די גלעזער, ער האט זיך דערמאנט אין אן אלטע רעדע, וואס זיין פאטער האט אמאל געהאלטען, ער האט זיך אויפגעשטעלט און האט מיט געצויגענע ווערטער אנגעפאנגען רעדען:

— מיינע הערערן! איך בין שוין אכט יאהר מיין אייגענער בעל־הבית; איך בין דאמאלס נישט מעהר אלט געוועזן ווי דרייסיג יאהר.

די ענדערונג פון זיצען צום שטעהען, האט איהם דאס בלוט געיאגט אין קאפ אריין און ער איז געווארען אביסעל צומישט. ער איז אזוי צומישט געווארען, אז די צאהל דרייסיג יאהר האט איהם אויסגעוויזען צופיעל.

— האב איך געזאגט דרייסיג? כ'האב עס אבער נישט געמיינט. איך בין דאמאלס געוועזן אין קאנטאר ביי מיין פאטער — פיעל יאהר, איך קען זיך יעצט נישט דערמאנען וויפיעל יאהר, ס'וואלט צו לאנג געדויערט ווען איך זאל וועלען אלץ דערצעהלען. וואס איך האב אין די יאהרען איבערגעלעבט, דאס איז שוין דער שיקזאל פון'ם מענשען. איהר דענקט אפשר, אז איך בין עגאאיסטיש....

— הערט! — האט ניסטרעם פערשטיקט א ברום געטהאן. אוועקלעגענדיג זיין מיעדען קאפ אויפ'ן טיש.

לעווין האט ארויפגעבלאזען דעם רויך אויפ'ן רעדנער אזוי ווי ער זאל איהם וועלען אנשפייען.

פאלק, וועלכער איז שוין איצט געוועזן שיכור, האט ווייטער גערעדט זוכענדיג מיט זיין בליק עפעס ערגעץ א פונקט און נישט גע־

פינענדיג וואו ער האָט ערגעץ צו קוקען.

— דער מענש איז עגאָאיסטיש, דאָס ווייסען מיר אלע. מיין פאטער וואס האָט געהאלטען א רעדע, ווען איך בין מיין אייגענער בעל בית געוואָרען, ווי איך האָב ערשט דערמאנט.

ער האָט ארויסגענומען דעם גאָלדענעם זייגער פון קעשענע, האָט איהם לויז געמאכט פון׳ם קייטעל. דיביידע צוהערער זיינען ער־שטוינט געוואָרען, אפשר וויל ער לעווין׳ען אן עהרען־געשענק מאכען?

— מיין פאָטער האָט מיר דאמאָלס דעם זייגער א מתנה געגע־בען, דאָס איז דערזעלבער וואָס ער האָט בעקומען פון זיין פאטער. דעם דאָזיגען גאָלדענעם זייגער האָב איך בעקומען, מיינע העררען! און תמיד וועל איך דעם מאָמענט געדענקען ווען איך האָב די מתנה נעקראָגען. איהר גלויבט אפשר אז איך בין עגאָאיסטיש, מיינע הער־רען? דאָס בין איך נישט, ס׳איז טאַקע נישט שעהן וועגען זיך אליין צו רעדען, אבער ביי א אזא געלעגענהייט ווי איצט, איז גוט מען זאָל געבען א בליק אין דער פערגאנגענהייט, איך וויל נאָר אן איינ־ציגע זאך דערצעהלען.

לעווין׳ען און די בעדייטונג פון דעם היינטיגען טאָג האָט ער אינ־גאנצען פערגעסען און ער האָט געגלויבט, אז עס האנדעלט זיך איצט נאָר וועגען איהם און וועגען זיין יוגענד. אָבער פּלוצלונג האָט ער זיך דערמאנט אין דער סצענע וואָס ר׳האָט געהאט היינט אין דער פריה מיט זיין ברודער, ער האָט דייטליך געפיהלט, אז ער דאַרף אי־בער דיעזען זיעג רעדען, ער האָט זיך אָבער אין די איינצעלהייטען מעהר נישט געקענט דערמאנען; נאָר בלויז אז ער האָט איהם בעוויזען, אז ער איז א שורקע; אלע בעוויזע זיינען איצט ארויס פון זיין זכרון; נאָר צוויי זאכען זיינען געבליבען: זיין ברודער און א שורקע; ער האָט זיי געפּרואווט צו פערבינדען. זיי האָבען זיך אבער אלץ צוטיילט — זיינע געהירען האָבען גענומען ארבייטען און ארבייטען, נייע בילדער האָבען זיך פאר איהם אויפגעוויקעלט, ער מוז איצט עפּעס פון א גוטע ערדעלע זאך רעדען וואס ער האָט געטהאָן אין זיין לעבען. ער האָט גע־נומען טראַכטען, אז ער האָט היינט אין דער פריה זיין פרוי געלד געגעבען, אז זי מעג שלאָפען אזוי לאנג ווי זי וויל נאָר און די קאווע אין בעט טרינקען, דאָס פּאסט זיך אָבער נישט איצט! ער האָט זיך גע־פונען אין אן אונאָנגענעהמע לאגע און ער טאָר איצט ניט שווייגען, אבער וואָס זאָגען?... אט שטעהט ער מיט׳ן זייגער׳ל אין האנט — ווי קומט

דאָס זייגערל אין זיין האַנט? טראַכט ער, פאַר וואָס זיצען זיי דאָ אין דער טונקעל און ער שטעהט? יאַ, אַזוי איז עס געוועזען, ער האָט זיי פון׳ם זייגער׳ל אַנגעפאַנגען דערצעהלען און זיי וואַרטען ער זאָל ווייטער דערצעהלען.

— דאָס זייגער׳ל, מיינע העררען! איז אַן איינפאַך זייגער׳ל, ס׳איז נאָר אויס פראַנצויזישען גאָלד.

די בייזע צוהערער, וואָס האָבען אַמאָל פערמאָגט זילבערנע זייגערלעך, האָבען געעפענט גרויסע אויגען, דאָס איז געווען פאַר זיי אַ נייעס.

— איך דענק, אַז ס׳האָט נאָר בלויז זיעבען רובינען, ס׳איז גאַר נישט אַזאַ מערקווירדיג זייגער׳ל — גיכער אַ שלעכט זייגער׳ל.

עפּעס איבער אַ געהיימע אורזאַך וואָס ער אַליין האָט קוים געוואוסט, איז ער געוואָרען בייז און ער האָט געמוזט עטוואָס האָבען אויף וואָס זיין כעס אויסצולאָזען. ער האָט גענומען קלאַפּען מיט׳ן זייגער׳ל אויפ׳ן טיש און געשריגען:

— ס׳איז אַ פערדאַמט שלעכט זייגער׳ל, זאָג איך, הערט זיך צו, ווען איך רעד! גלויבסטו מיר נישט, פּריטץ? ענטפער! דו זעהסט אַזוי פאַלש אויס. דו גלויבסט נישט וואָס איך זאָג! איך דערקען דאָס אין דיינע אויגען, פּריטץ, דו גלויבסט נישט וואָס איך זאָג, איך בין אַ מענשען־קענער, דו! און איך קען נאָך אַמאָל פאַר דיר גוט זאָגען! אָדער דו אָדער איך זאָג ליעגען, הער נאָר! זאָל איך בעווייזען, אַז דו ביסט אַ שורקע? הער, ניסטרעם! ווען — איך — זאָל שרייבען אַ פאַלשען שיין, בין איך דאַמאָלס אַ שורקע?

— געוויס ביזטו אַ שורקע צו אַלדי רוחות — יאַ!

פאַלק זוכט זיך צו דערמאַנען אויב לעווין האָט אַמאָל אַ פאַלשען שיין געשריבען, נישט געפינענדיג גאַר נישט, האָט ער געמוזט פון דעם אָבלאָזען.

לעווין איז געווען מיעד און ער האָט זיך געשראַקען אַז זיין קרבן וועט די בעזינונג פערלירען, און ער וועט מעהר קיין קראַפט נישט האָבען זיינע קלעפּ אויפצונעהמען. ער האָט אונטערבראַכען פאַלק׳ן זיין געשפּרעך און געזאָגט:

— לחיים, אַלטער שורקע, — אַרויסנעהמענדיג אַ צייטונג האָט ער געפרעגט פאַלק׳ן:

— האָסטו שוין געלעזען דעם „פאַלקס־פּאָהן“?

פאַלק האָט געקוקט אויף די צייטונג און געשוויגען, ער האָט געוואוסט אז דאָס אונפערמיידליכע מוז שוין קומען.

— אין דער צייטונג איז דאָ אן ארטיקעל איבער'ן „קאָלעגיום פאַר אויסצאהלונג פון די בעאמטען־געהאַלטער".

פאַלק איז געוואָרען בלייך אין פּנים.

— מ'זאָגט אז דיין ברודער האָט עס געשריבען!

— ס'איז א ליגען! מיין ברודער איז נישט קיין סקאַנדאַל־שריי־בער! מיין ברודער נישט, דו!

— אָבער אין דער אמת'ן האָט ער געדאַרפט דערפאַר ליידען מען האָט איהם פון זיין אמט אוועקגעיאָגט.

— דאָס איז א ליגען! דו זאָגסט ליגענט!

— ניין! ס'איז אמת, איבעריגענס, איך האָב איהם היינט מיטאָג געזעהען אין „ציין־קנאַפּ" מיט א לומפּ צוזאַמען, ס'איז א פערדאַמטער שאָד פאַר דיין ברודער.

דאָס איז אמת'דיג געווען דאָס ערגסטע וואָס האָט געקענט טרע־פען צו קאַרל ניקאָלאוס פאַלק, ער איז ענטעהרט, זיין נאָמען און זיין פאָטערס נאָמען — אלץ וואָס זיין אלטע בירגערליכע פאַמיליע האָט געשאַפען איז מיט אמאָל פערלוירען געגאַנגען. ווען ס'וואָלט איהם ווער דערצעהלט, אז זיין פרוי איז געשטאָרבען, וואָלט נאָך אַלעס ניט געווען פערלאָרען, ווען ער וואָלט ערגעץ אין געשעפט געלד פערלוירען, וואָלט עס איהם אויך נישט אזוי געאַרט, ווען ס'וואָלט איהם ווער גע־קומען דערצעהלען, אז זיינע פריינד, לעווין און ניסטרעם זיינען ווע־גען פאַלשקייטען ארעסטירט געוואָרען, וואָלט ער גאַנץ איינפאַך אָב־געלייקענט זייער בעקאַנטשאַפט, ווייל קיינמאָל איז ער מיט זיי אויף דער גאַס נישט געגאַנגען. אָבער די פערוואַנדטשאַפט מיט זיין ברו־דער קען ער דאָך נישט אָבלייקענען, ער איז דורך זיין ברודער ענט־עהרט געוואָרען, דאָס איז א טהאַטזאַך!

לעווין האָט א געוויסען פערגעניגען געהאַט דיעזע געשיכטע פאַר־צוברענגען, ווייל פאַלק, וואָס האָט קיינמאָל זיין ברודער קיין גוט וואָרט געזאָגט, ווען יענער האָט געהערט, האָט ער איהם שטענדיג גע־לויבט פאַר זיינע פריינד: „מיין ברודער, דער אסעסאָר! הם! דאָס איז א קאָפּ, ער וועט גרויס ווערען, דאָס וועט איהר שוין זעהן, דאָס האָט לעווין'ען תמיד פערדראָסען, און ער האָט געפיהלט, אז ער

האָט א גלענצענדע נקמה פון פאלק'ן גענומען, און איצט האָט ער שוין געדענקט אז מען דארף איהם טרייסטען:

— נא, דו מוזט עס נישט אזוי שרעקליך ערענסט צום הארצען נעהמען, מען קען דאך אויך זיין א מענש כאָטש מען שרייבט אין צייטונג, און וואס אנבעטרעפט דעם סקאנדאל, איז עס נישט אזוי געפעהרליך, אז מען גרייפט נישט אן בעשטימטע פערזענליכקייטען הייסט דאָס נישט קיין סקאנדאל, און נאָך אלעמען איז עס גאנץ שעהן געשריבען, אינטערעסאנט און וויציג, מען לעזט עס אין דער גאנצער שטאָדט.

די לעצטע פאָר ווערטער האבען פאלק'ן אין צארן אריינגע־בראכט:

— ער האָט מיין גוטען נאָמען בעשמוצט, מיין נאָמען! ווי אזוי זאָל איך זיך מארגען אויף די בערזע צייגען? ! וואָס וועלען די מענשען זאָגען?

די מענשען, האָט ער אייגענטליך זיין פרוי געמיינט, ווייל זי וועט זיך פרעהען מיט דעם פאל, ווייל ער וועט זיך שוין נישט קענען פאָר־שטעלען מיט זיין יוחס'דיגע פאמיליע, זיין פרוי וועט ווערען זיין גלייכען. — דער געדאנק האָט איהם ווי משוגע געמאכט, אויסער־געוועהנליכער מענשען־האס איהם האָט אנגעכאפט, ער האָט זיך גע־וואונשען אין דער מינוט, צו זיין אָט דעם ממזר'ס פאטער, וואָלט ער איהם פשוט פערשאָלטען, פערלייקענט און גענוג, אבער אלס ברודער קען ער דאָס נישט טהאָן, אפשר איז ער אליין עטוואס אין דער שאנדע שולדיג! האָט ער איהם נישט געצוואונגען די דאָזיגע שטעלונג אלס בעאמטער אָנצונעהמען? האָט ער אפשר דעם דאָזיגען ארטיקעל גע־שריבען נאָך דעם צוזאמענטרעפען פון אין דער פריה, אדער דורך די שלעכטע אומשטענדען וואָס ער האָט איהם געטריבען? ער? זאָל ע ר טאקע שולדיג זיין? ניין! דאָס קען ניט זיין, ער האָט קיינמאָל ניט קיין נידעריגע האנדלונג בעגאנגען; ער איז ריין פון דעם, ער האָט אכ־טונג און אנזעהן, ער איז נישט קיין סקאנדאל־שרייבער, ער איז קיינמאָל נישט אנטלאָפען. האָט ער נישט א פאפיער אין קעשענע, אז ער איז דער בעסטער פריינד מיט'ן בעסטען הארץ? האָט עס ניסטרעם ערשט נישט פארגעלעזען? יא! זיכער! ער האָט זיך צוריק צום טיש געזעצט כדי צו טרינקען, פשוט צו טרינקען, נישט צו בעטויבען זיין געוויסען, דאָס דארף ער נישט, ווייל ער האָט קיין אונרעכט נישט

בעגאנגען, נאָר בלויז זיין כעס צו דערשטיקען, אבער ס'האָט אבער נישט געהאָלפען, ער איז נאָך מעהר אין כעס געוואָרען און אויסגעלאָזט צו זיינע פריינד:

— טרינקט, איהר עלענדע חברה! אָט זיצט די דאָזיגע בהמה און שלאָפט! דאָס איז אביסעל פריינד! וועק איהם אויף, לעווין!

— אויף וועמען שרייסטו אזוי? — האָט דער בעליידיגטער לע־ווין געפרעגט מיט א ברומיגען טאָן.

— אויף דיר נאַטירליך!

צוויי בליקען האָבען זיך איבער'ן טיש געוועקסעלט, וואָס האָבען קיין גוטעס נישט פערשפּראָכען, פאלק'ס שטימונג האָט זיך געבעסערט זעהענדיג דעם צווייטען אין כעס, ער האָט גענומען א פול גלאָז מיט וויין און האָט עס אויסגעגאָסען אויף ניסטרעם'ס קאָפּ, דער מאגיס־טראַטאָר איז געוואָרען איינגאַנצען נאַס.

— טהו דאָס נישט נאָך אמאָל, — האָט לעווין סטראַשענדיג געזאָגט.

— ווער וועט עס מיר שטערען?

— איך! ——— יא, טאַקע איך. איך וועל נישט ערלויבען אזא שענדליכקייט, דו וועסט זיינע קליידער פערדאַרבען!

— זיינע קליידער! — האָט פאלק געלאַכט, זיינע קליידער! איז עס נישט מיין ראָק? האָט ער איהם נישט פון מיר בעקומען?

— איצט געהט עס שוין צו ווייט, — האָט לעווין געזאָגט אויפ־שטעהענדיג צום אוועקגעהן.

— אזוי, דו געהסט איצט! דו ביזט זאַט, דו קענסט שוין מעהר נישט טרינקען, דו דאַרפסט מיך שוין מעהר נישט היינט אוועגט; ווילסטו נישט ביי מיר א פינפער לייהען? וואָס! קען איך די עהרע האָבען דיר עטוואָס געלד צו לייהען, אָדער זאָל איך ליעבער אונטער־שרייבען? אונטערשרייבען, דו הערסט?

ביי דעם וואָרט „אונטערשרייבען" האָט לעווין די אויערען אויפ־געשטעלט, אזוי ווי א הונט ווען ער פיהלט אז זיין בעל־בית וויל איהם א גלעט טהאָן, ער איז ווייך געוואָרען:

—דו דאַרפסט נישט זיין אונגערעכט, מיין ברודער, איך בין נישט אונדאַנקבאַר, איך ווייס ווי אזוי דאָס גוטע צו שעצען; איך בין אָרעם, אזוי אָרעם ווי דו ביזט נאָך קיינמאָל נישט געוועזען און וועסט עס קיינמאָל נישט זיין, דו קענסט דיר גאָר נישט דענקען וויפיעל

ערנידערונגגען איך האב אין מיין לעבען געהאט; דיך אבער האב איך שטענדיג אלס מיין בעסטען פריינד בעטראכט, ווען איך זאג דאס ווארט פריינד, מיין איך עס מיט'ן גאנצען הארץ, דו האסט היינט אוועגט געטרונקען ביזטו פערדריסליך, און דו האסט אט אזוי גע־האנדעלט, איך בין אבער זיכער, אז א בעסער הארץ ווי דו האסט קארל ניקאלאוס, גיבט עס גאר נישט; און נישט צום ערשטען מאל זאג איך דאס, איך דאנק דיר פאר די אויפמערקזאמקייט וואס דו האסט מיר היינט אוועגט געשענקט, איך רעכען אז דאס אלץ איז גע־ווען לכבוד מיר, ווייל איך בין פאסט מייסטער געווארען. איך דאנק דיר מיין ברודער און איך טרינק פאר דיין געזונט, לחיים, ברודער קארל ניקאלאוס! דאנק! הערצליכען דאנק! דו האסט עס נישט אומזיסט געטהאן, איך דאנק דיר!

די דאזיגע ווערטער, וועלכע זיינען מיט א בעוועגענדער ציטערענ־דער שטימע גערעדט געווארען, האבען א מערקווירדיגע גוטע ווירקונג געמאכט. פאלק האט זיך גוט געפיהלט, האט מען נישט אויפ'ס ניי דערמאנט, אז ער האט א גוט הארץ? און ער גלויבט עס טאקע אליין אויך.

אנשטאט כעס און פערדרוס איז מען געקומען צום סענטימענטאַ־לען, זיי זיינען זיך איינס צום צווייטען נעהנטער געקומען, מען האט אנגעפאנגען רעדען נאך דער רייהע נאך פון יעדענס גוטע אייגענ־שאפטען, פון דער שלעכטע וועלט, ווי מען פיהלט ווארעם און וועל־כען גוטען ווילען מען האט, מען האט זיך איינס ס'אנדערע ביי די הענט געהאלטען, פאלק האט גערעדט פון זיין פרוי, ווי גוט ער איז צו איהר; ער רעדט פון דעם ווי גייסטיג ארעם זיין בעשעפטיגונג איז, ווי טיעף ער פיהלט זיין מאנגעל אין בילדונג, ווי זיין לעבען איז א פעה־לער; און ווען ער האט שוין דאס צעהנטע גלעזעל ליקער געהאט אויסגעטרונקען, האט ער לעווין'ען א סוד פערטרויט, אז ער האט אייגענטליך געוואלט זיין גלח, מיט גייסטיגעס זיך אנגעבען; נאר די אומ־שטענדען האבען נישט געלאזט. וואס ווייטער זיינען זיי געווארען גייסטיגער און גייסטיגער, לעווין האט דערצעהלט פון זיין פערשטאר־בענע מוטער פון איהר טויט און בעגרעבעניש, פון א פערלוירענע ליעבע און צו ענדע ווענען זיינע רעליגיעזע אנזיכטען, פון וועלכע ער האט נאך מיט קיינעם נישט גערעדט.

דער זיינער איז געווארען איינס און צוויי און מען האט נאך

געהאַלטען אין איין רעדען און טרינקען. ניסטרעם איז געלעגען מיט די הענט אויפ'ן טיש און איז געשלאָפען. דאָס צימער איז געלעגען אין אַ וואָלקען פון רויך פון די ציגאַרען. די זיעבען ליכט פון דער זיעבען רעהריגער מנורה זיינען שוין געווען אויסגעברענט, נאַר טונקעל האָט דער גאַז־פלאַם געברענט, דער טיש האָט טרויעריג אויסגעזעהן, פון אַ פּאָר גלעזלעך האָבען די פּיסלעך געפעהלט, דאָס אַש פון די ציגאַרען איז געווען פערשפּרייט אויפ'ן שמוציגען טישטוך, אויסגעברענטע שוועבעלעך האָבען זיך ארומגעוואַלגערט אויף די פּאָדלאָגע. דורך די שפּאַלטען פון די פענסטער־לאַדען האָט זיך שוין איצט אריינגע־שפּאַרט די טאָגליכט. ס'האָט זיך דורכגעבראָכען מיט לאַנגע שטראַה־לען דורך דעם רויך־וואָלקען און איז געפאַלען אויפ'ן טיש צווישען די פריינד עפּעס אַזוי ווי אַ מיסטישע פיגור.

די צוויי זיינען נאָך געזעסען און געפּלאַפּלעט, אָבער זייערע גע־הירען זיינען שוין געווען ־פערדומפּט, די ווערטער זיינען וואָס אַמאָל מעהר נאַרישער און טרוקענער ארויסגעקומען. די שפּאַנונג האָט אָב־געלאָזט, כאָטש מען האָט געהאַלטען אין איין איינהייצען... נאַרישע אונבעדייטענדע ווערטער זיינען נאָך גערעדט געוואָרען, אָבער באַלד איז אויך דער לעצטער פונק אויסגעלאָשען, די געהירען זיינען וואָס אַמאָל שטומפּיגער און גערדאַנקענלאָזער געוואָרען, נאָר איין גערדאַנק איז נאָך פערבליבען, אַז מען מוז זיך באַלד צושיידען, אַז נישט וועט מען זיך נאָך איינס ס'אַנדערע עקעל ווערען.

מען האָט ניסטרעם'ען אויפגעוועקט, לעווין האָט פאַלק'ן אומגע־אַרמט און דאַביי האָט ער דריי ציגאַרען אין קעשענע בעהאַלטען, מען האָט אַבשיעד גענומען, פאַלק האָט זיינע געסט ארויסבעגלייט — און ער איז אַליין געבליבען! ער האָט געעפענט די פענסטער־לאַדענס און אַ שטראָם פון טאָגליכט איז אין צימער אריינגעפאַלען, ער האָט דאָס פענסטער געעפענט, פרישע לופט האָט אריינגעשטראָמט אונקומענדיג פון'ם ים דורך די ענגע גאַסען.

דער זייגער האָט פיער געשלאָגען. פאַלק האָט זיך געפיהלט טיעף אונגליקליך, זיין ברודער האָט זיין נאָמען צו שאַנד געמאַכט, ער האָט צוריק פערמאַכט דאָס פענסטער און די לאַדענס, אומרוהיג־ענדיג זיך האָט ער געזעהען וואָס פאַר אַ מין פערוויסטונג אין צימער איז, האָט ער אָנגעפאַנגען אויפצורוימען.

ער האָט צוזאַמענגעזוכט אַלע שטיקלעך פון די ציגאַרען און האָט

זיי אריינגעוואָרפען אין'ם אויווען, ער האָט אלץ פון'ם טיש ארונטער־געוואָרפען, דאָס צימער אויסגעקעהרט, יעדער זאַך אויף זיין ארט געשטעלט. ער האָט זיך די הענט און דאָס פּנים געוואַשען און זיך די האָר פּערקעמט, ווען א פּאָליציי־מאַן וואָלט דאָס געזעהן, וואָלט ער איהם געהאַלטען פאַר א מערדער וואָס וויל אבווישען אלע שפּורען פון זיין פערברעכען.

טהוענדיג דאָס אלץ האָט ער געטראַכט, קאַלט און מיט געוויסען, און ווערענדיג פאַרטיג מיט אלעם, האָט ער געפּאַסט א בעשלוס, די בושה אראָבצונעהמען, די שאַנד וואָס זיין ברודער האָט אויף זיין נאָמען געבראַכט, זאָל אָבגעווישט ווערען, ער האָט געוואָלט גרויס ווערען, א נייע לעבען אנפאַנגען, א מעכטיגער שטאַרקער מאַן זאָל ער ווערען, דער נאָמען פון זיין פאַמיליע זאָל געראַטעוועט ווערען, גרויס מוז ער זיין, גרויס!...

דער עהרגייץ וואָס איז אין איהם געשלאָפען האָט זיך דעם הייגטיגען אווענט אויפגעוועקט און ער האָט בעשלאָסען א קאַמפּף אנצופיהרען.

ער איז אינגאַנצען ניכטער געוואָרען, ער האָט זיך א ציגאַר פּערראויכערט, א גלעזעל קאָניאַק אויסגעטרונקען, און שטיל אויף די טרעפּ צום וואָהנונג ארויפגעגאַנגען כדי זיין פרוי נישט אויפצואוועקען.

## פינפטעם קאַפּיטעל.

## ביי דעם פערלעגער.

צוערשט האָט ארוויד פאַלק געוואָלט פּרובירען ביים פערלעגער דעם אלמעכטיגען שמידט — דעם נאָמען „אלמעכטיגער" האָט שמידט געקראָגען, ווייל ער האָט איבערטריבען בעוואונדערט אלץ וואָס איז געווען אמעריקאַניש, אין זיין יוגענד האָט ער געמאַכט א קליינע רייזע אין דעם גרויסען לאַנד אמעריקא.

ביי דעם שרעקליכען מיט'ן גרויסען נאָמען מיט די טויזענד אַרעמעס וואָס האָט געקענט יעדען שריפטשטעלער אין איינציגע צוועלף חדשים א נאָמען מאַכען, אפילו דעם ערגסטען. זיין מעטאָדע איז געווען בעקאַנט, אבער קיינער האָט נישט געוואַגט זיך מיט איהר צו בענוצען, ווייל צו דעם האָט מען געדאַרפט האָבען א נישט פערגלייכליכע אונפערשעהמטהייט, דער שריפטשטעלער, וועלכען ער האָט אין זיין האַנט גענומען, האָט געקענט זיכער זיין א נאָמען צו

קריגען; און דורכדעם טאַקע האָבען איהם תמיד שריפטשטעלער אַהן נעמען ארומגערינגעלט.

אלסביישפּיעל ווי מעכטיג ער איז געווען און כּאַטש דאס פאָלק און די קריטיק האָט דעם שריפטשטעלער ארונטערגעריסען, האָט ער איהם פּארט אין דער הויך געבראַכט; פלעגט מען דערצעהלען די פאָל־גענדע געשיכטע: אַ יונגער מענש וואס האָט נאָך קיינמאָל נישט גע־האָט געשריבען עפּעס, האָט פערפאַסט זעהר אַ שלעכטען ראמאַן און ער האָט איהם געבּרענגט צום פערלעגער שמידט, צופעליג האָט שמידט'ן געפאַלען דאָס ערשטע קאַפּיטעל, — מעהר האָט ער קיינמאָל נישט געלעזען. — ער האָט בעשלאָסען די וועלט מיט אַ נייעם שריי־בער צו בעגליקען; דאָס בוך איז ערשיענען, אויפ'ן שער בלאַט איז געווען צו לעזען: „בלוט און שווערט" ראָמאַן פון גוסטאַוו סיעהאלם, דער דאָזיגער שוין איצט בעקאַנטער גרויסער שריפטשטעלער, האָט זיין נאָמען בלויז שמידט'ן צו פערדאַנקען, דאָס בוך איז דעם 3טען אפּריל ערשיענען, און אין'ם 4טען אפּריל איז שוין געווען אַ רע־צענזיע אין די פיעל געלעזענע צייטונג „גרוי הויבע" פון וועלכע שמידט האָט פופציג אקציעס געהאַט.

די רעצענזיע האָט זיך געשלאָסען מיט פאָלגענדע ווערטער: „גוסטאַוו סיעהאלם איז שוין אַ נאָמען; מיר דאַרפען איהם ערשט ניט געבען, און מיר מאַכען אויפמערקזאַם נישט נאָר די לעזער נאָר אפילו די שרייבער זיי זאָלען דעם ראָמאַן לעזען. אינ'ם 5טען אפּריל איז אין אַלע צייטונגען שוין געווען דער ראָמאַן אַנאָנסירט מיט'ן אויפ־שריפט: „גוסטאַוו סיעהאלם איז שוין אַ נאָמען, מיר דאַרפען איהם ערשט נישט געבען". (גרוי הויבע). טראָץ דעם וואָס איין צייטונג, וועלכע האָט זיך נישט געלאָזט ביי שמידט'ן אבקויפען, האָט דעם ראָ־מאַן מיט'ן שרייבער ארונטערגעריסען. פונדעסטוועגען איז שוין זיין נאָמען געווען אַ געמאַכטער, נאָך אכט מאָנאַט האָט ער שוין געהאַט דעם גרעסטען נאָמען צווישען פאָלק. און אין אַלע זשורנאַלען איז ער געווען אַנאָנסירט אלס מיטאַרבייטער.

ווייל ארוויד פאָלק האָט געוואוסט פון דער גרויסער קראַפט פון'ם פערלעגער שמידט האָט ער זיך אלס יונגער שריפטשטעלער אביסעל געשראָקען, ארויפגעהענדיג די טרעפּ פון'ם גרויסען הויז נעבען דער קירכע, וואו שמידט האָט דעם פערלאַג געהאַט. ער האָט לאַנג געמוזט זיצען און וואַרטען, און דאַביי פערשיעדענע ביטערע געדאַנקען גע־

טראכט, אזוי איז ער געזעסען, ביז די טיר איז ראפטעם אויפגע־
מאכט געווארען און א יונגערמאן מיט א פערצווייפעלטען אויסדרוק
אויף זיין פנים און א פעקעל פאפיער אונטער'ן ארעם איז ארויס־
געקומען. ציטערענדיג איז ארוויד ארייגעגאנגען אין דעם צימער וואו
ער האט געדארפט פון דעם מעכטיגען שמידט אויפגענומען צו ווערען.

אויף א נידעריגע סאפע זיצענדיג, רוהיג און מילד ווי א גאט,
האט שמידט פריינדליך א שאקעל געטהאן מיט זיין גרויבערדיגען און
מיט א בלוי־זיידען מיצעל בעדעקטען קאפ, רויכערענדיג אזוי פריינד־
ליך זיין ליולקע אזוי ווי ער וואלט גאר קיינמאל נישט די האפנונגען
פון א יונגען טאלענט צושמעטערט אדער אן אונגליקליכען פון זיך
פערשטויסען.

— גוט מארגען, גוט מארגען! — האט ער פאלק'ן בעגריסט מיט
זיין ווייך לאשטשענדיגע שטימע.

בעטראכטענדיג ארוויד'ם קליידער און געפינענדיג זיי זויבער,
האט ער איהם פונדעסטוועגען נישט געבעטען זיצען.

מיין נאמען איז — פאלק.

— דעם נאמען האב איך נאך נישט געהערט. וואס איז אייער
פאטער?

— מיין פאטער איז טויט!

— איז ער טויט? גוט! וואס קען איך פאר אייך טהאן, מיין
הערר?

דער יונגער פאלק האט פון זיין ברוסט־קעשענע ארויסגענומען א
מאנוסקריפט און האט עס דערלאנגט דעם הערר שמידט, נישט אריינ־
קוקענדיג דארין האט שמידט געפרעגט:

— און דאס זאל איך לאזען דרוקען? איז דאס פערזען? נא־
טירליך יא! ווייסט איהר, יונגער מאן, וויפיעל עס קאסט א בויגען
דרוקען? ניין, דאס ווייסט איהר נישט!

דאס זאגענדיג האט ער פאלק'ן א שטויס געטהאן מיט'ן ציבעק
אין דער ברוסט.

— האט איהר א נאמען, יונגערמאן? ניין! האט איהר זיך ער־
געץ מיט עפעס אויסגעצייכענט? אויך נישט.

— די אקאדעמיע האט דיעזע געדיכטע געלויבט.

— וועלכע אקאדעמיע? די אקאדעמיע פון וויסענשאפט, וואס
גיט אזוי פיעל נארישקייטען ארויס?

— נאַרישקייטען?

— יאַ! איהר ווייסט דאָך, די אקאדעמיע פון וויסענשאפט! אונ־טען נעבען מוזעאום נישט ווייט פון שטראם. נאַ אלזאָ!

— ניין, הערר שמידט, די שוועדישע אקאדעמיע, וועלכע איז אין די בערזע...

— אַ, אזוי! די אקאדעמיע, פון דער ווייסט דאָך קיין מענש נישט! א נאָמען מוז מען האָבען, מיין ליעבער יונגער מאַן, א נאָמען אזוי ווי טעגנער, ווי אהרענשלעגעל, ווי — יאַ! אונזער לאַנד האָט א סך גרויסע דיכטער וועלכע קענען מיר גראד איצט נישט איינפאַ־לען; אָבער מען מוז א נאָמען האָבען. ארוויד פאלק? הם! ווער קען דען אַן ארוויד פאלק? וועניגסטענס איך נישט, און איך קען פיעל גרויסע דיכטער, ערשט פאַר איינינע טעג האָב איך געזאָגט צו מיין פריינד, איבסען: שרייב עטוואס פאַר מיין מאגאזין; איך וועל בע־צאָהלען, וואס דו ווילסט נאָר! ער האָט געשריבען און איך האָב בע־צאָהלט — איך האָב אבער אויך געקראגען בעצאָהלט.

דער צושמעטערטער יונגערמאַן וואָלט ליעבער זיך ערגעץ אין דער ערד בעהאַלטען, הערענדיג, אז ער שטעהט פאַר א מאַן, וועלכער רעדט מיט איבסען׳ען, פער דו. ער האָט געוואָלט זיין מאנוסקריפּט אוועק נעהמען אזוי ווי דער אנדערער האָט ערשט געטהאָן, אוועק ערגעץ ווייט ביז צו אַ גרויס פליסענדיג וואסער, און דאָרט... וואס דאָרט? האָט ער שוין נישט געוואָלט קלערען.... שמידט האָט דאָס בעמערקט.

— נו! איהר קענט דאָך שוועדיש שרייבען, דאס גלויב איך שוין! איהר קענט אויך אונזערע ליטעראטור בעסער פון מיר, נו גוט, איך האָב אַן אידעע, איך האָב געהערט אז פריהער איז געווען גרויסע, שעה־נע און גייסטליכע שריפטשטעלער, איך מיין אין דער צייט פון גוס־טאוו עריקזאָן און זיין טאָכטער כריסטינע, נישט אמת?

— גוסטאוו אדאָלף.

— גוסטאוו אדאָלף, אויך גוט! איך עראינערע מיך אז איינער האָט געהאַט א גרויסען, זעהר גרויסען נאָמען; ער האָט געשריבען א גרויס ווערק אין פערזען, איבער גאָט׳ס בעשאפונג, גלויב איך, זיין פאַרנאָמען איז געווען האקאן!

— האקווין שפּעגעל מיינט איהר, הערר שמידט! „גאָט׳ס ווערק און רוהע".

— אַ, יאַ, יאַ, איך האָב געדענקט איך זאָל דאָס ארויסגעבען! אין

די היינטיגער צייט בענקט אונזער פאלק נאך רעליגיאן; דאס האב איך בעמערקט; און מען מוז זיי עטוואס געבען, יעדען פאלס האב איך זיי שוין גענוג גענעבען, פון די דאזיגע שרייבער, הערמאן פראנקע און ארנדט, און די גרויסע שטיפטונגס־פערלאנג פערקויפט אלעס ביליגער פון מיר, איצט וויל איך וואס גוטעס ארויסגעבען, פאר א גוטען פרייז, ווילט איהר די זאך איבערנעהמען, יונגער מאן?

— איך ווייס נישט וואס איך האב ביי דעם צו טהאן, עס האנ־דעלט זיך דאך נאר אין איבערדרוקען, — האט פאלק געענטפערט נישט וואגענדיג צו זאגען ניין.

— אך, אזא אונוויסענהייט! רעדאגירען און קארעגירען נאטיר־ליך! זיינען מיר איינינ? איהר גיט עס ארויס, מיין ליעבער! נישט? נו, לאמיר א קליינעם צעטעל שרייבען? די ארבייט וועט ערשיינען אין העפטען. נישט אזוי? א קלייע צעטעל! גיט מיר טינט און פעדער!

— יא?

פאלק האט געפאלגט, ער האט נישט געקענט ווידערשטעהן, שמידט האט דאס צעטעל אנגעשריבען און פאלק האט עס אונטערגע־שריבען.

— אזוי! איצט זיינען מיר מיט דעם פארטיג, איצט דאס אנ־דערע! גיט מיר דאס קליינע בוך וואס ליגט דארט אויף'ן שטענדער! אזוי! איהר זעהט! א בראשורע! דער טיטעל איז: „דער שוץ־ענגעל" איהר זעהט דא די אילוסטראציע? דאס איז א שיף מיט צובראכענע אנגעל! יעדער ווייסט וואס פאר א זעגען דיזע פערזיכערונג האט אויף דעם סאציאלען לעבען, יעדער מענש האט דאך אמאל וואס נישט איז איבער'ן ים געשיקט. נישט אמת? נא! אלע מענשען האבען דאדורך א בעדארפעניש, זיין פערמעגען וואס ער שיקט איבער'ן ים, צו פער־זיכערען! נישט אמת? אבער נישט אלע ווייסען עס, דאדורך איז די פליכט פון דעם וואס ווייסט, דעם אונוויסענדען אויפצוקלעהרען, דיע־זעס בוך בעהאנדעלט, אז יעדער מענש מוז זיינע זאכען פערזיכערען, ווען ער שיקט זיי איבער'ן וואסער! אבער דיעזעס בוך איז שלעכט גע־שריבען, דורכדעם וועלען מיר א בעסערס שרייבען! נישט אמת? איהר וועט מיר מאכען א נאוועלע פון צעהן זייטען פאר מיין מאגעזין „אונזער לאנד" און איך פערלאנג אז איהר זאלט אזוי פיעל פערשטאנד האבען דעם נאמען טריטאן — אזוי הייסט די נייע געגרינדעטע אק־ציענגעזעלשאפט, וואס מיין ברודערס זוהן האט געגרינדעט און וועל־

כען איך וויל העלפען, נישט אמת, מען דאַרף זיינע נאָהענטע העלפען! דער נאָמען טריטאָן זאָל צוויי מאל אין דער גאַוועלע פּאַרקומען, נישט מעהר און נישט וועניגער; צוויי מאָל, איהר פערשטעהט? אבער אזוי מען זאָל עס נישט מערקען.

פאלק האָט געפיהלט אביסעל נודנע פון דעם פּאַרגעשלאָ־גענעם געשעפט, אבער קיין נישט־עהרליכעס איז עס דאָך נישט געווען, און ער בעקומט דאָך ארבייט ביי דעם איינפלוסרייכען מאן; און דאָס איז דאָך אזוי לייכט פאר איהם, ער וועט זיך גאר נישט דארפען אנ־שטרענגען, דאַנקענדיג האָט ער די בעשטעלונג אָנגענומען.

— איהר קענט דאָך דעם פארמאַט? פיער צאָהל א זייט, צעהן זייר־טען מאכען פערציג צאָהל, יעדער זייט צוויי און דרייסיג שורות, נו, לאָמיר בעסער שרייבען א צעטעל!

שמידט האָט געשריבען דאָס צעטעל און פאלק האָט אונטערגע־שריבען.

— נו, און יעצט הערט מיך אויס, איהר קענט דאָך די שוועדישע געשיכטע! איהר זעהט, דאָרט אויף'ן שטענדער ליגט א קלישע, אויף דער רעכטער זייט! אַט אזוי! קענט איהר מיר זאָגען ווער די דאַמען־פיגור איז? ס'זאָל זיין אַ קעניגין!

פאלק, וואָס האָט אין אָנפאַנג נישט מעהר געזעהען ווי א שוואַרץ שטיק האָלץ, האָט צו ענד ענטדעקט א פּאָר מענשליכע שטריכען און האָט ערקלעהרט, אז ער דענקט אז דאָס איז אולריקע עלעאָנאָרע, אַ שוועדישע קעניגין.

— האָב איך נישט אזוי געזאָגט? דער דאָזיגער קלאָץ איז אמאָל בענוצט געוואָרען פון קעניגין עליזאבעט פון ענגלאנד, אין אמעריקאַ־נישער פאלקס־בוך האָט אמאָל שוין זעהר לאנג פון דעם געשריבען, איצט האָב איך עס פאר א ביליגען פּרייז מיט א גאַנצען פּאַק אַנדערע זאַכען אָבגעקויפט, איך וועל עס לאָזען איבערדרוקען אלס אולריקאַ עלעאָנאָרא אין מיין פאלקס ביבליאָטעק, א גוט פּאָלק האָבען מיר; עס קויפט אזוי שעהן מיינע ביכער, נאָ, ווילט איהר שרייבען דעם טעקסט צו דעם? פערשטעהט, פון די שוועדישע קעניגין אולריקאַ עלעאָנאָרא!...

פאלקס פיין אויסגעבילדעטע געוויסען האָט קיין אונרעכט אין דעם נישט געפונען, כאָטש זיינע געפיהלען האָבען איהם אונאַנגענעהם בעריהרט.

— נו, שרייבען מיר א קליינעם צעטעל, זעכצעהן זייטען, דריי צאהל די לענג, יעדער זייט פיעראונצוואנציג שורות.

א צעטעל איז ווידער געשריבען געווארען.

פאלק זעהענדיג איצט אז זיין אדיענץ איז געענדיגט, האט ער געמאכט א בעוועגונג זיין מאנוסקריפט צוריק צונעהמען, שמידט האט עס אבער נישט געוואלט צוריקגעבען.

— איך וועל עס שוין אמאל לעזען, ערקלעהרט ער — אבער ס'קען אביסעל צייט פערגעהן.

נו, איהר זייט א פערשטענדיגער מענש, מיין יונגער הערר! איהר ווייסט וואס די צייט בעדארף האבען. בעפאר אייך איז דא געווען א יונגער מאן, אויך מיט פערזען, מיט א גרויס ווערק פון פערזען, וואס איך האב אויף גאר נישט געקענט פערוועגדען, איך האב איהם דאס־זעלבע פארגעשלאגען, וואס כ'האב איצט מיט אייך אבגעמאכט, ווייסט איהר וואס ער האט מיר געזאגט? ער האט מיך געבעטען עטוואס צו טהאן, וואס איך קען אייך נישט ארויסזאגען... יא, יא, אזוי האט ער געזאגט און איז אנטלאפען. דיעזער מאן וועט לאנג נישט לעבען! אדיע! אדיע! איהר וועט זיך פערשאפען דאס ווערק פון האקאן שפעגעל! אדיע! אדיע!

שמידט האט מיט'ן ציבעק געצייגט צו דער טיר און פאלק איז אוועקגעגאנגען.

זיינע טריט זיינען נישט לייכט געווען, די הילצערנע קלישע וואס איז געלעגען אין זיין קעשענע, האט איהם צו דער ערד געצויגען, עס האט זיך איהם געדאכט, אז עס ציהט איהם צוריק, אז ער זאל דאס אלעם דעם אלטען שופט שמידט צוריקווארפען, מיט'ן שטיק האלץ זאל ער איהם דעם קאפ צוהאקען, אבער באלד דערמאנט ער זיך, אז ער האט נישט קיין אנדערע פערדיענסט, ער וועט דארפען הונגערען... און אפשר וועט שמידט זיינע פערזען ארויסגעבען... דאס האט איהם זיין מוטה צוריקגעגעבען, זיין פערנונפט איז געווארען געפאנגען און ער איז א היים געגאנגען כדי 48 צאל איבער אולריקא עלעאנארא צו שרייבען.

ווייל ער איז פריה אויפגעשטאנען, איז ער שוין ניין א זייגער געזעסען ביים שרייבטיש. ער האט א גרויסע ליולקע אנגעשטאפט מיט טאבאק, ער האט גענומען פאפיער, אבגעווישט די שטאל־פעדערען און האט אנגעפאנגען קלעהרען וואס ער זאל איבער אולריקא עלענארא שרייבען. ער האט נאכגעזעהען די ענציקלאפעדיע פון עקלונד און פריק־

סעל, דאָרט איז פיעל געשטאַנען אונטער דער רובריק. אולריקא עלענארא, אבער פון איהר אליין איז כמעט גאָר נישט געווען. האלב צעהן איז שוין כמעט דער גאנצער שטאָף געווען אויסגעשעפּט; ער האָט אויפגעשריבען, ווען זי איז געבוירען געוואָרען, ווען זי איז געשטאָרבען, ווען זי האָט אָנגעפאנגען רעגירען, און ווען זי האָט אבגעדאנקט. ווי אַזוי איהרע עלטערען האָבען געהייסען און מיט וועמען זי איז געווען פערהייראַט. ס'איז געווען אַן איינפאכער אויסצוג אזוי ווי פון א קירכענבוך, און ס'האָט נאָר בלויז פערנומען דריי זייטען זיינען נאָך געבליבען דרייצעהן זייטען. ער האָט א ווײַלע געטרויכערט, מיט די פעדער ארומגעשאַרט אין'ם טינטער, אַזוי ווי ער זאָל ווּעלען פון דאָרט עפּעס אַרויסשעפּען, ס'איז אבער נישט געגאַנגען.

ער מוז איבער איהר פערזענליכקייט עטוואס שרייבען, א פּאָר כאראקטער שטריכען. ער האָט געפיהלט, אז ער מוז אן אורטייל איבער איהר געבען, אבער ער ווייסט נישט וואָס פאר אן אורטייל; זאָל ער זי לויבען אָדער ארונטעררייסען? ווייל אבער ער איז אין דער פראַגע ווענינ בעקאַנט געווען, האָט ער זיך צו ביידע נישט געקענט ענטשליסען. דער זייגער איז שוין געווען עלף. ער האָט בעשלאָסען זי ארונטערצורייסען. — נאָך א זייט איז געווען אנגעשריעבען, איז נאָך געבליבען צוועלף. א גוטע עצה איז איצט געווען טייער... ער האָט איבער איהר רעגירונג געוואָלט שרייבען, האָט זי אָבער זעהר וועניג רעגירט. קוים ער האָט נאָך אויסגעמוטשעט א פּאָר זייטען, איז געווען זיעבען און אַ האלבע זייט אָנגעשריבען, ווייטער האָט ער נישט געקענט. זיין קאָפּ איז שוין געווען מיעד טראַכטענדיג, ער האָט פאר פערדרוס די האָלץ קלישע ארונטערגעוואָרפען, מיט'ן פוס עס אַוועקגעשטויסען אונטער דעם שרייבטיש, ער איז ארונטערגעקראָכען, עס ווידער אויפגעהויבען און צוריקגעלעגט אויפ'ן טיש.

ער האָט זיך ווידער פערטראַכט, אין די אויערען האָט זיך איהם אויסגעוויזען, הערט ער אזוי ווי ס'זאָל איהם ווער איינרוימען: אולריקא עלענארא, אולריקא עלענארא... אזוי כסדר אָהן אויפהער... וואָס פאר א קוואלען! ער האָט געפיהלט א מין טויטקייט אין זיין נשמה. ער האָט געפּרוּאווט צו זוכען בעזונדערע שטריכען אויף דעם אויסגעשניצטען האָלץ־קלישע, אפשר וועט ער קענען שרייבען עפּעס איבער פּסיכאָלאָגישע שטריכען פון דער קעניגינס נשמה, אָבער ער האָט גאר נישט געפונען. ס'איז טרוקען אזוי ווי דאָס שטיק האָלץ. נישט געפינענדיג קיין זאַך

מעהר וואָס צו שרייבען איבער די פערשטאָרבענע קעניגין האָט ער עס אוועקגעלעגט און האָט זיך גענומען צום צווייטען, צום „שוץ־נעגעל“.

די בראָשורע איז פערפאַסט געוואָרען פאַר א דייטשע געזעלשאַפט וועלכע האָט געהייסען „נערום“ און האָט פאָלגענדעס דערצעהלט:

הערר און פרוי שלאָס האָבען קיין אַמעריקא אויסגעוואַנדערט און האָבען דאָרט גרויסע לאַנד־בעזיצונגען ערוואָרבען. און כדי די ערצעהלונג זאָל מעגליך זיין, זיינען די לייטע אַזוי נאַריש געווען די בעזיצונגען צו פערקויפען, פאַר דעם געלד האָבען זיי טייערע מעבעל געקויפט און כדי אַז דאָס זאָל אַלץ אונטערגעהען און ס'זאָל קיין איינציגע זאַך נישט גערעטעט ווערען, האָבען זיי עס געשיקט אויף א שיף ערשטע קלאַס מיט'ן נאָמען וואַשינגטאָן, וועלכע איז געווען בעשלאָגען מיט קופּער און מיט געדיכטע וואַסערלאָרענס פערזעהן, זיי האָבען דאָס אַלץ פערזיכערט ביי דער גרויסער דייטשער פערזיכערונגס געזעלשאַפט נערום פאַר 400,000 דאָלאַר, הערר און פרוי שלאָס מיט די קינדער זיינען נאָכגעפאָהרען אויף די בעסטע שיף פון די „ווייט סטאַר ליין“, וועלכע איז געווען פערזיכערט ביי געזעלשאַפט נערום פאַר צעהן מיליאָן דאָלאַר. אויפ'ן וועג איז געווען א שטורם, די שיף איז אונטערגעגאַנגען, די עלטערען זיינען דערטרונקען געוואָרען, נאָר די קינדער זיינען גערעטעט געוואָרען, די עלטערען האָבען פאַר די קינדער איבערגעלאָזט א לעבענספערזיכערונג אויף 15,000 פונט שטערלינג, און זיי זיינען מיט א טרייסט אין הארץ געקומען קיין האַמבורג, כדי די לעבענספערזיכערונגס סומא, ווי אויך די ירושה פון די עלטערען איבערצונעהמען. ווי זיינען זיי אָבער דערשראָקען געוואָרען, ווען מען האָט זיי אין דער פערזיכערונגס געזעלשאַפט געזאָגט, אַז די שיף וואַשינגטאָן איז אונטערגעגאַנגען, און איז נישט געווען פערזיכערט, זייער גאַנץ פערמעגען איז צו גרונד געגאַנגען, איז זיי נאָר בלויז געבליבען די לעבענספערזיכערונגס־סומע פון די עלטערען, ווי דערשראָקען זיינען זיי אָבער געוואָרען, הערענדיג, אַז די עלטערען האָבען די לעצטע איינצאָהלונג נישט בעצאָהלט, וועלכע איז גראַד אויסגעקומען אין דעם זעלבען טאָג פון זייער טויט צו בעצאָהלען... די קינדער זיינען דורכדעם זעהר טרויעריג געוואָרען, וויינענדיג זיינען זיי זיך געפאַלען אויף די העלזער און האָבען געשוואָרען אַלעמאָל זייערע זאַכען צו פערזיכערען, און זאָלען קיינמאָל נים פערשפּעטיגען די איינצאָהלונגען צו דער צייט צו בעצאָהלען.

די דאָזיגע נארישע נישט געשטויגענע מעשה דאַרף ער לאקאלעזירען צופּאסען צו די שוועדישע פערהעלטניסע, מאכען עס לעזבאר, מאַכען דאָס פאר א פערשטענדליך גוטע נאָוועלע. און מיט דעם זאָל ער אויפ׳ן ליטעראַרישען פעלד צום ערשטען מאָל ארויסטרעטען! ווידער האָט ערוואכט אין איהם דער טייוולישער שטאָלץ און האָט איהם אין אוי־ער איינגערוימט, אז ער איז א לומפּ ווען ער גיט זיך אָב מיט אזעלכע זאַכען, דיעזע שטימע אָבער האָט א צווייטע געמאכט צו שווייגען, און אנדערע וואָס איז געקומען פון דער מאָגען זייט און איז בעגלייט געוואָרען פון אויסערגעוועהנליכע שטעכיגע געפיהלען, ער האָט געטרונקען א גלאָז וואסער, האָט פעררויכערט א פרישע ליולקע טאבאק, אָבער דאָס אונבעקוועמע איז געוואָרען גרעסער, זיינע געדאנקען זיינען געוואָרען טריבער: ס׳האָט זיך איהם אויסגעוויזען, אז זיין צימער איז נישט בעקוועם, ס׳האָט זיך איהם געדאכט אז די צייט ציהט זיך לאנג און אייגפארמיג, ער האָט זיך געפיהלט מיעד און נידערשלאָגען, אלצדינג איז איהם צו־ווידער געוואָרען: די געדאנקען זיינען געוואָרען שווער און האָבען זיך נאָר געדרעהט ארום שלעכטע זאכען, צוגלייכער צייט האָט די לוסט פון זיין קערפּער אנגעהויבען פערשווינדען! ער האָט זיך געפרעגט, אויב ער איז הונגעריג...

ס׳איז שוין געוועזן איינס א זייגער, אָבער פאר דריי פּלעגט ער נישט עסען, רוהיג האָט ער נאָכגעזעהען זיין פערמעגען, דריי און דרייסיג פעניג פערמאָגט ער! נאָ, וועט שוין נישט זיין אויף קיין מיטאָג! דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבען, אזא זאָרג האָט ער נאָך קיינמאָל נישט געהאַט! אָבער מיט דריי און דרייסיג פעניק דאַרף מען ניט צו הונגערען. ער קען זיך דאָך שיקען נאָך ברויט און ביער, ניין דאָס קען ער נישט, דאָס געהט נישט, עס פּאסט נישט! אליין אין מילך־קראם געהן? ניין! זאָל ער אפשר אהין געהען און לייהען געלד? דאָס איז אונמעגליך, ס׳וועט דאָרט קיינער נישט זיין פון וועמען ער זאָל קענען לייהען.

ביי די אלע געדאנקען האָט דער הונגער ביי איהם זיך צושפּיעלט ווי א ווילדע חיה, ס׳האָט איהם געביסען און געריסען אין גאנצען קערפּער און האָט איהם ארום געיאָגט איבער׳ן צימער ווי אין א פערשלאָסענע שטייג, ער האָט געראויכערט איין ליולקע נאָך דער צווייטער, כדי דעם ווילדען הונגער צו פערטרייבען, ס׳האָט אָבער גאר נישט געהאָלפען פון׳ם קאסערען־הויף האָט זיך געהערט דאָס קלאַפּען פון א פּויק, און

ער האָט געזעהען ווי די סאָלדאטען מארשירען מיט קופערנע פלעשער כדי מיטאג צו ערהאלטען, פון די קוימענס איז א רויך געגאנגען, ביי די שיפען האָבען די גלעקער צום מיטאג געקלונגען, פון'ם שכן'ס קיך האָט ער געהערט א גערויש און אַ ריח פון געבראָטענס האָט אריינגעדרונגען דורך די אָפענע הויז־טיער ביז צו איהם, ער האָט געהערט אַ קלאפעריי פון מעסערס און טעלער פון'ם צווייטען צימער נעבען זיינעם און א טיש געבעט פון די קינדער, אין גאס אונטען זיינען די ברוקירער און אנדערע טאָג־ארבייטער שוין געשלאָפען דעם מיטאג־שלאָף. פון דעם אלעם איז ער געווען איבערצייגט, אַז די גאנצע שטאָדט עסט איצט מיטאג, אלע, נאָר ער נישט! און ער איז געוואָרען בייז אויף גאָט. אַ קלאָהרער געדאנק איז דורכגעלאָפען זיין מח. ער האָט גענומען „אולריקא עלענארא“ און דעם „שויז־ענגעל“, האָט זיי איינגעפּאקט אין אַ פּאפּיער, האָט אויפגעשריבען דעם נאָמען און די אדרעס פון'ם פערלענער שמידט, האָט אוועקגעגעבען די דריי און דרייסיג פעניג צו אַ שליח און האָט עס אָבגעשיקט צו שמידט'ן, ער האָט לייכטער אויפגעאטהעמט, האָט זיך געלעגט אויף דער זאפע און האָט געהונגערט מיט שטאָלץ אין זיין הארץ.

## זעקסטעס קאַפּיטעל.

## ד אָ ס  ר ו י ט ע  צ י מ ע ר.

ריזעלבע מיטאג־זון, וואָס ארוויד פאלק האָט געזעהן ביי זיין ערשטען קאמפף מיט'ן הונגער, האָט פרעהליך געשיינט אין דער קינסטלער־קאָלאָניע, וואו זעלען איז געשטאַנען אין העמד ארבעל ביי זיין מאהלער־געשטעל און האָט געמאהלען א בילד, וואָס האָט געדארפט דעם צווייטען טאָג זיין פארטיג צו דער אויסשטעלונג, פארטיג מיט א רעהם. אלע מאנטאגנום איז געזעסען אויף די שלאָף־באנק און האָט געלעזען דאָס וואונדערבארע בוך, וואָס ער האָט זיך געליהען ביי זיין פריינד דעם פילאזאף פאר זיין האלז־טיכעל, לעזענדיג האָט ער אלע ווייל געוואָרפען א בליק צו זעלען'ס מאהלעריי און האָט געגעבען זיין צושטימונג, ווייל ער האָט שטענדיג בעוואונדערט זיין טאלענט, לונדעל איז שוין געווען פארטיג מיט זיינע דריי בילדער זיי זיינען שוין געווען אויף דער אויסשטעלונג, און ער האָט רוהיג געווארט מיט א געוויסע שפּאנונג זיי זאָלען פערקויפט ווערען.

— ס'איז גוט, זעלען, — האָט אלע געזאָגט. דו מאהלסט נעטליך!

— מעג איך עס אויך אָנקוקען? — האָט לונדעל געפרעגט, וואָס האָט קיינמאָל קיינעם נישט בעוואונדערט.

דער מאָטיוו פון'ם בילד איז געווען איינפאך און גרויסאַרטיג. עס האָט פאָרגעשטעלט א גרויסען זאמדיגען ברעג, אין הינטערגרונד דעם ים; הערבסט־שטימונג, זונען־שטראהלען דורך צוריסענע וואלקענס; א טייל פון פאדערגרונד איז בעשטאַנען פון זאמד, מיט פריש אָנגעוואר־פענע זאכען וואָס דער ים האָט ארויסגעשווענקט, בעלויכטען פון דער זון, האָט זיך געדאכט אז דאָס וואסער טריפט נאָך פון זיי; דער ים איז בעדעקט מיט ווייסען שוים, גאנץ אונטען ביים האָריזאנט זעהט זיך די זון שיינען און אָן אָפענע פערשפּעקטיוו אין דער אונענדליכקייט. איבער דעם ים שפּיגעל פליהען אין פערשיעדענע פּאָזיציעס א מחנה וואסער־פויגעל.

דאָס דאָזיגע בילד האָט יעדער איינציגער געמוזט פערשטעהן. ווער ס'האָט נאָר געוואוסט פון די איינזאמקייט ביים ים נאָך א שטורם, ס'איז געווען קינסטלעריש און מיט טאלאנט געמאהלען.

— דו מוזט עטוואס אין'ם פאדערגרונד האָבען — האָט לונדעל געזאָגט — זעץ דאָרט אוועק עפּעס א פיגור.

— אָ, נארישקייטען, מען דאַרף גאָר נישט, — האָט זעלען געענט־פערט.

— טהו ווי איך היים דיר, משוגענער קאָפּ, אז נישט וועסטו דאָס בילד נישט פערקויפען, מאהל אוים א מיידלישע פיגור זיצענדיג, ווען דו קענסט נישט, וועל איך דיר העלפען.

— רעד נישט קיין נארישקייטען, וואָס האָבען קליידלעך צו טהאָן אויפ'ן ווינט, דו ביזט צופיעל נאריש פאר א קליידעל.

— נא, מאך עס ווי דו ווילסט, — האָט לונדעל עטוואס פער־דריסליך געענטפערט, אבער אנשטאט מעווען האָסטו געדארפט באַ־טשאָנעם מאָהלען, — האָט לונדעל חוזק געמאכט, — איצט ווייסט מען גאָר נישט וואס פאר א מין פייגעל דאָס זיינען.

— אך, דאָס בעגרייפסטו נישט!

זעלען איז נישט געווען גענוג שטארק יעדער זאך צו מאָטיווי־רען, אָבער אין זיין זאך איז ער געווען זיכער, אין זיין געזונטער אינסטינקט האָט איהם נישט געלאָזט קיין טעות מאכען.

— דו וועסט אָבער נישט פערקויפען — האָט לונדעל ווידער אָנ־געפאנגען.

ראַן וועל איך אויך לעבען! האָב איך דען אמאָל עפּעס פערקויפט? נאָ, לעב איך דען נישט? דו מיינסט אז איך ווייס נישט, אז איך וועל פערקויפען ווען איך זאָל אזוי ווי אנדערע מאָהלען? דו מיינסט אז איך קען נישט אזוי שלעכט מאהלען ווי זיי? איך וויל אָבער נישט!

— דו מוזט דאך אָבער אמאָל טראכטען דיינע חובות צו בעצאָהלען, דו ביזט דאך דעם הערר לונט, דעם ווירט פון „קאַך־טאָפּ" א פּאָר הונדערט קראָנען שולדיג.

— ער וועט פון דעם נישט אָרעם ווערען, און איך האָב איהם א בילד געגעבען וואָס איז דאָפּעלט ווערט פון די פּאָר הונדערט קראָנען.

— ס'הויבט זיך נישט אָן, דאָס בילד האָט נישט קיין ווערט אפילו קיין צוואנציג קראָנען.

— ביי מיר האָט עס א ווערט פון 500 קראָנען, נייגונג און געשמאק איז דאָ אויף דער וועלט פערשיעדען, איך זאָג, אז דיינע בילדער „קרייץ־ציעגען" האָבען גאָר קיין ווערט נישט און דו זאָגסט, אז זיי זיינען גוט, דאָס קען דיר קיינער נישט פאראיבעל האָבען, ס'איז דאָ פערשיעדענע געשמאקען!

— אָבער פאר אונז אלע האָסטו דעם קרעדיט אין „קאָב־טאָפּ" קאַליע געמאכט, הערר לונט האָט מיר נעכטען אָבגעזאָגט, און איך ווייס נישט וואו איך זאָל היינט מיטאג עסען.

— נו, וואָסזשע ווילסטו? מען וועט אזוי אויך לעבען! איך האָב שוין זייט צוויי יאָהר קיין מיטאג נישט געגעסען!

— א, דו האסט ערשט דעם הערר פאלק גענוג אויסגעפלינדערט, ווען דו האסט איהם אין דיינע הענט בעקומען.

— יא, דאָס איז אמת! ער איז א פיינער מאַן, א טאלאנט; אין זיינע פערזען איז דאָ פיעל נאַטור; לעצטען אווענט האָב איך אביסעל געלעזען, דאך האָב איך מורא, אז ער איז אביסעל צו נאָבעל אין דער איצטיגער וועלט זיך ארויפצוארבייטען. ער האָט אזעלכע עמפפינדליכע געפיהלען.

— פערקעהרט ער א סך מיט דיר, נאָ, איז שוין גענוג, אָבער פאר געמיין האלט איך עס, וואָס דו האָסט אין אזאַ קורצער צייט דעם יונגען רעהנהעלם פערדאָרבען, דו האסט איהם איינגערעדט, אז ער זאָל ווערען אן אקטיאָר.

— ער האָט דאָס דיר דערצעהלט? איז דאָס א רוח! אויס איהם

וועט עפּעס זיין ווען ער וועט בלייבן לעבן: ס'קען אבער נישט זיין אזוי איינפאך ווען ס'איז דאָ ווייניג צו עסן! — גאָט'ס טויט! איצט האָב איך נישט קיין פארב, האסטו אביסעל ווייסע פארב? ביי גאָט! אלע פארבן זיינען מיר אויסגעגאנגען, דו מוזט מיר פארב געבען, פריינד!

— איך האָב נישט מעהר נאָר אזוי פיעל וויפיעל איך אליין דארף, און ווען איך זאָל אפילו יא האָבן וואָלט איך דיר אויך נישט געגעבן.

— אָבער רעד נישט קיין אונזין! דו ווייסט, איך מוז מיך איי־לען.

— ערענסט, איך האָב נישט די פארבען וואָס דו דארפסט, ווען דו וואָלסט אביסעל איינגעקארגט, וואָלטען זיי לענגער געדויערט.

— דאָס ווייסען מיר שוין! אָבער דו מוזט מיר געלד געבען.

— געלד, א יא, אָט קומסטו אין דער רעכטער צייט.

— שטעה אויף אָלע, דו מוזט עטוואס פערזעצען.

ביים וואָרט פערזעצען, האָט אָלע געמאכט א פרעהליכע מינע, ס'וועט זיין עפּעס צו עסען.

זעלען האָט אָנגעפאנגען עפּעס ארומצוזוכען אין צימער.

— וואָס האָבען מיר דאָ? א פּאָר שטיוועל! אויף דעם וועט מען קריגען פינף און צוואנציג פעניג; אָבער ס'איז בעסער זיי צו פערקוי־פען.

— דאָס זיינען רעהענהעלם'ס שטיוועל, די דארפסטו נישט נעה־מען, — אונטערברעכט איהם לונדעל, נאָך מיטאג וויל ער זיי אנטהאָן, ער וויל געהען אין שטאָדט אריין, דו ווערסט דאָך נישט פרעמדעס איי־גענטהום צונעהמען.

— וואָס מאכט דאָס אויס, ער וועט קריגען בעצאָהלט! אָבער זיי זיינען צו שעהן, איך וועל זיי פאר מיר נעהמען, און מיינע וועט אָלע געהען פערקויפען, קראגען און מאנזשעטען? אך, זיי זיינען גאָר נישט ווערט, ס'איז פּאַפּיער. א פּאָר זאָקען! דא האָסטו, אָלע, פאר דעם קריגסטו 25 פעניג! בעהאַלט זיי אין דיין וועסט־קעשענע, די לערע פלעשער קענסטו אויך פערקויפען, איך גלויב אז אם בעסטען פער־קויפסטו אלעס.

— ווילסטו פרעמדע זאכען פערקויפען? האָסטו גאָר נישט קיין גערעכטען געפיהל? — האָט איהם לונדעל אונטערבראָכען.

— אָבער ער וועט אלץ דערנאָך קריגען בעצאָהלט! דאָס איז אָבער

אלץ נאך נישט גענוג, מיר מוזען נעהמען א קישען פון בעט, וועלען מיר שלאפען אהן א קישען, וואס מאכט דאס אוים? נא, אלע, פאק עס נאר איין!

אלע האט אוים אלעם געמאכט א בינטעל און לונדעל האט גע־האלטען אין איין פראטעסטירען.

אלע איז פארטיג געווארען מיט'ן בינטעל, האט זיך פערקנע־פעלט דעם צוריסענעם ראק און האט זיך גרייט געמאכט צום געהן.

— ער זעהט אוים ווי א גנב — האט זעלען בעמערקט, ווען די פא־ליציי זאל איהם נאר צופריעדען לאזען, וועט שוין גוט זיין, אייל דיך אלע! — האט ער דעם אוועקגעהענדען נאכגערופען, — קויף זעקס פראנצויזישע ברייטלעך און צוויי פלעשער ביער, ווען ס'וועט דיר בלייבען פון די פארבען!

אלע האט זיך אומגעדרעקט, אראבנעהמענדיג דעם הוט, האט ער זיך פרעהליך פערנייגט און איז אוועקגעגאנגען.

לונדעל און זעלען זיינען אליין געבליבען.

— זעה נאר מיין בילד, — האט זיך לונדעל אנגערופען — ווי גע־פעלט עס דיר? כ'מיין אין ערענסט.

— דו דארפסט נישט שטענדיג דאביי ארבייטען און צייכענען, דו מוזט מאהלען, ווי קומט דאס ליכט אהער? פון די קליידער אדער פון'ם נאקעטען דרויסען!? וואס אטעמען דיזע מענשען? פארב, אויל? איך זעה דאך נישט קיין לופט!

— אבער דו האסט דאך פריהער אליין געזאגט, אז דער געשמאק איז פערשיעדען, אבער וואס זאגסטו צו דער קאמפאזיציע?

— צופיעל מענשען!

— דו ביזט דאך שרעקליך! איך וואלט וועלען נאך מעהר מענשען דא האבען.

— לאז זעהען! דא איז א פעהלער!

— יא, דא איז א פעהלער, — האט לונדעל צוגעגעבען — קענסטו איהם זעהען?

— ס'איז בלויז מענער דא, דאס איז אביסעל צו טרוקען!

— יא, טאקע דאס וואס דו זאגסט!

— ווילסטו א פרוי האבען?

לונדעל האט איהם אנגעקוקט צו ער שפאסט נישט, אבער נישט זעהענדיג דאס האט ער געענטפערט

— יא, עס פעהלט מיר א פרויען־פיגור.

ס׳איז שטיל געוואָרען און אונבעקוועם: אזוי צווישען אלטע בע־קאנטע אונטער פיער אויגען.

— ווען איך זאָל נאָר וויסען ווי אַזוי מען קען א פרויען־מאָדעל בעקומען. פון דער אקאדעמיע וויל איך נישט האָבען, ווייל אזוי איינע קען די גאַנצע וועלט, און זיי זיינען נאריש פאַנאַטיש.

— דו ווילסט עטוואס בעסערעס האָבען? איך פערשטעה! ווען זי זאָל נישט דארפען נאקעט שטעהן וועל איך אפשר קענען...

— נאקעט דארף זי נישט צו זיין! ביזט דו משוגע! צווישען אזוי פיעל מענער.

— יא, יא, דאָס וויים איך שוין. זי מוז אָבער אין אזא קאסטיום געהען, אזוי ווי אין מארגען־לאנד, שטעהען מוז זי ארונטערגעבויגען, אזוי ווי זי זאָל עפּעס פון דער ערד אויפהויבען. די אקסלען, דער האלז און האלב ברוסטען מוזען זיך ארויסזעהן, און איהר בליק זאָל זיין ווי פון די הייליגע מאגדאלענע.

— אלצדינג מוזט דו אויסלאכען און נידעריג מאכען.

— צו דער זאך! צו דער זאך! דו זאָלסט האָבען א מאָדעל, ווייל דאָס מוז מען האָבען. דו אליין קענסט קיין איינציגע נישט! דיינע רע־ליגיעזע געפיהלען ערלויבען דיר נישט, אז דו זאלסט זיך פערשאפען איינע, נא וועל איך און רעהנהעלם, ביידע לייכטזיניגע יונגען, וועלען פאר דיר א מאָדעל פערשאפען.

— ס׳מוז אבער זיין אן אנשטענדיגע מיידעל, דאָס זאָג איך דיר פאראויס!

— נאטירליך, מיר וועלען שוין זעהן וואָס מיר קענען טהאָן, ווען מיר וועלען געלד קריגען.

— ווידער האָבען זיי זיך ביידע גענומען צו מאָהלען, רוהיג און שטיל, ביז ס׳איז געוואָרען פיער א זייגער, פינף א זייגער, צו ווייטען האָבען זיי געוואָרפען אונרוהיגע בליקען דורכ׳ן פענסטער. זעלען האָט צוערשט אונטערבראָכען דאָס מורא׳דיגע שווייגען.

— אַלע לאָזט אויף זיך לאנג ווארטען, ס׳איז בעשטימט מיט איהם עטוואס געשעהן!

— יא, ס׳קען אנדערש נישט זיין, אבער פאר וואָס מוזטו שטענ־דיג דעם אָרעמען טייוועל שיקען, קענסטו דיינע געשעפטען אליין נישט בעזארגען?

—ער האָט דאָך נישט עטוואס אנדערש צו טהאָן, און ער אליין נעהט אלע מאָל געדען.

— דאס ווייסטו נישט, און איך וויל דיר זאָגען, מען ווייסט נישט וואָס מיט אלע ווערט נאָך אמאָל זיין, ער האָט גרויסע פּלענער, ער קען מיט אמאָל גרויס ווערען, איז בעסער מען זאָל זיך צווישען זיינע פריינד צעהלען.

— וואָס דו זאָגסט, וואס פאר א גרויס ווערק וועט ער שאפען? דו גלויבסט אודאי, אז אַלע וועט אמאָל ווערען א גרויסער מאן, אבער צו אלדי רוחות וואו בלייבט ער אזוי לאנג, גלויבסטו נישט אז ער גיט אוים דאָס געלד?

— קען זיין; ער האָט שוין לאנג נישט ריכטיג געגעסען, איז מעגליך אז ער האָט זיך נישט געקענט איינהאלטען. — ענטפערט לונדעל און ציהט איין זיין בויך־פאס אויף צוויי לעכער. דענקענדיג וואס ער וואָלט געטהאָן ווען ער וואָלט זיין אויף דעם אָרט פון אַלע.

— נא, מען איז נישט מעהר ווי א מענש, און דער מענש האָט אלע מאָל זיך ליעבער ווי אנדערע, — האָט זעלין געזאָגט — אָבער איך קען מעהר נישט ווארטען. איך מוז פארבען האָבען, ווען איך זאָל אפילו וויסען צו גנב'ענען, איך וועל אויפזוכען פאלק'ן.

— ווילסטו דעם אָרעמען מענשען נאָך מעהר אויסזויגען? דו האָסט דאָך ערשט נעכטען ביי איהם גענומען, קיין קליין געלד איז דאָס נישט געווען.

— מיין ליעבער פריינד, איך בין שוין אזוי געצוואונגען די בושה אויסצוטהאָן, כ'קען מיר נישט העלפען, מען מוז אלץ אראבשלינגען. און דאן איז פאלק א הארציגער מענש. ער פערשטעהט אין וואָס פאר א לאגע מען קען קומען, אלענפאלס איך געה איצט. קומט אַלע צוריק, זאָלסטו איהם זאָגען, אז ער איז א בהמה, אדיע! קום שפּעטער אין רויטען צימער; דאָרט וועלען מיר זעהען אויב אונזער העדר וועט אזוי גוט זיין און אונז עסען געבען איידער די זון וועט אונטערגעהן. ווען דו וועסט אוועקגעהן זאָלסטו פערשליסען די טיר, און דעם שליסעל זאָלסטו לעגען אונטער די שוועל! אדיע!

ער איז אוועקגעגאנגען, ס'האָט נישט לאנג גענומען איז ער שוין געווען ביי פאלקס טיר אין דער גראף־מאגיני־גאס, ער האָט אָנגעקלאפּט, אָבער נישט הערענדיג קיין ענטפער האָט ער די טיר געעפענט און איז אריינגעגאנגען, פאלק, וואס האָט זיכער געהאט אונרו־

היגע חלומות, איז אויפגעשפּרונגען פערשלאָפען, האָט געקוקט אויף זע־לען'ען נישט דערקענענדיג איהם.

— גוט אבענד ברודער! — האָט איהם זעלען בעגריסט.

— אך, דו ביזט עס? איך האָב געמוזט עטוואס זאָנדערבארעס חלום'ען, גוט נ'אווענט! זעץ דיך! און רויכער א ליולקע טאבאק; איז שוין אָוועגט?

זעלען האָט דערקענט וואָס פאלק'ן פעהלט, אבער ער האָט זיך נישט געמאכט ווייסענדיג.

— ביזט אודאי היינט נישט געוועזן אין „צינקאָפּ“?

— ניין, איך בין דאָרט נישט געוועזן; איך בין געוועזן אין „אידור־נא“.

ער האָט נישט געוואוסט אויף ריכטיג, צי ער איז דאָרט געוועזן אָדער ניט, ס'האָט זיך איהם אזוי גע'חלום'ט, אבער ער איז געוועזן צו־פריעדען, וואָס ער האָט אזוי געזאָגט, ווייל ער האָט זיך געשעהמט מיט זיין שלים־מזל.

— דאָס איז רעכט געוועזן — האָט זעלען צוגעגעבען, אין „צינ־קאָפּ“ האָבען זיי נישט קיין גוטע עסענס.

— ניין, אמת'דיג ניין, די פליישׁ־זופּ דאָרט איז פערדאמט שלעכט.

— און דער אלטער פּאסקודניאק שטעהט קעגען דיר און צעהלט וויפיעל שטיקלעך ברויט מען עסט אויף, דער דומקאָפּ!

ביי דעם וואָרט ברויט, האָט פאלק ערוואכט צום בעוואוסטזיין, אז ער האָט נאָך היינט קיין מיטאג נישט געגעסען, אבער קיין הונגער האָט ער שוין מעהר נישט געפיהלט, כאָטשע ער האָט געפיהלט א מיעד־קייט אין זיינע גלידער. אבער דער געשפּרעך איז איהם נישט געווען אנגענעהם, און ער האָט געמוזט גלייך אן אנדערען געשפּרעך אנפאנגען:

— נו, — האָט ער געזאָגט — דו וועסט דאָך האָבען דיין בילד ביז מאָרגען פאַרטיג?

— ניין, ליידער נישט!

— וואָס איז דען געשעהן?

— ס'איז מיר נישט מעגליך איך זאָל עס פאַרטיג מאכען.

— דו קענסט נישט? פאר וואָס זיצסטו נישט אין דער היים און ארבייטסט?

— אך, ס'איז די אַלטע אייביגע געשיכטע, ליעבער ברודער. עס פעהלט פארב! פארב!

— דאָס קען מען זיך העלפען: האָסטו אפשר קיין געלד נישט?
— ווען איך זאָל האָבען, וואָלט דאָך קיין נויט נישט געווען.
— איך האָב אויך קיין געלד, וואָס קען מען דאַ מאַכען?
— זעלען האָט די אויגען ארונטערגעלאָזט, ביז זיינע בליקען זיי־נען געפאַלען צום וועסטעל קעשענע פון פאַלק, דאָרט האָט ער דער־זעהן א זעהר דיקע גאָלדענע קייט, זעלען האָט זיך נישט געקענט פאָר־שטעלען אז דאָס זאָל זיין אמת'דיג גאָלד, ווייל דאָס האָט ער גאָר נישט געקענט בעגרייפען אז א מענש זאָל קענען אזוי פיעל געלד טראָגען אויף זיין וועסטעל, און ער האָט ווייטער גערעדט:
— ווען איך זאָל ווענינסטענס האָבען עטוואס צו פערזעצען, מיר זיינען אָבער אזוי אונפאָרזיכטיג געווען, אז באַלד ווי די זון האָט נאָר עטוואס אנגעהויבען וואַרעמען, האָבען מיר אונזערע ווינטערמאַנטלען פערזעצט.
פאַלק איז רויט געוואָרען, ער האָט נאָך אזעלכע זאכען נישט גע־טהאָן.
— לייהט איהר געלד אויף ווינטער־מאַנטלען? — האָט ער גע־פרעגט, — גיט מען געלד אויף דעם?
— אויף אַלעם קריגט מען עטוואס, אויף אַלעם, — האָט זעלען בעטאָנט, אז מען האָט נאָר עפּעס צו פערזעצען.
פאַר פאַלקס אויגען האָט זיך אַלץ גענומען דרעהען אזוי ווי אין א קרייז, ער האָט זיך געמוזט אוועקזעצען און ארויסנעהמענדיג זיין גאָל־דען זייגער'ל האָט ער געפרעגט:
— וואָס דענקסטו וועט מען קריגען אויף דעם זייגער'ל מיט'ן קיי־טעל?
זעלען האָט גענומען וועגען דאָס קייטעל מיט'ן זייגער'ל אין זיין האַנט און האָט עס בעטראַכט אזוי ווי א פאַך־קענער.
— איז דאָס גאָלד? — האָט ער געפרעגט מיט א שוואַכע שטי־מע.
— אודאי איז עס גאָלד!
— געצייכענט, אָט האָסטו דעם צייכען!
— דאָס קייטעל אויך?
— דאָס קייטעל אויך!
— הונדערט קראָנען! — האָט זעלען ערקלערט, שאָקלענדיג מיט די האַנד אַלש דאָס קייטעל האָט גענומען קלינגען. — ס'איז אָבער א

שאד! דו דארפסט נישט דיינע זאכען פאר מיר פערזעצען!

— נו, וועט עס זיין פאר מיר, — האָט פאלק געזאָגט — איך דארף אויך געלד, ווילסטו עס אין געלד פערוואנדלען, וועסטו מיר א טובה טהאָן!

— זעהסטו, פון מיינעטוועגען, זאָל זיין! — האָט זעלען געזאָגט, — איך וועל עס פערזעצען! נעהם דיך צוזאמען, ברודער! דאָס לעבען איז אמאָל ביטער, זעהסטו, מיר מוזען זיך דאמיט שלעפען.

ער האָט געקלאפט פאלק'ן הארציג אויף די פלייצעס, דערנאָך זיי־נען זיי ביידע אוועקגעגאנגען.

עס איז שוין געווען 7 אזייגער אין אָווענט, ווען זיי זיינען מיט'ן געלד לייהען פארטיג געוואָרען, זיי האָבען געקויפט פארבען און זיי זיינען געגאנגען צום רויטען צימער.

---

דער „סאלאן“ פון בערנס האָט ערשט אָנגעפאנגען צו שפיעלען א קולטור־היסטאָרישע ראָלע אינ'ם שטאקהאָלמער לעבען. מיט דעם וואָס ער האָט געמאכט אן ענדע צום „קאפע־שאנטאַט“ לעבען, וועלכעס ס'האָט שוין זייט די 60ער יאָהרען אין דער הויפט־שטאָדט עקזיסטירט. דאָ האָבען זיך פון זיבען א זייגער אין אָווענט פערזאמעלט מחנות יונגע לייט וואָס האָבען אן אבנארמאָל לעבען געפיהרט, דאָ זיינען גע־זעסען פיעלע יונגע מענשען, וועלכע די איינזאמע קעמערלעך און די דאך־שטיבלעך האָט זיך זיי צוגעגעסען, און זיי האָבען געוואָלט ליכט און ווארעמקייט געפינען און א מענשליכעס וועזען מיט וועמען צו פלוידערען. דער בעל־בית האָט פערשיעדענעס געטהאָן כדי זיין פובלי־קום צו אמוזירען. ער האָט געמאכט פאנטאָמימע, באלעטען, מען האָט איהם אָבער דייטליך געוויזען, אז מען איז נישט געקומען זיך צו אמו־זירען נאָר בלויז רוהיג און פריעדליך צו זיצען. זיי האָבען געזוכט א שפרעך־צימער, א פערזאמלונגס־צימער, וואו מען זאָל קענען יעדען אויגענבליק טרעפען א בעקאנטען, נאָר ווייל די מוזיק האָט דאָס רעדען נישט געשטערט, נאָר פערקעהרט, ס'האָט נאָך אינטערעסאנטער גע־מאכט, האָט מען געדולדעט.

אזוי איז בערנס „סאלאן“ געוואָרען דער קלוב פון די יוגענד אין גאנץ שטאקהאָלם. יעדער קרייז האָט זיך א בעזונדער ווינקעל גע־וועהלט, די קאָלאָניסטען פון ליל־דזשאנס האָבען זיך דאָס שאך־צי־מער אונטער דער דרום־גאלערי אויסגעקליבען, און ווייל ס'איז דארט

רויט מעבעל געשטאנען, האט מען עס קורץ גערופען: דאס רויטע צימער; דא האט מען זיך שטענדיג געטראפען, ווען אפילו מען איז געווען דעם גאנצען טאג ווי ווייט פערשפרייט, ווען ס'האט אמאל די קינסטלער געלד געפעהלט, האבען זיי זיך דא אן עצה געגעבען, זיי זיי־נען פשוט געגאנגען א לייה־זאמלונג מאכען, צוויי האבען אויף זיך גענומען די גאלערי דורכצוגעהן, און צוויי די אונטערשטע צימערען; און אלע מאל האט עס זיי געראטען, ווייל ס'האט קיינמאל נישט קיין פרישע געסט געפעהלט.

אבער היינט אווענט האבען זיי דאס נישט געדארפט, טאקע דורכ־דעם האט זיך זעלען שטאלץ און רוהיג אוועקגעזעצט אויף די רויטע זאפע, וועלכע איז געשטאנען אין'ם הינטערגרונד, נאכדעם ווי זיי האַ־בען פריהער מיט שפאס זיך געשפארט וואס זיי זאלען טרינקען, האבען זיי ענדליך בעשלאסען אז פריהער דארפען זיי עסען, צוערשט האבען זיי גענומען צי גלעזלעך שנאפס, פאלק האט געפיהלט זיינע כוחות וואקסען, איגבערג איז פלוצלונג פאר זיי געשטאנען, ער איז געווען בלאס און אבגעצערט אזוי ווי אלע מאל. זעלען האט איהם באלד געבעט־מען זיצען, קוקענדיג אויפ'ן טיש אויב ס'וועט זיין פאר איהם גענוג אז ער זאל קענען איינגאנצען אדער האלב זאט ווערען, האט איגבערג אנגענומען די איינלאדונג און האט זיך מיט פריינדליכער צושטימונג פון פאלק'ן אוועקגעזעצט.

— איהר האט א שארפע פעדער, הערר פאלק — האט איגבערג געזאגט.

— וואס? האב איך? — האט פאלק פערוואונדערט געפרעגט, נישט וויסענדיג אויב ס'האט ווער געשלאסען בעקאנטשאפט מיט זיין פעדער.

— דאס ארטיקעל האט געמאכט גרויס גליק.

— וועלכעס ארטיקעל? איך פערשטעה נישט.

— די קארעספאנדענץ אין די „פאלקס־פאהן" איבער דעם „קאַ־לעגיום פאר אויסצאהלונג פון בעאמטען געהאלטער".

— דעם ארטיקעל האב א י ך נ י ש ט געשריעבען.

— דארט אין קאלעגיום זאגט מען אבער אזוי, איך האב געטראַ־פען א בעקאנטען פון דארט, ער האט געזאגט, אז איהר זייט דער פער־פאסער פון דעם ארטיקעל, מען איז דארט פערביטערט געגען אייך.

— וואס זאגען זיי

פאַלק האָט זיך געפּיהלט א האַלב שולדיגער פאַר דעם אַרטיקעל, איצט ערשט האָט ער זיך דערמאָהנט וואָס שטראַווע האָט אין יענעם אָוועגט, ווען ער איז מיט איהם געווען צוזאַמען אויף דעם מאַזעס־באַרג, אויפגעשריבען. שטראַווע איז בלויז געווען א רעפּאָר־טער, ער האָט גערעדט... און פאַלק האָט געטראַכט, אַז כאָטש מען וועט איהם שטעמפּלען פאַר א סקאַנדאַל־שרייבער מוז ער אַלץ בע־שטעטיגען דאָס וואָס ער האָט געזאָגט, ווייל אַלץ איז אמת.

— נאַ, גוט! — האָט ער געזאָגט, — איך בין דער יעניגער וואָס כ'האָב געגעבען מאַטעריאַל פאַר דעם אַרטיקעל! — לאָמיר איצט פון עפּעס אַנדערש רעדען! וואָס דענקט איהר פון אולריקע עלע־נאָרא? איז זי נישט אַן אינטערעסאַנטע פּערזאָן? אָדער די זעע־פערזיכערונגס־געזעלשאַפט? אָדער האַקווין שפּעגעל?

— אולריקא עלענאָרא איז דער אינטערעסאַנטסטער כאַראַקטער און די שוועדישע געשיכטע, האָט איגבערג ערענסט געענטפערט, איך האָב געקראָגען א בעשטעלונג אַן אויפזאַץ איבער איהר צו שריי־בען.

— פון שמידט'ן? — האָט פאַלק געפרעגט.

— יאַ, פון וואַנען ווייסט איהר?

— איך האָב עס היינט מיטאָגס־צייט איהם צוריקגעשיקט.

— ס'איז אַן אונרעכט ניט צו אַרבייטען! איהר וועט חרטה האָבען, גלויבט מיר.

פאַלקס פּנים איז רויט געוואָרען און ער האָט גערעדט פיבע־ריש. זעלען איז געזעסען און האָט רוהיג גערויכערט; ער האָט זיך מעהר צוגעהערט צו די מוזיק ווי צום געשפּרעך וועלכעס ס'האָט איהם אַביסעל אינטערעסירט און אַביסעל האָט ער עס נישט בעגרי־פען, פון דאָרט וואו ער איז געזעסען האָט ער געקענט זעהען דורך די ביידע אָפענע טירען וועלכע האָבען געפיהרט צו דער דרום־גאַלערי, וואָס ס'איז פאַרגעקומען אין גרויסען זאַל, דורך דעם שטאַרקען ציגאַרען־רויך וואָס איז שטענדיג געווען צווישען די ביידע גאַלעריען, האָט ער פונדעסטוועגען געקענט זעהן די פּנים'ער און יעדען דערקענען, פּלוצ־לינג איז ער אויפמערקזאַם געוואָרען אויף עטוואָס פון דערווייטען, ער האָט א ריס געטהאָן פאַלק'ן ביי דער האַנט.

— נו, אזא אבנאַרער! זעה נאָר דאָרט אונטען, הינטער דער לינקער פאָרהאַנג!

— לונדעל!

— יא, טאקע ער, ער זוכט א מאנדראלענע! זעה, ער רעדט איצט מיט איהר, דאס איז א ליעבעס קינד!

זעלען האט בעמערקט אז פאלק איז רויט געווארען.

— זוכט ער דא זיין מיידעל? — האט פאלק ערשטוינט גע־פרעגט.

— יא, וואו דען זאל ער זי נעהמען? אין דער פינסטער קען ער זי נישט געפינען.

לונדעל איז גלייך צוגעקומען, זעלען האט איהם מיט בעדיי־טונגספולען בליק בעגריסט, לונדעל האט זיך פאר פאלק'ן העפלי־כער פערנייגט ווי אלע מאל, און האט אויף זיין מאדע אויסגעדריקט ערשטוינונג, ווען ער האט בעמערקט אז אויך איגבערג איז דא. איג־בערג וואס האט עס בעמערקט האט געוואלט זיך אביסעל גרויס מאכען פאר לונדעל'ן האט ער געפרעגט וואס לונדעל וועט עסען, לונדעל האט געמאכט גרויסע אויגען, ס'האט זיך איהם אויסגעוויזען אז ער געפינט זיך צווישען גרויסע מאגנאטען און האט זיך געפיהלט זעהר גליקליך, ער איז געווארען ווייך און מענשען־פריינדליך, נאך דעם ווי ער האט א ווארעם נאכטמאל בעקומען, האט ער געפיהלט אז ער מוז זיינע עמפפינדונגען ארויסזאגען. ער האט פאלק'ן געוואלט עט־וואס גרויסעס זאגען, ר'האט אבער נישט געקענט קומען צו דעם, ווייל גראד האט דער ארקעסטער אנגעפאנגען שפיעלען: „הער אונז שווערען" און באלד „א שטארקער פעסטונג איז אונזער גאט".

פאלק האט בעשטעלט מעהר צום טרינקען.

— איהר האט אויך אזוי ווי איך ליעב דאס גוטע קירכען־ליעד— האט לונדעל אנגעפאנגען.

פאלק האט נישט געוואוסט, צו האט ער ליעבער א קירכען־ליעד, און ער האט געפרעגט לונדעל'ן אויב ער וועט טרינקען פונטש. לונדעל האט זיך אביסעל פערטראכט: ער האט נישט געוואוסט צי זאל ער פאלגען און טרינקען אדער זאל ער אפשר נאך עטוואס עסען, ער איז צו שוואך צו טרינקען: דאס האט ער גערענקט, דורך זיין שטאר־קען הוסטען.

— מוחל זיין, איז א גוטע זאך — האט ער ווייטער גערעדט, טיעף און רעליגיעז איז דאס „מוחל־זיין", דאס שטיקעל פלייש וואס ר'האט געקייט אין מויל, האט ער געלעגט פון איין זייט אין דער

צווייטער און האָט זיך אומגעקוקט אויב מען בעוואונדערט נישט זיין רעדע. ער האָט זיך אָבער נישט געפיהלט געשמייכעלט זעהענדיג, דריי נארישע פּנים'ער, אזוי ווי ער וואָלט עפּעס געווען געזאָגט אן אונגעהייערע אונפערשטענדליכע זאַך, — ער מוז דייטליכער רעדען.

— שפּענגעל איז א גרויסער נאָמען און זיין רעדע איז נישט דאָסזעלבע וואָס די פּאריזער, מיר געדענקען אַלע אז ער האָט דעם הערליכען פערזען־ליעד געשריבען. „נו, שוויינען די קלאָגענדיגע קולות" צו דעם איז קיין גלייכען נישטאָ, אויף ס'וואהל! הערר פּאַלק! ס'פרעהט מיך מיט אייך צוזאמען צו זיין!

לונדעל האָט איצט דערזעהן, אז ער האָט גאר נישט ניט אין גלעזעל. — איך גלויב, אז איך מוז מיר נאָך אביסעל אָנגיסען.

אין פּאַלקס מוח האָבען צוויי געדאנקען געדרוישט: ערשטענס, דער חברה־מאן טרינקט ברוינפּען, צווייטענס, ווי אזוי ווייסט ער וואָס שפּענגעל האָט געזאָגט, עפּעס א פּערדאכט איז איהם געקומען אין קאָפּ אריין, נאָר ער האָט זיך נישט וויסענדיג געמאכט און האָט געענטפערט:

— אויף ס'וואָהל, הערר לונדעל!

דער אונאנגענעהמער געשפּרעך וואָס האָט געמוזט איצט נאָכקומען, איז גליקליכערווייזע איינגעשטילט געוואָרען, ווייל פּלוצינג איז אַלע אָנגעקומען. ער איז געקומען מעהר אָבגעריסען ווי אַלע מאָל שמוציגער ווי געוועהנליך. און נאָך'ן אויסזעהן נאָך, אזוי ווי א געלעהמטער. ער איז אָבער געווען פרעהליך און האָט געלאכט, און ווען ער האָט אויפ'ן טיש אזוי פיעל עסען און משקה דערזעהן, האָט ער צו זעלען'ס ערשטוינען אָנגעפאנגען דערצעהלען וואָס מיט איהם האָט פּאסירט, ער איז ווירקליך געכאפּט געוואָרען פון די פּאָליציי.

— דאָ האסטו די רעכנונג!

ער האָט דערלאנגט זעלען'ען איבער'ן טיש צוויי גרינע פערזעךצעטעל.

— מען האָט איהם אויף דער פּאָליציי־וואך געפיהרט, דאָרט האָט ער געמוזט א נאָמען אָנגעבען. ער האָט אבער נאַטירליך זיין נאָמען נישט געגעבען, נאָר א פאלשען, דאָרט ווייסט מען נישט אז ס'איז דאָ א מענש וואָס הייסט מאנטאנוס! וואו ער איז געבוירען, וויפיעל ער איז אלט, 28 יאָהר, האָט ער געזאָגט, דאָס איז א ליגען, „ווייל מיינדעסטענס איז ער אלט 40". וואו ער וואהנט: אין ליל־זשאַנס, דאָס איז אויך א ליעגען, „ווייל דאָרט וואָהנט נאָר אַ גערטנער" זיין בע־

רוף: קינסטלער! דאָס איז אויך אַ ליעגען, „ווייל ער זעהט אויס ווי אַ האפען־ארביימער".

— דאַ האָסטו די פארבען, פיער פלעשעלעך, קוק זיי נאָר אָן!

דערנאָך האָט מען איהם געפרעגט וואו ער האָט די זאכען גע־גנב'עט? און ער האָט געענטפערט, אז ער האָט זיי נישט גע'גנב'עט, דער וואכמייסטער האָט איהם אויף דעם אויפמערקזאם געמאכט, אז מען פרעגט איהם נישט צי ער האָט זיי גע'גנב'עט, נאָר וואו ער האָט זיי גע'גנב'עט! וואו? וואו? וואו?

— דאַ האָסטו געלד צוריק, פינף און צוואנציג פעניג, איך האָב גאָר נישט גענומען.

דערנאָך האָט מען איבער די גע'גנב'עטע זאכען אַ פּראטאקאָל אויפגעשריבען, און מען האָט עס מיט דריי זיעגלען פערזיעגעלט. ער האָט געזאָגט, אז ער איז אונשולדיג, אומזיסט האָט ער צו זייערע מענשליכע געפיהלען אַפּעלירט, ס'האָט נישט געהאָלפען, דער וואכ־מייסטער האָט אַ בעריכט אויפגעשריבען און אַלע האָט געמוזט אונ־טערשרייבען. דער בעריכט האָט געלויטעט:

„אַ מענשליכע פערזאָן פון פערדעכטיגען אויסזעהן, האָט מען גע־טראָפען געהענדיג מיט אַ בינטעל ביי די פערהאַפ־טונג איז ער געווען בעקליידעט מיט אַ ראָק פון גרינעם שטאָף, אָהן אַ וועסט, די הויזען פון בלויען טוך, אויפ'ן העמד איז געווען אַ צייכען פּ. ל. זיינע זאָקען זיינען געווען פון וואָל מיט אַ גרויען שטרייף, דער געפאנגענער האָט אָנגעגעבען אַ פאלשען נאָמען, אז ער הייסט אַלע מאנטאנוס! און האָט געוואָלט מאכען גלויבען אז ער איז אַ קינסטלער, זיין וואהנונג האָט ער איבערגעגעבען אויף לילי דזשאנס, וואָס ס'איז נאָכגעוויזען, אז ס'איז פאלש, ער האָט געפּרואווט זיך אנטקעגען צו שטעלען די פּאָליציי בשעת מען האָט איהם פער־האַפטעט, דערנאָך איז געווען אויסגערעכענט דער גאנצער אינהאלט פון די גע'גנב'עטע זאכען.

מען האָט טעלעפאָנירט צו דעם געפענגניס, און מען האָט גע־ברענגט אַ דראָזשקע, און דער געפאנגענער, דאָס בינטעל מיט אַ פּאָ־ליצמאַן האָט מען אויף דער דראָזשקע ארויפגעזעצט, און מען האָט איהם צום געפענגניש געפיהרט.

ווען זיי זיינען אין דער מינצען־גאס אריינגעפאָהרען, האָט אַלע זיין רעטער דערזעהן, דעם רייכסראטס־אבגעאָרדענטען פערלסאָן, זיין

לאַנדסמאַן, ער האָט איהם צוגערופען, יענער האָט בעוויזען אַז דער רעפּאָרט איז פאַלש, מען האָט איהם בעפרייט און דאָס בינטעל צו־ריקגעגעבען, איצט איז ער דאָ.

— דאָ האָט איהר די פראַנצויזישע ברייטלעך, בלויז פינף, איינס האָב איך אויפגעגעסען, און דאָ איז דאָס ביער.

ער האָט ווירקליך אוועקגעלעגט אויפ'ן טיש פינף ברייטלעך, וועל־כע ער האָט ארויסגענומען פון ראָק־קעשענע, און נעבען זיי אוועקגע־שטעלט צוויי פלעשלעך ביער וואָס ער האָט ארויסגענומען פון די הויזען־קעשענעס.

— פאַלק, דו מוזט איהם ענטשולדיגען, ער איז נישט געוואוינט מיט פיינע לייטע צו פערברענגען, בעהאַלט צוריק די ברייטלעך, אַלע! וואָס מאַכסטו פאַר אַ נאַרישקייטען? — האָט זעלען איהם בעפוילען.

אַלע האָט געפאָלגט.

שפּעטער איז רעהנהעלם געקומען, שטיל און בעטרונקען האָט ער זיך אוועקגעזעצט און האָט געזוכט אַ ציעל פאַר זיין בלאַנדזשעדי־גען בליק, וואו ער זאָל זיינע אויגען קענען אברוהען, צום שלום האָט ער געפונען דאָס סאַמעט־וועסטעל פון זעלען. און פון דאָרט האָט ער זיינע אויגען נישט געקענט אברייסען. אַזאַ שעהנער שטאָף! האָט ער געטראַכט, אויף אַ מינוט איז זיין פּנים העל געוואָרען, אַזוי ווי ער זאָל אַן אַלטען בעקאַנטען דערזעהן, דערנאָך איז די העלקייט פון זיין פּנים ווידער פערלאָשען געוואָרען, ווייל זעלען האָט זיך דעם ראָק צו־געקנעפּעלט.

איגבערג האָט אַלע'ן דערלאַנגט עסען און איז נישט מיעד גע־וואָרען צו דערמאַנען איהם צו טרינקען.

וואָס שפּעטער אין אָוונט איז די מוזיק פרעהליכער און דער געשפּרעך לעבעדיגער געוואָרען.

פאַלק האָט געפיהלט אַ גרויס פערגעניגען פון דעם צושטאַנד. דאָ איז וואַרעם, ליכטיג, לעבעדיג, ס'זיצען דאָ מענשען, וועלכע ער האָט זייער לעבען מיט אייניגע שעה פערלענגערט, און זיי זיינען דערפאַר גליקליך און פרעהליך געוועזען אַזוי ווי פליעגען, ווען זיי לעבען אויף פון אַ פּאָר זונען־שטראַהלען. ער פיהלט זיך מיט זיי פערבונדען, ווייל זיי זיינען דאָך אין גרונד גענומען, אונגליקליך; זיי זיינען פערשטענ־דיג; זיי פערשטעהען וואָס ער זאָגט, זיי רעדען ווי מענשען נישט ווי ביכער. אפילו זייער רויקייט האָט אַ געוויסען רייץ, ווייל ס'איז אַזוי

פיעל נאטירליכעס אין זיי פאראנען; אפילו לונדעלם חנופה פערדריסט איהם נישט, ווייל ס'איז אזוי נאאיוו און אויבערפלעכליך אז מען קען עס באלד דערקענען, און ער האט אלע מאל חרטה.

אזוי איז פערגאנגען דער גאנצער אווענט און דער טאג איז געווען צו ענד, דער טאג, וועלכער ס'האט פאר איהם געוויזען דעם צארענדיגען וועג פון'ם שריפטשטעלער לעבען.

## זיעבעטעס קאפיטעל.

### יעזוס' נאכפאלגער.

דעם צווייטען טאג אין דער פריה האט די ווירטין פאלק'ן איבערגעגעבען א בריעף, אין וועלכען ס'איז געשטאנען געשריבען:

„טייערער ברודער!

„אונזער העלר יעזוס כריסטוס, פריעדען צו איהם, די ליעבע פון פאטער און פון'ם הייליגען גייסט אמן!

„איך האב נעכטען אין דער „גרוי־הויבע" געלעזען, אז דו ווילסט ארויסגעבען די „פערזעהונגס־פאקעל" בעזוך מיך מארגען אין מיין טעטיגקייט 9 א זייגער אין דער פריה.

„דיין ברודער מיט יעזוס,

„נאטאנאעל סקארע"

ער האט דעם גרויסען געטליכען מאן סקארע נישט געקענט פערזענליך און ער האט אויך נישט געוואוסט פון דער „פערזעהונגס־פאקעל"; ער איז אבער געווען נייגעריג און ער האט בעשלאסען דעם אונפערשעהמטען רוף צו פאלגען.

9 א זייגער אין דער פריה איז פאלק געשטאנען אויף דער רעגירונגס־שטראסע פאר דעם גרויסען פיער שטאקיגען הויז, וועלכעס די פארענדיגע וואנט איז געווען בעדעקט מיט שילדען פון'ם קעלער ביז צום דאך: קריסטליכע בוכדרוקעריי „פריעדען" אקציען־געזעלשאפט; 2טער שטאק, לינקס רעדאקציאן, „ירושה פון גאט'ם קינדער" עקספעדיציע פון „דער זעלענפריעדען" 2טער שטאק רעכטס. רעדאקציאן פון די קינדער צייטונג „נעהר מיינע לעמער" 1טער שטאק. די־רעקטאריום פון דער „קריסטליכער בעטהויז־געזעלשאפט" לייהט געלד אויף היפאטעקען; 3טער שטאק "קום צו יעזוס" 4טער שטאק. אזוי איז געווען די גאנצע וואנט מיט שילדען בעדעקט פון פערשיעדענע קריסטליך פרומע געזעלשאפטען, וואס האבען מיט זייער קריסטליכקייט געשעפטען געפיהרט.

אונטען, לינקס, נעבען טויער איז געווען א קריסטליכע בוכהאנד־לונג. פאלק איז געבליבען שטעהען ביים פענסטער און האָט געלעזען די טיטלען פון די ביכער וואָס זיינען דאָרט געווען אויסגעלעגט.

ער איז ארויפגעגאנגען אויף גרויסע ברייטע טרעפּ, וועלכע האָ־בען אויסגעזעהען אזוי ווי זיי זאָלען ערגעץ פיהרען צו זינדיגע סודות.

ער איז אריינגעקומען אין א גרויס צימער, וואָס איז געווען איינגעריכטעט ווי א זאל פון א באנק־געשעפט און וועלכע עס זיצען נאָך נישט די קאסירער און די בוכהאלטער. אין דערמיט שטעהט א שרייבט־טיש, גרוים ווי אן אלטאר פון א קירכע, אָדער ווי אן אָרגעל וואָס האָט א סך טענער; אויף איהם איז געווען א גאנצע מענגע מיט עלעקטרישע דרוקערס, שפּראַך־רעהרען, וועלכע זיינען געווען מיט אלע צימערען פון'ם הויז פערבונדען. פאר דעם טיש איז געשטאַנען א מאן אין רייט־שטיוועל, מיט א גלח'ישען ראָק וואָס איז געווען ביים האלז מיט איין קנאָפּ פערקנעפּעלט און האָט אויסגעזעהן ווי אן אָפּענער יוניפארם: מיט א ווייסען האלז־טיכעל, זיין פּנים האָט אויסגעזעהן ווי א מאסקע פון א שיפס־קאַפּיטאן, ווייל דאָס ריכטיגע פּנים איז ביים שרייבטיש פערלוירען געגאנגען, דער גרויסער מאן האָט מיט א רייטבייטש געקלאַפּט אין די כוואַליעס פון זיינע שטיוועל און ער האָט געראויכערט א ציגאר און האָט כסדר דעם ציגאר געקייט, קענטיג צו זיין טעטיג מיט'ן מויל, פאלק האָט מיט ערשטוינען בעטראכט דעם גרויסען מאן.

— אה אזוי, איהר זייט דאָס דער פאלק, — האָט דער מאן גע־זאָגט, — ווילקאָמען, מיין פריינד! איהר וועט זיך אפשר צוקוקען צו מיין טהעטיגקייט! פערצייהט מיר, איהר זייט דאָך א גוטער קריסט! יאָ! דאָ איז די עקספּעדיציע פון דער דרוקעריי, ענטשולדיגט מיר אן אויגענבליק! ער איז צוגעגאנגען צום טיש. עפּעס ערגעץ אין רעהר אריינגעשריען, ס'האָט זיך געהערט אן ענטפער אזוי ווי א פייפען.

— ביטע, קוקט זיך דערווייל אוים!

ער האָט צוגעלעגט דאָס מויל צי א רעהר און האָט גערופען: זיעבענטער פאָך! ניסטרעם! אבטיילונג 8.

א שטימע האָט אין דער זעלבער רעהר געענטפערט: „מאַנוס־קריפּט פעהלט“. דער מאן האָט זיך אוועקגעזעצט ביים טיש ער האָט גענומען א פעדער און א בויגען פּאַפּיער און האָט אָנגעפאנגען שריי־בען אין דער זעלבער צייט האָט ער דורכ'ן ציגאר גערעדט:

— די דאָזיגע טהעטיגקייט, איז אזוי שווער — אז ס׳וועט באלד מיינע קרעפטען איבערשטייגען — און מיין געזונטהייט וואָלט פיעל שלעכטער געווען ווי איצט — ווען איך זאָל מיך נישט אזוי גוט פלעגען!

ער האָט זיך אויפגעשטעלט און האָט אריינגערעדט אין א צווייטע רעהר: קאָרעקטור פון „האָסטו די שולדען בעצאָהלט?“ דערנאָך האָט ער אין דערזעלבער צייט צו מיר גערעדט און געשריבען.

— איהר וואונדערט זיך — פאר וואָס — איך טראָג — רייטשטיוועל. דאָס איז — ווייל — ערשטענס — פון געזונדהייטס וועגען. איך רייט פיעל...

אַ יונגערמאַן איז אריינגעקומען מיט קאָרעקטור. דער מאַן האָט זיי דערלאַנגט פאַלק׳ן און האָט גערעדט דורכ׳ן נאָז, ווייל מיט׳ן מויל איז ער געווען צופיעל בעשעפטיגט: לעזט דאָס, איך בעט אייך! און מיט די אויגען האָט ער געזאָגט צום יונגען־מאַן „וואַרט!“

— צווייטענס ווייל איך בין אין דער אנזיכט, אז א מענש פון גייסט, דאַרף נישט אזוי ווי אנדערע מענשען זיך פארשטעלען מיט׳ן אייסערען, ווייל דאָס איז גאוה — און ס׳רופט ארוים זינד.

אַ בוכהאַלטער איז אריינגעקומען, דער מאַן האָט איהם בעגריסט מיט אַ קנייטש מיט׳ן שטערען, ווייל נאָר דער פּלאַץ איז נישט געווען בעשעפטיגט.

כדי נישט עפּעס אזוי צו זיצען האָט פאַלק גענומען די קאָרעקטור און האָט געלעזען.. „דער ציגאַר“ האָט ווייטער גערעדט — אלע אנדערע — מענשען — האָבען אויך — רייטשטיוועל — איך וויל אויף קיין פאַל נישט אנדערש זיין — איך — בין נישט קיין — פאַלשער — דורכדעם האָב איך אויך רייטשטיוועל.

ער האָט אוועקגעגעבען דעם יונגען מאַן דעם מאַנוסקריפּט וואָס ער האָט איצט אָנגעשריבען, און האָט געזאָגט צו פאַלק׳ן:

— איצט בין איך אין 5 מינוט פריי, ווילט איהר מיט מיר אין לאַנגער צימער געהען?

צום בוכהאַלטער:

— די שיף „צולולו“ לאַדענט אויף?

— יאָ, מיט בראַנפען! — האָט דער בוכהאַלטער געענטפערט מיט אַ פעררויסטעטע שטימע.

— געהט דאָס? — האָט ווידער דער מאַן געפרעגט.

— ס'געהט! — ענטפערט דער בוכהאַלטער.

— אין גאָט'ס נאָמען, קומט הערר פאלק!

זיי זיינען אריין אין דעם צימער וואָס איז געווען פול פאַליצעס מיט ביכער אויסגעשטעלט. דער מאַן האָט געקלאַפּט מיט'ן רייט־בייטש איבער די רוקענס פון די ביכער און האָט געזאָגט מיט שטאָלץ:

— דאָס האָב איך געשריבען; וואָס זאָגט איהר צו דעם? איז דאָס נישט פיעל? איהר שרייבט אויך עטוואס? ווען איהר וועט זיך דאוין האַלטען וועט איהר אויך אַזויפיעל שרייבען.

— „פערזעהונגס־פאַקעל“? הם! איך דענק אז דאָס איז א נאַ־רישער נאָמען, נישט אזוי? ווי אזוי זייט איהר אויף אזא נאָמען געקומען?

צום ערשטען מאָל האָט פאלק געהאַט די געלעגענהייט צו ענט־פערען, ווייל ווי אלע גרויסע מענער, האָט יענער זיך די פראַגען אליין געענטפערט. אבער פאלק האָט מעהר נישט געקענט ענטפערען ווי דאָס וואָרט „ניין!“ ווייטער האָט ער שוין נישט געקענט, ווייל דער מאַן האָט ווידער אָנגעפאַנגען רעדען.

— איך געפין, אז דאָס איז א נארישער נאָמען און איהר דענקט אז ס'וועט ציהען?

— איך ווייס פון גאָר נישט און איך פערשטעה נישט וואָס איהר רעדט.

— איהר ווייסט פון גאָר נישט?

ער האָט גענומען א צייטונג און געצייגט פאַלק'ן.

פאלק האָט געלעזען מיט ערשטוינען פאָלגענדע אַנאָנסע:

„מעלדונג צו סובסקרייבערס“: „פערזעהונגס־פאַקעל“ — א צייטשריפט פאר'ן קריסטליכען פובליקום, ערשיינט באלד אונטער דער רעדאַקציאָן פון ארוויד פאלק, דער פרייז געקרענטער פון דער אקאַ־דעמיע פון וויסענשאַפט. דאָס ערשטע העפט וועט האָבען „גאָטס בע־שאַפונג“ פון האקוויין שפעגעל. א דיכטונג אין פערזען פון רעליגיעזען גייסט און טיעפער קריסטליכקייט“.

ער האָט פערגעסען דעם שפעגעל צוריקצושיקען, איז ער איצט געשטאַנען און נישט געוואוסט וואָס צו ענטפערען.

— ווי גרויס וועט זיין די אויפלאַגע? וואָס? איך נעהם אז צוויי טויזענט! — צו ווענינ! טויג נישט! „מיין יונגסטעס געריכט“

האט צעהן טויזענד, און איך דרוק נישט מעהר ווי פופצעהן נעטא.

— פופצעהן?

— טויזענד, פופצעהן טויזענד, מיין יונגער העדר!

דער מאן האט דערוויייל פערגעסען די ראלע וואס ער דארף שפיע־לען און ער איז אריינגעפאלען אין א געוועהנליכען געשפרעך.

— איהר ווייסט, — האט ער ווייטער געזאגט — איך בין א בעליעבטער פערדיגער: איך קען דאס אהן בעריהמעריי זאגען, ווייל די גאנצע וועלט ווייסט עס, ווייסט איהר, אז איך בין זעהר בעליעבט, איך קען מיר נישט העלפען, אזוי איז עס שוין! איך וואלט געווען א ליגנער ווען איך זאל זאגען, אז איך וויים נישט דאס וואס די גאנצע וועלט ווייסט! נא! אין אנפאנג וועל איך אייער אונטערנעהמונג אונ־טערשטיצען, זעהט נאר דיעזען זאק! ווען איך זאל זאגען אז ער איז פול מיט בריעף פון פרויען — שרעקט זיך נישט, איך בין פערהייראט — בריעף פון פרויען וואס פערלאנגען מיין בילד, אסור אויב איך וואלט צופיעל געזאגט.

אין דער אמת'ן איז עס עפעס געווען א בייטעל מיט שטיק־לעך אבפאל פון פאפיער.

— און כדי פיעל מיה איינצושפארען און גלייכצייטיג א מענשען מיט עטוואס צו העלפען, האב איך מיר געדענקט, אז איך זאל אייך געבען די ערלויבניש, מיין ביאגראפיע צו שרייבען, דאן וועט איהר זיכער קענען דעם ערשטען נומער אין צעהן־טויזענד פערקויפען און ס'וועט זיין א זיכערער סוקסעס!

— אבער העדר פאסטאר! איך וויים גאר נישט פון דעם.

— דאס מאכט נישט! זיכער נישט! דער פערלעגער האט אליין צו מיר געשריבען, און האט מיין בילד געבעטען! איהר זאלט מיין ביאגראפיע שרייבען! כדי אייער ארבייט לייכטער צו מאכען האב איך געלאזט פון מיין פריינד דעם הויפט אינהאלט אויפזעצען; איהר דארפט נאר בלויז אן איינלייטונג שרייבען — און נאך א פאר הויפט איינגענשאפטען פון מיין כאראקטער. איצט ווייסט איהר שוין?

פאלק איז געבליבען אין פערלעגענהייט איבער דעם אלעם וואס דער מאן האט איהם געזאגט און ער האט זיך געוואונדערט פאר וואס דאס בילד איז אזוי וועניג עהנליך צום אריגינאל, און די האנד־

שריפט פון'ם פריינד איז כמעט דיזעלבע ווי פון'ם „בעליעבטען פערדיגער".

דער מאַן האָט איהם געגעבען דאָס בילד און דעם מאַנוסקריפּט, ער האָט די האַנט געדריקט, כדי פאַלק זאָל איהם דאַנקען.

— גריסט דעם פערלעגער.

— איהר קענט אבער נישט מ י י נ ע אנזיכטען, — האָט פאַלק פּראָטעסטירט.

— אנזיכטען? האָב איך דען וועגען אייערע אנזיכטען געפרעגט? איך פרעג קיין מענש נאָך זיינע אנזיכטען! גאָט זאָל מיך היטען! איך? קיינמאָל נישט!

ער האָט נאָך אמאָל אָנגעצייגט אויפ'ן אינהאַלט פון זיינע פערלאַגס ארטיקלען, האָט די טיר געעפענט, זיין ביאגראַפען שרייבער ארויסגעפיהרט און ער איז צוריקגעגאַנגען צו זיינע טעטיגקייטען.

ווי געוועהנליך האָט פאַלק צו זיין אונגליק נישט געקענט געפינען קיין פאַסענדען ענטפער, ערשט ווען ס'איז שוין געווען צו שפּעט, ער איז שוין אויף דער גאַס געווען, האָט ער דעם ענטפער געפינען, צופעליג איז א קעלער געווען אָפען; האָט ער די ביאגראַפיע מיט'ן בילד פון'ם מאַן מיט טויזענד טעטיגקייטען, דאָרט אריינגעוואָרפען, דערנאָך איז ער געגאַנגען צו דער נעהנטסטער צייטונגס רעדאקציאָן, כדי אריינצוגעבען א צוריקרופונג־אַנאָנסע וועגען דער „פערזעהנונגס־פּאַקעל" און א זיכערען הונגער־טויט אקעגען צו געהן.

## אכטעס קאפיטעל.

### ארעם פאטערלאנד.

דער זייגער אין דער ריטערהאלמסקירכע האט געשלאגען צעהן. א פאר טאג שפעטער ווען פאלק איז צוגעקומען צום רייכסראטס־גע־ביידע כדי דעם בעריכטגעבער פון'ם „רויטקעפעל" אין דעם צווייטען קאמער צו העלפען.

ער האט זיך צוגעאיילט, ווייל מען ווערט דא גוט בעצאהלט, האט ער געמיינט, אז מען מוז פינקטליך זיין; ער איז ארויף אויף די טרעפ און מען האט אנגעצייגט אז ער זאל געהען דורך דער רעפערענטען־גאלעריע צום צווייטען קאמער; מיט א פייערליכען געפיהל איז ער ארויף אויף די פאר ברעטער, וואס האבען געהאנגען אזוי ווי א טויבען־שלאק אונטער א דאך געזימס, דאס איז געווען דער פלאץ, פון וואנען „די מענער פון'ם פרייען ווארט" האבען זיך צוגעהערט, ווי די הייליגע אינטערעסען פון'ם לאנד ווערען בעשפראכען פון די „רייכס־ראטס־מיטגלידער" פאר פאלק'ן איז דאס געווען עטוואס נייעס. ער איז אבער ניט געווארען פון א זעהר גרויסען איינדרוק איבערוועלטיגט. ווען ער האט פון זיין געשטעל ארונטערגעקוקט און האט פאר זיך געזעהן דעם גרויסען לערען זאל, וועלכער האט אויסגעזעהן ווי א גרוי־סע שולע. דער זייגער איז געווען פינף מינוט נאך צעהן, אבער א חוץ איהם איז נאך קיין לעבעדיגער נפש ניט געווען, איייניגע מינוטען

לאַנג האָט געהערשט א שווייגען, און ס'האָט עראינערט אזוי ווי פאַר א פרעדיגען אין א דאָרפס־קירכע, דערנאָך האָט זיך דערהערט אזוי ווי עפּעס א קראַצען און ס'האָט אבגעקלונגען איבער'ן גאַנצען זאַל, „א ראַט" האָט ער געדענקט, האָט ער אבער באַלד דערקענט, אז קעגען איבער אויף דער צווייטער גאַלעריע, שטעהט עפּעס א קליינע פיגור און איז בעשעפטיגט א בלייפעדער צו פערשניצען. ער האָט געזעהען ווי די שטיקלעך שפּענדלעך זיינען אראָבגעפאַלען און זיינען געבליבען ליגען אויף די טישען אונטען אין זאַל.

זיינע אויגען האָבען ארומגעקוקט די לערע ווענט, ער האָט אָבער קיין רוהפּונקט ניט געפונען, צו ענדע האָט ער דערזעהן דעם גרויסען וואַנט־זייגער, נאָך פון די צייטען פון נאַפּאָלעאָן דעם 1טען, די ווייזער האָבען געצייגט אויף צעהן מינוט נאָך צעהן.

די טירען פון'ם הינטערגרונד האָבען זיך געעפענט און א מאַן איז אריינגעקומען, ער איז אלט, זיין רוקען איז פון די פיעלע עמטער וואָס ער בעזיצט, אביסעל געבויגען, זיין האַלז האָט זיך איינגעבויגען פון דעם לאַנגיעהריגען זיין אין די פייכטע אמטס־צימערען. קאָמיטע־זאַלען און באַנק־קאַנטאָרען. א׳ין זיינע לאַנגזאַמע שלעפּעדיגע שריט איז געלעגען עטוואַס אבדאַנקענדעס, ווי פון א פענסיאָנירטען, ער איז מיט זיינע שלעפּענדיגע טריט צוגעגאַנגען צום פּלאַטפאָרמע, צוקומענדיג דאָרט איז ער פאַר דעם אַלטען וואַנט־זייגער געבליבען שטעהען, ס'האָט אויסגעזעהען אז ער איז געוואוינט אזוי שטעהן צו בלייבען און זיך ארומצוקוקען אין אלע זייטען.

איצט איז ער געבליבען שטעהען און האָט פערגליכט זיין טאַשען־זייגער'ל מיט'ן וואַנט־זייגער, אונצופריעדען האָט ער געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און געמורמעלט אין זיך אריין: צו שנעל! צו שנעל! אז זיין זייגער'ל קען געהען איינגעהאַלטען, דאָס האָט ער ניט געדענקט. ער איז ווייטער מיט לאַנגזאַמע טריט געגאַנגען, אזוי ווי ער זאָל עפּעס

א ציעל פון זיין לעבען אקעגען געהען, און ס'איז א פראגע אויב ער האט דעם ציעל דארט אין דער הויך אויף די לעהנשטוהל נישט געפונען. קומענדיג אהין, איז ער געבליבען שטעהן; האט זיין בליק געווארפען אויף די גלענצענדע צוהערער פון בענק און טישען, האט ארויסגענומען זיין טאשענטוך און זיך די נאז אויסגעשנייצט, זאגענדיג עטוואס דאביי פון גרויסער בעדייטונג, צום ב"ש.:

— מיינע הערערען! איך האב מיך אויסגעשנייצט! — דערנאך האט ער זיך אוועקגעזעצט און איז פערזונקען אין א פרעזידענטען־רוהיגקייט וואס וואלט געקענט הייסען שלאף, ווען ער וואלט נישט געוואכט;

ער האט געדענקט אז ער איז אליין איינזאם מיט זיין גאט, גרייט ער זיך אן און זאמעלט קרעפטען פאר דער ארבייט פון'ם קומענדען טאג.

אין דער הויך פון אונטער'ן דאך האט זיך ווידער געהערט א שטיל קראצען. דערשראקען האט זיך דער אלטער אויפגעכאפט אזוי ווי פון א שלאף און האט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען, זיין בליק איז געווען אזוי שטארק, אזוי ווי ער זאל וועלען מיט איהם דעם ראט טויטען, פאר וואס זי האט געוואגט צו קראצען אין זיין געגענווארט, דערזעהענדיג אבער פאלק'ן איז זיין בליק מילדער געווארען. „ס'איז בלויז נאר א רעפערענט; איך האב זיך געשראקען אז ס'איז א ראט". דערנאך איז איהם בעפאלען א חרטה פאר וואס ער האט געהאט שלעכטען געדאנק, ער האט בעהאלטען זיין פנים אין די האנט און — האט געוויינט? — ניין, ער האט געריבען זיינע אויגען אבצואווישען דעם פלעק וואס דער אנבליק פון א נידעריגערען פון איהם האט געמאכט.

איצט האבען זיך די טירען געעפענט, און די מיטגלידער האבען אנגעפאנגען צו קומען, די ווייזער פון'ם וואנט־זייגער זיינען געקראכען ווייטער, ווייטער. א צייט איז אוועקגעגאנגען און בעגריסען און האנט־דריקען, דער ווארטפיהרער האט איינעם פריינדליך בעגריסט אן אנדערען מיט א בייזען בליק, קענטיג אז ער איז אויף איהם אין כעס.

דער רעפערענט פון'ם „רויטקעפעל" איז אריינגעקומען, העפליך, נישט איינגאנצען ניכטערען און פערשלאפען, פונדעסטוועגען האט ער פערגעניגען צו ענטפערען די ניי אנגעקומענע.

די טירען האבען זיך ווידער ווייט געעפענט, און ס'איז אריינגעקומען א מאן, מיט אזעלכע זיכערע טריט אזוי ווי ער זאל זיין ביי

זיך אין דער היים: הויפּט נאַטאַר פון שטייער־אַמט און אַקטען־האַל־טער פון'ם קאָלעגיום פאַר אויסצאָהלונג פון בעאַמטען־געלעהרטע; ער איז צוגעגאַנגען צום פּרעזידענטען־שטוהל, בעגריסט דעם וואָרט־פיה־רער אַזוי ווי אַן אַלטען בעקאַנטען, און געזוכט צווישען די פּאַפּירען אַזוי ווי ס'וואָלט געווען זיין אייגענע.

— ווער איז דאָס? — האָט פאַלק געפרעגט.

— דאָס איז דער אויבער־שרייבער, — האָט דער פריינד פון'ם „רויטקעפּעל" געענטפערט.

— וואָס? שרייבט ער דאָ אויך?

— אויך? דאָס וועסטו באַלד זעהן! זיי האָבען אַ גאַנצען שטאָק מיט שרייבער; זיי האָבען די בוידעמער פול מיט שרייבער און זיי ווע־לען באַלד דעם קעלער אויך פול שרייבער האָבען!

איצט האָט אָנגעהויבען אונטען צו רוישען אַזוי ווי אין נעסט פון מוראַזשקעס. דער האַמער האָט אַ קלאַפּ געטהאָן, ס'איז שטיל גע־וואָרען. דער אויבערשרייבער לעזט פאַר דעם פּראָטאָקאָל פון די פריי־הערינע זיצונג און אָהן קיין איינציגע בעמערקונג, ווערט דער פּראָטאָ־קאָל גוטגעהייסען. דערנאָך לעזט דערזעלבער מאַן פאָר אַ פערלאַנג, אויף אַ פירצעהן טעגיגע אורלויב פאַר יאַן יאַנסאַן פון לערבאַך, ס'ווערט בעוויליגט.

— האָט איהר דאָ אויך אורלויב? — האָט פאַלק געפרעגט ער־שטוינט.

— זיכער, יאַן יאַנסאַן מוז אַ היים פאָהרען קאַרטאָפּעל זעצען.

איצט פילען זיך אָן די זייטען גאַלעריען מיט יונגע לייט, בעוואָ־פענט מיט שרייב־פעדערען און פּאַפּיער, לויטער אַלטע בעקאַנטע פון דער צייט ווען פאַלק איז געווען בעאַמטער, זיי זעצען זיך אַלע אוועק ביי קליינע טישלעך אַזוי ווי צום קאַרטען שפּיעל.

— דאָס זיינען די שרייבער, — ערקלעהרט דער פריינד פאַלק'ן, זיי דערקענען דיך.

זיי טהוען עס ווירקליך, זיי טהוען אַלע די ברילען אָן און קוקען אַרויף צו איהם, אָבער מיט אַ מין שטאָלצקייט, אַזוי ווי אין טהעאַטער, ווי די וואָס זיצען אונטען אין'ם „פּאַרקעט" קוקען אַרויף צו די וואָס זיצען אויף די גאַלעריע.

דער אויבערשרייבער לעזט פאַר אַן אַנטראַג, „מען זאָל קוי־פען נייע טעפּיכע ביי די טיהרען, און מאַכען נייע מעשענע־נומערען פאַר

די פאכען ווי די אבגעאָרדענטע שטעלען זיך אוועק די קאלאשען, מען זאָל בעווילינען געלד.

אָהן דעבאטען ווערט בעווילינט.

— וואו זיצט די אָפּאָזיציע? — האָט פאלק געפרעגט.

— ווייסט זיי דער רוח וואו זיי זיצען.

— זאָגען זיי יא, יא, צו אַלעמען?

— ווארט נאָך אַ ביסעל ועסטו שוין הערען.

— זיינען זיי דען נאָך נישט געקומען?

— דאָ קומט מען און מען געהט ווען עס געפעהלט איינעם.

— דאָס איז דאָך פונקט אזוי ווי אין אמט!

דער קאָנזערוואטיווו שטראָווע וואָס האָט די לעצטע פאָר ווער־טער געהערט האָט געגלויבט, אז ער מוז זיך אננעהמען פאר דער רע־גירונג.

— וואָס זאָגט דער קליינער פאלק? ער דארף נישט אזוי רעדען.

אונטען האָבען זיך די פערהאנדלונגען אנגעפאנגען.

דער אויבערשרייבער האָט פארגעלעזען: 54טער בעריכט פון׳ם אויסשוס, איבער אַלאַ היפּסאנס אנטראג, די גרענעצען אויף די וועגען אבצושאפען.

וואלד־הענדלער לארסאן אוים נארלאנד פערלאנגט מען זאָל גלייך דעם אנטראג אָננעהמען. „וואָס זאָל אוים אונזערע וועלדער ווערען!“ האָט ער אויסגעשריגען; „איך וויל נאָר פרעגען, וואָס זאָל אוים אונזע־רע וועלדער ווערען?“ און קייבענדיג האָט ער זיך צוריק אויף די באנק געוואָרפען.

אזא ארט רעדען איז אין די לעצטע יאָהרען ארוים פון דער מאָדע, די סצענע איז געוואָרען אויסגעפייפט.

דער פערטרעטער פון אַ לאַנד האָט געשטימט פאר מוירען פון זאמד־שטיינער. פאַן שאָנען, וויל בעסער מען זאָל עס פון בוקס־בוים האָלץ מאכען; און אנדערער מאכט א פארשלאג, אז מען זאָל די פראגע איבערגעבען א קאָמיטע פון זאכפערשטענדיגער, דאָס ווארט „זאכפער־שטענדיגער“ האָט ער שטארק בעטאָנט, ביי דעם האָט אויסגעבראכען א שטורם צווישען די דעפּאטירטע. בעסער דעם טויט ווי א קאָמיטע! מען פערלאנגט אבשטימונג, דער אנטראג איז דורכגעפאלען. די בענרע־געצונגען בלייבען שטעהען ביז זיי וועלען אליין איינפאלען.

דער אויבערשרייבער לעזט ווייטער: עלטסטער בעריכט פון׳ם

אויסשוס. איבער קארל יאנסאָנס אנטראג, מען זאָל צוריקציהען די געלדער פון די ביבעל־קאָמיסיאָן, ביי דעם רופען פון דעם נאָמען פון שוין א הונדערט יעהריגע אלטע אינסטיטוציע, איז געוואָרען שטיל אין זאל, ווער ווער עס וואגען די רעליגיאָן אין איהר גרונד אנצוגרייפען, ווער ווער זיך דאָס אונטערוואַרפען דעם אלגעמיינעם האס פון׳ם פאָלק! דער בישאָף פאָן איסטאַד פערלאנגט דאָס וואָרט.

— זאָל איך שרייבען? — פרעגט פאלק.

— ניין, עס געהט אונז נישט אָן וואָס ער זאָגט.

קארל יאנסאָן פערלאנגט דאָס וואָרט.

— איצט וועלען מיר שרייבען! — זאָגט דאָס „רויטקעפּעל“.

קיין איינציגע שטימע האָט זיך נישט געהערט בשעת יאנסאָן האָט גערעדט, אבער ביי דער אבשטימונג איז דער אנטראג אנגענומען געוואָרען.

אין דער צייט ווען דער רעפּאָרטער האָט מיט א געוואוינטער האנט די שטומפּיגע רעדע פון קארל יאנסאָן צוגעפּוצט און א שטארק קעפּעל איבער דעם געשריבען, האָט זיך פאלק אויסגערוהט, ווען אָבער זיינע בליקען זיינען צופעליג געפאלען צו די בעזוכערס גאלעריע, האָט ער דאָרט דערזעהען אָן אלטבעקאנטען קאָפּ וואָס איז געלעגען אויף די אָנלעהן און האָט בעלאנגט צו אלע מאנטאנוס; אין דעם אויגענבליק איז ער גלייך געווען ווי א הונט, וועלכער ליגט און היט ערגעץ א ביין, ס׳איז טאקע עפּעס געווען דאביי נאָר פאלק האָט נישט געוואוסט.

איצט האָט זיך געוויזען, אונטען אויף די באנק אונטער דער רעכטער גאלעריע, פונקט וואו דאָס קליינע מענשעלע האָט די שטיקלעך שפּענדלעך פון זיין בלייפעדער געלאָזט פאלען, א מאן מיט א בלויען יוניפארם מיט דעם דריי שפּיציגען היטעל אונטער׳ן ארעם און א ראָל פּאַפּיער אין האנט.

דער האמער האָט געגעבען א קלאַפּ, און ס׳איז שטיל געוואָרען.

— שרייב, — האָט דאָס „רויטקעפּעל“ געזאָגט, — דו זאָלסט נאָר בלויז די ציפערען פערשרייבען, איך וועל שוין טהאָן דאָס איבעריגע.

— ווער איז דאָס?

— דאָס איז דער קעניגליכער פינאנץ־מיניסטער.

ער האָט פאָרגעלעזען פון׳ם פּאַפּיער די ראָלע:

— זיין מאיעסטעט מאכט א געניגענדען אנטראג, דורך זיין קעניגליכען אנטראגשטעלער, דער פינאנץ מיניסטער פון לאנד, צו מאכען

העבער די געלדער פאר די אדליגע יונגע־סטודענטען וואס שטודירען פרעמדע שפראכען, אונטער די אויסגאבען פון שרייב־מאטעריאלען און אנדערע קלייניגקייטען, אנשטאט 50,000 קראנען אויף 56,000 קראַ־נען.

— וואס זיינען דאס די קלייניגקייטען? — פרעגט פאלק.

— וואסער־גלעזער, שירם־שטענדערס, שפייקעסטלעך און נאך פערשיעדענע קלייניגקייטען. האלט דאס מויל; ס'קומט נאך מעהר!

די פאפיער־ראל האט וויטער געלעזען: זיין מאיעסטעט דער קעניג שטעלט אן אנטראג דורך זיין קעניגליכען פינאנץ מיניסטער, ס'זאל ווערען איינגעריכטעט זעכציג נייע אפיציערס־שטעלען אין די וועסטגאַ־טישע קאוואלעריע.

— האט ער זעכציג געזאגט? — האט פאלק געפרעגט פאר וועמען די אלע שטאטליכע אנגעלעגענהייטען זיינען פרעמד געווען.

— זעכציג האט ער געזאגט! שרייב נאר!

די פאפיער־ראל האט זיך אויפגעוויקעלט און איז געווארען וואס אמאל גרעסער און גרעסער:

— זיין מאיעסטעט דער קעניג מאכט אן אנטראג דורך זיין קע־ניגליכען אנטראג־שטעלער; מען זאל איינריכטען פינף נייע קאנצע־ליסטען־שטעלען אינ'ם קאלעגיום פאר אויסצאהלונג פון בעאמטען גע־העלטער.

ס'איז געווארען א גרויסע בעוועגונג צווישען די שרייבער און רע־פערענטען, און אויך א גרויסע בעוועגונג אויף פאלקס שטוהל.

דאס פאפיער האט זיך צוזאמען געוויקעלט.

דער ווארטפיהרער האט זיך אויפגעשטעלט, האט פערבויגענדיג זיך געדאנקט און האט געפרעגט: „פערלאנגט זיינע מאיעסטעט דער קעניג נאך עפעס?" דער בעזיצער פון דער פאפיער־ראל האט נישט ענטפערענדיג זיך אוועקגעזעצט און האט אנגעפאנגען אוועקצובלאזען די שפענדלעך וואס דער מאן האט פריהער געלאזט פאלען.

די פערהאנדלונגען זיינען וויטער געגאנגען. דער פויער סווען סווענסאן האט געבעטען דאס ווארט. אזוי ווי עפעס א נעגעבענער צייכען האבען זיך אלע רעפערענטען פון זייערע פלעצער אויפגעהוי־בען, נעגענעצט און זיך געלענגערט.

איצט וועלען מיר ארונטערגעהן עסען פריהשטיק, — האט דער

רעפּאָרטער פון'ם „רויטקעפּעל" ערקלעהרט, — מיר האָבען צייט אַ שטונדע מיט צעהן מינוט.

אָבער סווען סווענסאָן האָט געדעדט.

אַלע אבגעאָרדענטע האָבען זיך אָנגעפּאַנגען צו ריהרען, אייניגע זיינען ארויסגעגאנגען, דער וואָרטפיהרער רעדט מיט אַ פּאָר גוטע אבגעאָרדענטע און דריקט אויס אין דעם נאָמען פון דער רעגיערונג אן אונצופריעדענהייט, וואָס סווען סווענסאָן וועט זאגען, צוויי עלטערע מיטגלידער פיהרען אַ נייעם צו צום רעדנער און צייגען אויף איהם ווי אויף עפּעס אַ זאָנדערבארע חיה: זיי בעטראַכטען איהם אייניגע אויגענבליקען, געפינען איהם לעכערליך און קעהרען איהם זייער רוקען צו.

דער פּערטרעטער פון'ם „רויטקעפּעל" האָט געפונען פאר נויטיג, פאלק'ן אוים העפליכקייט צו ערקלעהרען.

— דער רעדנער איז די בייטש פון'ם הויז. ער איז נישט קאַלט נישט ווארעם, קיין פּארטיי דארף איהם נישט, מען קען איהם פאר קיין שום אינטערעס נישט געווינען, אבער ער רעדט, רעדט, אבער וואָס ער רעדט — דאָס קען קיינער נישט זאגען, ווייל קיין צייטונג ברענגט נישט פון זיין רעדען קיין בעריכט, און קיינער נעהמט זיך נישט די מיה די פּראָטאָקאָלען נאָכצוזעהען.

פאלק אָבער וואָס האָט געהאט אַ געוויסע שוואכקייט פאר אַלע וואָס ווערט פון אַנדערע נישט בעמערקט, איז געבליבען שטעהן און האָט זיך צוגעהערט צו סווענסאָן'ס רעדען; אַן עהרען־מאַן וואָס איז עהרליך זיין גאַנצען לעבען דורכגעגאַנגען, ברענגט פאר די קלאַגען פון די אונטערדריקטע און פערשקלאַפּטע — און קיינער הערט איהם נישט צו!

ווען זיי האָבען אָבגעגעסען און זיינען אביסעל פרעהליכע געוואָרען, זיינען צוריק ארויפגעגאַנגען און האָבען זיך געזעצט אין די היהנער־שטייג; אַ ווייל האָבען זיי נאָך געהערט סווען סווענסאָן רעדען, אָדער ריכטיגער געזאָגט געזעהן רעדען, ווייל איצט האָבען די אָבגעאָרדענטע אזוי הויך צווישען זיך גערעדט אז מען האָט בישט געהערט קיין וואָרט פון'ם רעדנער.

אָבער אַמאָל האָט דאָך געמוזט צו די רעדע אַן ענדע נעהמען, קיינער האָט נישט געהאט עטוואָס איינצואווענדען, זי האָט גאָר נישט

ארויסגערופען, עס איז געווען אזוי ווי זי איז גאר קיינמאל נישט גע־האלטען געווארען.

דער אויבער־שרייבער וואס איז אין דער צייט צו דעם קאלעגיום צוגעלאפען, זיך צו צייגען פאר די אמטס־דיענער, די אמטליכע ציי־טונג אנקוקען און דאס פייער אין אויווען אביסעל אויפרודערען, איז איצט ווידער געווען אויף זיין פלאץ און האט פארגעלעזען:

"72טער בעריכט פון דער רעגיערונגס־אויסשוס. איבער פערל־סאן'ס אנטראג, מען זאל שטיצען מיט 10,000 קראנען אויפצוריכטען די אלטע שקולפטור ארבייט אין דער קירכע פון טרעסקאלא.

אלע מאנטאנוס האט שרעקענדיג אויסגעזעהן, אזוי ווי א הונט וועלכער וויל שטארק דעם ביין בעוואכען.

— קענסטו דאס העסליכע געשטאלט דארט אויף די גאלעריע?

— האט געפרעגט דער „רויטקעפעל" פערטרעטער.

— אלע מאנטאנוס, יא, איך קען איהם.

— ווייסטו אז ער איז א לאנדסמאן פון דער טרעסקאלער קירכע?

פערלסאן האט דאס ווארט.

שטראווע האט מיט פעראכטונג דעם רעדנער דעם רוקען צוגע־דרעהט, אבער פאלק מיט'ן „רויטקעפעל" האבען זיך געמאכט פארטיג צום שרייבען.

— דו זאלסט אויפנעהמען די פראזען — האט „רויטקעפעל" בע־פוילען און איך די פאקטען.

נאך א פערטעל שעה איז פאלקס פאפיער געווען בעדעקט מיט פאלגענדע בוכשטאבען:

„פאטערלענדישע, קולטורעלע ווירטשאפטליכע אינטערעסען, בע־שולדיגונג, מאטעריאליזם לויט פיכטע, עהרווירדיגע טעמפעראמענט, אין דעם גלאנץ פון די מארגען־זון, אוים הייגדישע צייטען, פילאזאפיע, היילינע רעכטע, נאציאנאלע היילינע רעכטע, ליטעראטור, אקאדעמיע, געשיכטע, אלטערטום".

זיין גאנצע רעדע איז געווען א ים מיט פראזען.

די דאזיגע רעדע האט ארויסגערופען אביסעל הייטערקייט אי־בערהויפט ווען ער האט דערמאנט דעם טויטען פיכטע, און די פער־טרעטער פון די הויפטשטאדטישע און לאנדעס־באנק האבען גענומען דאס ווארט.

דער ערשטער האט געזאגט:

— כאָטש דער רעדנער קען נישט די קירכע און נישט פיכטע און כאָטש ער ווייסט נישט צו די גובס־געמעלדען זיינען ווערט די אויסגאבען פון צעהן טויזענד קראנען, גלויבט ער פון דעסטוועגען אז עס וועט פאר דעם הויז זיין זעהר שעהן דאָס געלד צו בעוויליגען, ווייל ס'איז דאָס ערשטע מאל אז די מאיאָריטעט זאָל פערלאנגען געלד אויף עפּעס אנדערש ווי אויף בריקען און פאָלקס־שוהלען.

דער צווייטער פון די לאנדעס־באנק האָט ווידער געזאָגט: „אז דער אנטראג שטעלער האָט רעכט, די פאטערלאנדישע קולטור מוז אונטערשטיצט ווערען, דאָס איז ריכטיג; צעהנטויזענד קראָנען מוז אויסגעצאָהלט ווערען, דאָס איז אמת! דער צוועק, דער ציעל, דער טענדענץ, איז א שעהנער, ליבענסווערט, פאטריאָטיש, אבער איין פעהלער איז דאָ בעגאנגען געוואָרען. פון וועמען? פון פאטערלאנד? נאָכ'ן שכל נאָך האָט דער אנטראגשטעלער רעכט, און דער רעדנער קען דעם צוועק, דעם ציעל, דעם טענדענץ ליבען, איך סימפּאטיזיר מיט'ן גאנצען הארץ מיט'ן אנטראג, איך פאָדער אויף אז אין נאָמען פון פאטערלאנד, אין נאָמען פון קולטור און אין נאָמען פון קונסט, אז אלע זאָלען פאר דעם אנטראג שטימען, אבער ווען מען זאָל וועלען אנדערש קלעהרען, און בעגרייפען איז דער אנטראג פאלש מאטיווירט, ווייל דער אנטראג־שטעלער האָט נישט קיין בעגריף פון דעם ארט און פון דער זאך.

דער קאפּ אויף די צוהערער־גאלעריע האָט אין דער צייט פון אב־שטימען גערדעהט מיט די אויגען און קאנוואולסיש געמאכט מיט די ליפּען, ווען אָבער דער אנטראג איז אָבגעשטימט געוואָרען און מען האָט איהם אָנגענומען, איז דער קאָפּ צווישען די אונצופריעדענע צו־הערער פערשוואונדען געוואָרען.

פאלק האָט שוין פערשטאַנען דעם צוזאמענהאנג צווישען פערל־סאָן'ס אנטראג, אָלע'ס אנוועזענהייט און זיין פערשווינדען.

אוים דעם טונקעלען וואלקען פון מענשען וואו אָלע מאנטאנוס איז פערשוואונדען, האָט א געזיכט ערשיינט, קלאָהר און העל און ליכ־טיג ווי די זון, און ארוויד פאלק וואָס האָט זיינע בליקען אין דער דאָ־זיגער ריכטונג געוואָרפען, האָט געמוזט זיינע אויגען אוועקנעהמען — עס איז געוועזען זיין ברודער, דער הויפּט פון דער פאמיליע, די עהרע פון זייער נאָמען וואָס ער וויל אמאָל גרויס און גליקליך מאכען. פאלק וויסענדיג אז זיין ברודער איז נישט צופריעדען מיט די נייע שטאַטס־

פארם, האט זיך געוואונדערט פאר וואס ער איז דא אנוועזענד. דער ווארט־פיהרער האט צוגעטיילט דאס רעכט צו אנדערם אנדערסאן, ער זאל אן אנטראג שטעלען, יענער האט מיט רוהיגקייט דעם אנטראג פארגעלעזען: אויפ'ן גרונד פון די געשעהענישען מוז איך אן אנטראג שטעלען, אז דער רייכסטאג זאל א בעשלוס פאסען, אז זיינע מאיעס־טעט דער קעניג זאל פאר אלע אקציענגעזעלשאפטען וועלכע ער האט די שטאטוטען בעשטעטיגט זיין פעראנטווארטליך.

די זון אויף די צוהערער־גאלעריע האט פערלוירען דעם גלאנץ אין זאל האט זיך א שטורם אויפגעהויבען.

גראף פאן שפלינט האט דאס ווארט:

— אזוי ווייט איז עס געקומען, מען פערגעסט זיך אזוי אז מען וואגט די רעגירונג צו טאדלען! איהר הערט מיינע העררען! מען טאַ־דעלט די רעגיערונג, אדער, וואס איז נאך ערגער; מען מאכט שפאס מיט איהר א גראבען שפאס, ווייל עטוואס אנדערש קען דיעזער אנטראג נישט זיין, א שפאס, זאג איך, ניין, נאך מעהר, אן אטענטאט, א פער־רעטעריי! א מיין פאטערלאנד! דיינע אונווירדיגע זיהן האבען פערגע־סען, וואס זיי זיינען דיר שולדיג! ווי קען עס אבער אנדערש זיין! אז דוהאסט פערלוירען דיין ריטערטום, דיין שילד און דיין מאכט! איך פאדער אויף דעם קערעל אנדערסאן, אדער ווי ער הייסט דארט,— זיין אנטראג צוריקצוציהען, אדער ער וועט, ביי גאט! — זעהען אז דער קעניג און דאס פאטערלאנד האט נאך פערטיידיגער, וועלכע וועלען א שטיין אויפהויבען און די קעפ פון די פעררעטערישע חיה צושמע־טערען!

בייפאל פון די צוהערער־גאלעריע, אונצופריעדענהייט אין זאל.

—הא, איהר גלויבט, אז איך האב מורא!

דער רעדנער מאכט אזוי מיט די הענט אזוי ווי ער זאל א שטיין ווארפען. די חיה אבער לאכט אזוי מיט טויזענדער געזיכטער, דער רעדנער צייגט אויף די רעפארטערס גאלעריע:

— דארט, דארט זיצט די חיה! איך הער זי שרייען, זי שרעקט מיך אבער נישט! שטעהט אויף איהר שוועדישע מענער! האקט אב דעם בוים, זעגט דורך די ברעטער, רייסט איין די באלקענס, צוברעכט די שטוהלען, צושפאלט די טישלעך אויף שטיקלעך, אויף קליינע שטיק לעך אזוי ווי מיין קליינער פינגער — ער ווייזט דעם פינגער — דער־נאך זאלט איהר פערברענען דעם גאנצען פאק! איהר וועט זעהען דאס

לאַנד וועט רוהיג בליהען און זיינע פלאַנצען וועלען צייטיג ווערען!
אזוי רעדט א שווערישער ערעלמאַן! דענקט וועגען דעם, פויערען!

די דאָזיגע רעדע וועלכע איז פאר דריי יאָהר אויפגענומען געוואָרען, מיט הורא און בראַוואָ געשרייען, און יעדעס וואָרט איז אין פראָטאָקאָל איינגעשריבען געוואָרען, כדי דערנאָך עס צו דרוקען און צוטיילט געוואָרען אין אלע פאָלקס־שוהלען און אלע אנדערע אנשטאַלטען, האָט איצט א שטורם ארויסגערופען, פון אלע זייטען האָט מען געשריגען, געליאַרעמט און פראָטעסטירט, אייניגע האָבען געשריגען, אז דאָס פאַטערלאַנד איז אין געפאהר, ווען דער קעניג וועט זיין פאר אלע אקציענגעזעלשאַפט פעראנטוואָרטליך, וועט דאָס לאַנד זיך אין ערגסטען צושטאַנד געפונען... מען האָט געשריגען, געליאַרעמט, אָם ענדע האָט דעם אנטראַג איבערגעגעבען אן אויסשוס־קאָמיטע, מיט אונבעשרענקטע צייט זיי זאָלען דאָס בעטראַכטען און אפשר שוין קיינמאָל קיין בעריכט נישט אריינברייננגען. דאָס „פאַטערלאַנד" איז גערעטעט געוואָרען. אָרעם פאַטער־לאַנד.

## נייינטעס קאַפּיטעל.

### פ ע ר ש ר י י ב ו נ ג ע ן.

א צייט שפּעטער אין א פריה־מאָרגען, איז קארל ניקאלאוס פאלק און זיין ליעבע פרוי, געזעסען ביי דעם קאַפע־טיש, ער איז געווען געגען זיין געוואוינהייט נישט אינ׳ם שלאָף־ראָק און פאַנטאָפעל, און די פרוי איז געגאַנגען אין א קאַסטבאַרען מארגען־קלייד.

— יאָ, זיי זיינען נעבכטען אלע פינף דאָ געווען און האָבען די זאַך פערקלאַגט, האָט די פרוי מיט א פרעהליכען שמייכעל געזאָגט.

— דאָס זאָל דאָך דער...

— ניקאלאוס! מערק דיר דאָס דו שטעהסט נישט מעהר הינטער דעם געשעפטס־טיש!

— וואָס זאָל איך דען זאָגען, אז איך ווער ביין?

— מען ווערט נישט ביין! דערנאָך קען מען זאָגען „עס איז צופיעל מערקווירדיג".

— נו, זאָל זיין, ס׳איז מערקווירדיג אז דו קומסט צו מיר שטענדיג מיט אזעלכע אונאנגענעהמע זאכען. רעד נישט מיט מיר פון אזאלכע זאכען וואָס רייצען מיך אויף.

— אזוי גאָר, אלטער מיינער! איך זאָל די צרות אליין טראָגען און דו גאָר נישט, לאָזט אלץ איבער צו מיר אפילו דיין ערגערניש

אויך, הער נאַר, האָסטו מיר דאָס צוגעזאָגט ווען מיר האָבען חתונה געהאט?

— רעכען דיך מיט מיר נישט אב; צייג מיר נישט דיין לאָגיק, נאַר רעד ווייטער! אלע פינף זיינען דאָ געווען, די מאמע און דיינע פינף שוועסטער!

— פיער שוועסטער! דו האסט נישט צופיעל ליעב דיין פאמי־ליע.

— דו האסט זיי אויך נישט אזוי פיעל ליעב!

— ניין, איך לייד זיי נישט!

— אלזאָ, זיי זיינען דאָ געווען, און האָבען זיך בעקלאָגט, אז מען האָט מיין ברודער פון אמט ארויסגעיאגט, וואָס דו האסט געלעזען אין „פאטערלאנד" איז עס נישט אזוי?

— און זיי זיינען געווען אזוי אונפערשעמט מיר צו זאגען, אז איך האָב מעהר קיין רעכט נישט שטאָלץ צו זיין. איך האָב זיך נאָך קיינמאָל נישט נידעריג געמאכט אזאלכע אויסדריקען צו זאגען.

— וואָס האָסטו זיי געענטפערט? דו האסט זיי זיכער נישט גע־שוויגען.

— אויף דעם קענסטו דיך שוין פערלאָזען, די אלטע האָט גע־סטראשעט נישט מעהר מיין שוועל איבערצוטרעטען.

— האָט זי אזוי געזאָגט? גלויבסטו, אז זי וועט וואָרט האל־טען?

— ניין, דאָס גלויב איך נישט, אבער זיכער איז, אז דער אל־טער....

— דו דארפסט דעם אלטען פון דעם נישט דערצעהלען.

— וואָס מיינסטו, אז איך וועל מיר דאָס ערלויבען, אבער צווי־שען אונז גערעדט, דער אלטער קומט קיינמאָל נישט אהער.

פאלק האָט זיך פערטראכט אביסעל און האָט ווייטער גערעדט:

— איז דיין מוטער א שטאָלצע? קען מען איהר גרינג בעליידי־גען? איך האָב נישט גערען צו בעליידיגען א מענש, דו מוזט מיר זאגען איהר נאטור, כדי איך זאָל וויסען ווי אזוי צו רעדען צו איהר.

— אויב זי איז א שטאָלצע? דאָס ווייסטו דאך: אט אזוי אויף איהר מאָדע. ווען זי זאָל צום ביישפיעל הערען, אז מיר האָבען געהאט געזעלשאפט און זי מיט די שוועסטער זיינען נישט געווען, וואלט זי שוין מעהר קיינמאָל נישט געקומען אהער.

— זיכער נישט?

— יאָ, אויף דעם קענסטו דיך פערלאָזען.

— ס'איז מערקווירדיג, אז מענשען פון איהר שטאַנד....

— וואָס פלוידערסטו?

— נאַר פרויען קענען אזוי עמפפינדליך זיין, הער נאַר, ווי שטעהט עס איצטער מיט דיין פעראיין? ווי אזוי רופסטו די פער־איין?

— „פאַר פרויען רעכטע".

— וואָס פאַר א רעכטע זאָל דאָס זיין?

— די פרוי זאָל איבער איהר אייגענטהום אליין האָבען צו שאַ־פען.

— דארף זי דען דאָס נישט?

— ניין, דאָס דארף זי נישט.

— וואָס פאַר אן אייגענטהום האָסטו דען וואָס דו טאָרסט נישט שאפען דריבער?

— דיין האלב פערמעגען, מיין אלטער. און מיין גדן!

— גאָט מייענר! ווער האָט דיר דאָס איינגערעדט אזאלכע נאַ־רישקייטען?

— דאָס איז נישט קיין נארישקייטען, דאָס איז דער גייסט פון דער צייט, זעהסטו, די נייע געזעצען וועלען מוזען אזוי בעשטימען: איך בעקום א העלפט, ווען איך וויל זיך פערהייראטהען און מיט דער העלפט זאָל איך קענען קויפען וואָס איך וועל וועלען.

— און ווען די העלפט געהט דיר אויס, וועל איך דיך מוזען פער־זאָרגען? פון דעם וועל איך זיך היטען!

— דו וועסט זיין געצוואונגען צו דעם, אז נישט וועסטו קומען אין ארבייטסהויז! אזוי שטעהט אינ'ם געזעץ, ווען מען וויל נישט די פרוי פערזאָרגען.

— ניין, הער אמאָל, איצט געהסטו שוין צו ווייט, האָט איהר שוין געהאַט א זיצונג? וואָס פאַר א פרויען זענען דאָרט געוועזען? דערצעהל!

— מיר האלטען נאָך ביי די שטאַטוטען אויסארבייטען און פארברייטונגען צו זיצונגען.

— וואָס פאַר א פרויען זיינען דאָס?

— ביז אהער בלויז די פרוי רעוויזאר האמאן און די גענעדיגע פרוי רעהנהעלם.

— רעהנהעלם! דאס איז זעהר א גוטער נאמען, איך גלויב אז איך האב איהם שוין אמאל געהערט. ווילט איהר אבער נישט אויך א נעה־קלוב גרינדען?

— שטיפטען ווילסטו זאגען! קענסט דיר דענקען, פאסטאר סקא־רע וועט אמאל אן אווענט קומען צו אונז פארלעזען.

— פאסטאר סקארע איז א פארטרעפליכער פרעדיגער און ער פערקעהרט אין די גרויסע וועלט, דאס איז גוט, וואס דו געהסט נישט איין מיט שלעכטע געזעלשאפט. קיין זאך איז פאר דעם מענשען אזוי געפעהרליך ווי שלעכטע געזעלשאפט, דאס האט מיין פאטער שטענדיג געזאגט און דאס איז געווארען איינע פון מיינע גרונדגעזעצען פון מיין לעבען.

פרוי פאלק האט געצופט שטיקלעך ברויט און האט זיי אריינגע־לעגט אין די לערע טאס פון די קאווע, הערר פאלק האט פון וועסטעל־קעשענע ארויסגענומען א צייהן־שטעכער און האט ארויסגענומען שטיקלעך קאווע פון צווישען די צייהן.

דאס דיענסט־מיידעל איז אריינגעקומען האט זיי דערלאנגט די צייטונגען און האט געמאלדען לעווינ׳ען.

— זאג איהם ער זאל ווארטען, — האט פאלק בעפוילען.

ביי דעם האט ער א שאר געטהאן מיט די פיס, כדי לעווין זאל שוין איצט הערען דאס אנקומען פון׳ם גרויסען מאן.

לעווין איז אין צימער אריינגעפיהרט געווארען, ער איז אויפגע־נומען געווארען ווי עפעס א בעטלער.

— האסטו א בלאנקעט ביי דיר? — האט פאלק געפרעגט.

— איך גלויב אזוי. — האט לעווין געענטפערט, און האט ארויס־גענומען וועקסעל־בלאנקעטען, — אין וועלכע באנק געהסטו אם ליעבסטען? פאר אלע בענק האב איך וועקסלען, נאר פאר איינע נישט.

— מיר וועלען נעהמען די זילבערבאנק — האט פאלק געזאגט.

— די איז גראד די איינציגע וואס טויג נישט — דארט קען מען מיך.

— זאל זיין די שוסטער־באנק, די שניידער־באנק, ס׳איז נישט קיין חילוק וועלכע, נאר מאך עס שנעלער.

מען איז געבליבען ביי די מוירער־באנק.

— איצט, — האָט פאלק געזאָגט מיט א בליק אזוי ווי ער וואָלט ביי יענעם די נשמה אבגעקויפט — איצט וועסטו געהען און וועסט דיר בעשטעלען נייע קליידער, נאָר ביי א יוניפארם־שניידער.

— א יוניפארם? ס'איז נישט נעטיג...

—שטיל, ווען איך רעד, קומענדען דאָנערשטאג מוז עס פארטיג זיין, ווען איך וועל אין מיין הויז די גרויסע געזעלשאפט האבען, דו ווייסט דאך, איך האָב מיין קראם און מיין לאגער פערקויפט און איך ערהאלט מארגען מיין בירגעררעכט אלס גרויסהענדלער.

— אה! איך גראַטולירע...

— שווייג, ווען איך רעד! איצט וועסטו געהען און מאכען א בע־זוך ביי מיין שוויעגער, מיט דיין פאלשער ארט און גרויסע פעהיג־קייט אונזיניגעס צו פּלאפּלען, וועסטו זי געווינען, דו זאלסט זי פרע־גען וואס זי זאָגט עפּעס צו מיין גרויסער געזעלשאפט וואָס איז ביי מיר געווען לעצטען זונטאג.

— האָסטו געזעלשאפט געהאט?

— שווייג, און פאָלג מיך! זי וועט גרינע אויגען מאכען און וועט פרעגען צו דו ביסט געוועזען איינגעלאדען, נאטירליך ביזטו נישט גע־ווען, ווייל ס'איז קיין געזעלשאפט נישט געווען, איהר וועט איך איינס ס'אנדערע אונצופריעדענהייט אויסדריקען, ווער מיט איהר גוטע פריינד מיך זאָלסטו פאר איהר פערלוימדען, אבער מיין פרוי זאָלסטו לויבען! דו פערשטעהסט?

— ניין, נישט אינגאנצען!

— דאָס דארפסטו אויך נישט, טהו אזוי ווי איך הייס דיר! נאָך איינס: ניסטרעם'ען קענסטו זאָגען, אז איך בין אזוי שטאָלץ געוואָ־רען, אז איך וויל שוין מיט איהם מעהר נישט פערקעהרען; זאָלסט עס טאקע זאָגען, וועסטו כאטש איינמאל זאָגען אמת! ניין,ווארט! מיט דעם וועלען מיר נאָך אבווארטען! דו זאלסט געהן צו איהם, וועסט רעדען פון דער גרויסער בעדייטונג פון דאנערשטאג, שטעלסט איהם פאר די גרויסע צוקונפט, די פיעלע וואהלטהאטען, די גלענצענדע אויס־זיכטען אויף ווייטער. דו פערשטעהסט?

— איך פערשטעה.

— דערנאָך וועסטו געהען מיט'ן מאנוסקריפּט צום בוכדרוקער און — דערנאָך...

— דערנאָך וועלען מיר איהם ארונטערדייסען!

— נו, ווען דו ווילסט דיך אזוי אויסדריקען, בין איך צופרידען.
— און איך וועל די פערזען ביי די געזעלשאפט פארלעזען און וועל זיי אויסטיילען.
— יא, יא! נאך איינס! זעה זאלסט דיך צוזאמענטרעפען מיט מיין ברודער! מאך דיך בעקאנט מיט זיינע פערהעלטניסע און מיט זיין פערקעהר! קלעב דיך צו צו איהם, געווין זיין פערטרויען — דאס איז לייכט; ווער זיין פריינד, זאג איהם, אז איך האב איהם בע־שווינדעלט, אז איך בין שטאלץ געווארען; און פרעג איהם וויפיעל ער וועט פערלאנגען, אז ער זאל זיין נאמען ענדערען!
לעווין'ס ווייסע געזיכט האט זיך מיט א לייכטע רויטקייט בעצוי־גען.
— דאס לעצטע איז העסליך, — האט ער שטיל ארויסגעבור־טשעט.
— וואס? הער נאר! אלס געשעפטס־מאן, וויל איך אין מיינע געשעפטען ארדענונג האבען; איך האב אונטערגעשריבען א וועקסעל פאר אזא און אזא גרויסע סומע; איך וועל עס זיכער מוזען בעצאה־לען..
— אה, ניין!
— אך, פלאפעל נישט, אין פאל דו שטארבסט, האב איך דאך קיין זיכערהייט, שרייב אונטער דעם דאזיגען שולד־שיין, ס'איז נאר בלויז פאר די פארמאליטעט.
לעווין האט מיט א ציטערענדיג הארץ און מורא האבענדיג פאר די פאלשקייט פון'ם שווינדלערישען פריינד, האט ער דאך דעם שולד־שיין אונטערגעשריבען.
די אונטעררעדונג איז געווען צו ענדע.

## צעהנטעס קאפיטעל.

### צ י י ט ו נ ג ס ־ ג ע ז ע ל ש א פ ט „ג ר ו י ח ו י ב ע"

שוועדען האט פערציג יאהר געארבייט כדי דאס רעכט צו בעקו־מען, וואס יעדער יונגער מענש האט געפלעגט צו האבען, מען האט ברא שורען געשריעבען, צייטונגען געגרינדעט, שטיינער געווארפען, באנ־קעטען געמאכט און רעדעס געהאלטען; די אייזענבאן בענוצט, הענט געדריקט, פריוווילינע מיליטער איינגעריכטעט, אזוי ארומעט האט מען קוים דערהאלטען דאס וואס מען האט געוואלט, די בעגייסטערונג איז געווען גרויס און בערעכטיגט, די אלטע טישען פון'ם אפער־קעלער, זיי־

נען געוואָרען טריבונען; דער דאַמפּף פון דעם רעפאָרם־פּונטש האָבען מאַנכען פּאָליטיקער ערצויגען, און ער איז שפּעטער געוואָרען אַ שרייבער, דער ריח פון רעפאָרם־ציגאַרען, האָט ערוועקט ביי פיעלע אַן עהרגייציגען חלום וואָס איז דערנאָך נישט מקוים געוואָרען, מען האָט אָבגעוואַשען דעם אַלטען שטויב מיט רעפאָרם־זייף און מען האָט געגלויבט אַז אַלץ איז גוט; דערנאָך איז מען געגאַנגען, זיך אוועקגעלעגט נאָכ'ן גרויסען ליאַרעם, כדי די גלענצענדע רעזולטאַטען אָבצוואַרטען, וועלכע זאָלען פון זיך אַליין קומען.

מען האָט געשלאָפען אַ פּאָר יאָהר און ווען מען האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז די ווירקליכקייט געשטאַנען פאַר די אויגען און מען האָט זיך אַרומגעזעהען, אַז מ'האָט זיך פערעכענט, דאָ און דאָרט האָט זיך געהערט מורמלען, די שטאַטס־מענער וועלכע מען האָט ערשט צו די הימלען אויפגעהויבען, זיינען קריטיקירט געוואָרען. די שטודירענדע יוגענד האָט אפילו אויסגעפונען, אַז מאַנכע אַנטראַגען ווערען געמאַכט פון אַזעלכע וואָס שטעהען זעהר און נאָהענטע בעציהונגען מיט'ן אַנטראַג ־ שטעלער און זיי מאַכען דאָס פאַר אייגענע אינטערעסען, געגנוג די דאָזיגע צווייג האָט זיך אויסגעצייכענט מיט אַ געוויסע פערלעגענהייט, וועלכע ס'האָט באַלד אָנגענומען דעם פאָרם פון אַלגעמיינע אונצופריעדענהייט, וואָס מען רופט „אָפּאָזיציאָן“, ס'איז אָבער אַ נייע אַרט אָפּאָזיציע, זי איז נישט געווען, ווי געוועהנליך געגען די רעגירונג געריכטעט, נאָר געגען דעם רייכסטאַג, ס'איז געווען אַ קאָנזערוואַטיווע אָפּאָזיציע, און ליבעראַלע אַזוי גוט ווי קאָנזערוואַטיווע האָבען זיך אָנגעשלאָסען אין איהר, יונגע און אַלטע; ס'איז געווען אַ גרויסער עלענד אין לאַנד.

דאַמאָלס איז געשעהן, אַז די צייטונג „גרויהויבע“, וועלכע איז צווישען ליבעראַלע ערעלליים, געבוירען און ערצויגען געוואָרען, האָט אָנגעפאַנגען איינצושלאָפען, ווייל זי האָט געוואָלט פערטיידיגען די אַנזיכטען וואָס זיינען נישט פּאָפּולאַר געווען.

די דירעקציאָן האָט ביי דער גענעראַל פערזאַמלונג געשטעלט אַן אַנטראַג געוויסע אַנזיכטען צו ענדערען, ווייל די אַלטע ברענגען ניט אַריין די נויטיגע צאָהל אַבאָנענטען. די גענעראַל־פערזאַמלונג האָט דעם אַנטראַג אָנגענומען, און די צייטונג די „גרויהויבע“ געהערט שוין פון איצט אָן צו די קאָנסערוואַטיווען. ס'איז אָבער געווען דאַביי אָן אָבער. מען מוז דעם שעף־רעדאַקטאָר וועקסלען, כדי זיך נישט צו בלאַ־

מירען ; די אנדערע מיטגליעדער פון דער רעדאקציע מעגען בלייבען, מען דארף אבער א נייעם שעף־רעדאקטאר, האט מען אנגעפאנגען זוכען א נייעם שעף־רעדאקטאר.

דער יעניגער וועד עס וועט אננעהמען מוז האבען פאלגענדע אייגענשאפטען : ער מוז אונבעדינגט דאס פערטרויען פון אלע מיטבירגער געניסען, ער זאל צו די בעאמטענשאפט בעלאנגען, א טיטעל בעזיצען, חוץ דעם זאל ער האבען א רעספעקטפולע ערשיינונג, כדי מען זאל איהם אויף פעסטען און אנדערע עפענטליכע פערגעניגונגען קענען צייגען. ער מוז זיין נישט זעלבסטשטענדיג; אביסעל דום, ווייל די געזעלשאפט ווייסט אז אמת׳ע דומהייט האט אלע מאל קאנזיוועדטיווע געדאנקען, נעבען דעם אין געוויסען גראט חנופה׳דיג, כדי ער זאל אלע מאל פיהלען דעם ווילען פון זיינע פארגעזעצטע און ער זאל נישט פערגעסען, אז דער וואהל־זיין פון דער אלגעמיינער געזעלשאפט איז א פריוואט זאך, צו דער זעלבער צייט מוז ער זיין אן עלטערער מענש, ווייל אן עלטערען קען מען לייכטער ביי די צוים פיהרען, ער זאל אויך זיין פערהייראט, ווייל די געזעלשאפט האט אנגעזעהען, אז פערהייראטע מענשען זיינען בעסערע שקלאפען.

אזא פערזאן איז געפונען געווארען און ער האט די אלע אייגענשאפטען געהאט, ס׳איז געווען א וואונדערבארער שעהנער מאן, פון א זעהר גוטע פיגור, מיט א שעהנע בלאנדע בארד, וועלכע האט אלע שוואכע פונקטען פון זיין פנים פערשטעלט, זיינע גרויסע אפענע פאלשע אויגען, האבען יעדען איינציגען געפאנגען און זיי פערטרויען צו גע׳גנב׳עט, זיין אביסעל פערשטעלטע שטימע, וואס האט נאר ווערטער פון ליעבע און פריעדען גערעדט, האט פיעלע צוהערער צוגעצויגען, זיי האבען זיך ארום דעם פונש־טיש פערזאמעלט וואו דער פארטרעפליכער מאן האט זיינע אווענטען צוגעברענגט, צו צוהערען ווי ער האט גערעדט פון גערעכטיגקייט און פאטערלאנדס־ליעבע.

ס׳איז געווען וואונדערבאר, וואס פאר אן איינפלוס דיעזער עהרען־מאן האט אויף זיינע שלעכטע אומגעבונג אויסגעאיבט. די גאנצע געשרייען וואס מען האט יאהרען לאנג אויף אלץ וואס איז אלט געווען, געמאכט, מען האט אויף די רעגירונג און בעאמטע געהעצט, די אלע נעגנער זיינען געווארען שטיל און צופריעדען.

אין דעם ענגען קרייז פון דער צייטונגס־געזעלשאפט, האט דער שעף־רעדאקטאר ביים אננעהמען די שטעלע געמאכט פאלגענדען פראג־

דאָס: אַלץ וואָס איז ניי און גוט צו פערפאַלגען. אַלץ וואָס איז אַלט און שלעכט צו לויבען און פערטיידיגען, פאַר די וואָס האָבען מאַכט זיך צו בוקען, אויפצוהויבען די וואָס האָבען גליק, די נידער צו שלאָגען וואָס ווילען ווערען גרויס, דעם ערפאָלג צו פערעהרען און דעם אונגליק אָב־צולאַכען. אזוי האָט עס געהייסען אין געהיים. אין דער עפענטליכקייט האָט מען אבער דעם פראָגראַם אזוי געשריבען:

„נאָר דאָס אויסגעפּרוּאווטע און דאָס אנערקענטע צו שטיצען און מיט בייפאַל בעגריסען, אבער אַלע נייע ערשיינונגען צו בעקעמפּפען, שטרענג אבער גערעכט, יעדען פערפאָלגען, וואָס וויל אויף נישט קיין עהרליכען וועג גרויס ווערען, ווייל נאָר די עהרליכע דאַרפען האָבען ער־פאָלג".

דער לעצטער פונקט איז ביי די רעדאַקציאָנס מיטגליעדער צום ליעבסטען געווען, די רעדאַקציע איז בעשטאַנען פון לויטער מענשען, וועלכע האָבען זיך אויף פערשיעדענע אופנים אין זייערע האָפענונגען אבגענאַרט, די מייסטען פון זיי דורך זייער אייגענע שולד, הויפּטזעכ־ליך דורך לייכטזין און טרינקען; אייניגע זיינען אמאָל געווען אזוי גערופענע זשעניען. זיי האָבען אמאָל גרויסע נעמען געהאַט אלס זינ־גער, רעדנער, פּאָעטען און הומאָריסטען און זיי זיינען מיט רעכט פערגעסען געוואָרען, זיי אליין האָבען עס בעטראַכט פאַר אונגערעכט. דאָך האָבען זיי געמוזט א רייהע פון יאָהרען מיט ערגערניש אַלע אונ־טערנעהמונגען, אַלע נייע זאַכען, לויבען און שבחים זינגען, איצט אבער וועלען זיי קענען ראַכע נעהמען: אַלץ וואָס איז ניי און וועט קומען פון נייע טאַלענטען וועלען זיי אַרונטער רייסען, מעג עס זיין גוט אָדער שלעכט.

דער שעף־רעדאַקטאָר איז אויך מיט דעם גרויס געווען, וואָס ער האָט געקענט דערשפּירען נאַרישקייטען און אונעהרליכקייטען; ווען אָן אָבגעאָרדנעטער האָט זיך אמאָל ארויסגעזאָגט געגען אָן אנטראַג, וואָס איז אריינגעבראַכט געוואָרען פון דער אַלטער גוואַרדיע, האָט מען איהם גלייך גערופען הומבאָג־מאַכער, אז ער וויל זיין אָריגינעל און יאָגט זיך נאָך א מיניסטער פּראַק;

אין דער פּאָליטיק איז ער אָבער נישט געווען גענוג שטאַרק, פאַר דעם איז ער געווען שטאַרק אין דעם ליטעראַטור. ער האָט אמאָל ביי א נאָרדישען פּעסט אנגעשריבען א טאָאַסט אין פערזען, האָט ער מיט דעם די וועלט ליטעראַטור בעשאָנקען, ער האָט עס געלאָזט אבדרוקען

אין פיעלע פראווינץ צייטונגען, כדי ער זאל בלייבען אונשטערבליך. מיט דעם האט ער זיך שוין גערופען דיכטער, און ווען ער האט דעם עקזאמען אויסגעהאלטען, האט ער זיך געקויפט א בילעט צווייטע קלאס און איז געפאהרען קיין שטאקהאלם געניסען דעם כבוד פון קינסטלער־טאלאנט. צום אונגליק אבער לעזען די גרויסשטעדטישע קיין פראווינץ צייטונג ניט, זיין טאלענט איז געווען אונבעקאנט און ער איז נישט אבגעשאצט געווארען.

נאר ווייל ער איז געווען א קלוגער מאן, זיין קליינער שכל איז קיינמאל נישט פערשטעלט געווארען מיט פאנטאזיען, האט ער די וואונד פון נישט אנערקענונג בעהאלטען ביי זיך, און ס'איז געווארען דער סוד פון זיין לעבען.

ער איז געווארען א ליטעראטור־קריטיקער, ער האט אבער אליין נישט געשריבען, ווייל ס'האט נישט געפאסט צו זיין הויכע שטעלונג, דאס האט ער איבערגעלאזען צו דעם אפיציעלען מיטארבייטער פון'ם רעדאקציאנס־קאלעגיום, ס'איז אבער געגאנגען אונטער זיין צענזאר.

דער קונסט־קריטיקער פון דער צייטונג „גרוי הויבע" איז געווען אן אלטער אקאדעמיקער וואס האט נאך קיינמאל אין זיין לעבען קיין פענזעל אין דער האנט געהאלטען, ער האט אבער בעלאנגט צו די גלענצענדע קינסטלער־געזעלשאפט „מינערווא" און איז דורכדעם אין שטאנד געווען פאר'ן פובליקום אזאלכע בילדער צו בעשרייבען, וועלכע זיינען נאך אפילו נישט פארטיג געווען, און ער האט פערשפארט די לעזער צו האבען אן אייגענע מיינונג. ער איז שטענדיג געווען מילד צו זיינע בעקאנטע און האט קיין איינציגען פון זיי נישט פערגעסען, ווען ער האט געשריבען וועגען אן אויסשטעלונג. ער איז געווען אזוי גוט געאיבט אין זיין שרייבען איז אין איין שפאלט פון דער צייטונג האט ער געקענט שרייבען איבער צוואנציג אזעלכע מאהלער. דאגעגען אבער די יונגע קינסטלער האט ער קיינמאל נישט דערמאנט, דאס פובליקום האט קיינמאל נישט געוואוסט אז ס'איז פארהאנען א יונגע נייע ריכטונג אין דער קונסט און זיי האבען שוין געצווייפעלט אויב ס'איז דא א צוקונפט פאר די קונסט, איין אויסנאהם האט ער אבער געמאכט, דאס איז טאקע איצט געשעהן און טאקע אין אן אונגליקליכע שעה, דורכדעם האט זיך די צייטונג געפונען אין א שלעכטע לאגע.

דאס איז אזוי געשעהן: אונזער בעקאנטער יונגער מאהלער, זעלען, איז אינ'ם לעצטען אויגענבליק געקומען מיט א בילד צו דער אויס־

שטעלונג, ער האָט דעם ערגסטען פּלאַץ בעקומען, ווייל ער האָט נישט געהאט קיין קעניגליכען מעדאל און האָט אויך נישט בעלאַנגט צו דער אקאדעמיע, ער האָט געמוזט אָנקומען צום „פּראָפּעסאָר קאַרל דער 9טער", מען האָט איהם אַזוי גערופען, ווייל ער האָט קיינמאָל קיין אַנ־דער סצענע געמאהלען נאָר פון קאַרל דעם 9טען! דאָס איז פון דעם גע־קומען וואָס ער האָט אמאָל אבגעקויפט א ווייז־גלאָז, א טישטוך, א שטוהל און א פערגאַמענט פון דער צייט פון קעניג קאַרל דער 9טער, זייט די לעצטע צוואַנציג יאָהר האָט ער דאָס נאָר געהאלטען אין איין איבערמאָהלען. א מאָל צוזאמען מיט קעניג קאַרל און אמאָל אָהן דעם קעניג. ער איז אבער איצט געווען פּראָפּעסאָר מיט א סך אָרדענס, גע־גען איהם האָט מען גאָר נישט געקענט טהאָן, אויף דער אויסשטעלונג איז ער געווען צוזאמען מיט די אקאדעמיש־געבילדעטע קריטיקער. ווען זיין אויג איז געפאלען אויף זעלען'ס בילד, האָט ער געזאָגט:

—אַזוי, איהר זייט שוין ווידער דאָ מיין הערר? — און אָנטהור־ענדיג זיך די ברילען האָט ער ווייטער גערעדט: — אָט דאָס זאָל דאָס זיין דער נייער סטיל! הערט נאָר מיין הערר! פאלגט אמאָל אַן אַל־טען מאַן: נעהמט דאָס בילד אוועק! נעהמט דאס בילד אוועק! אָדער איך וועל שטארבען. וואָס זאָגסטו צו דעם ברודער?

ברידער האָבען זיך אַלע די גערופען וועלכע האָבען בעלאַנגט צו דער אקאדעמיע.

דעם ברודערס מיינונג איז געווען, אַז דאָס איז גאַנץ איינפאַך אונפערשעהמט צו ברענגען אַזא שמירערייי אויף דער אויסשטעלונג, און ער האָט געראָטען זעלען'ען ווי א גוטער פריינד, אַז ער זאָל בעסער ווע־רען א שילדרען־מאהלער.

זעלען האָט שטיל אבער סאטיריש געענטפערט: ווייל ער זעהט, אַז צו דער מלאכה פון שילדרען־מאהלעריי האָבען זיך פיעל אַנדערע גע־נומען האָט ער בעסער אויסגעקליבען דעם קינסטלערישען וועג דורך וועלכען מען קען זיך שנעלער ארויפארבייטען.

די דאָזיגע חצופה'דיגע אנטוואָרט האָט דעם פּראָפּעסאָר בייז גע־מאכט, האָט ער זיך צו זעלען'ען געקעהרט מיט'ן רוקען און האָט איהם געסטראשעט אַז ער וועט שוין קיינמאָל ניט קענען זיין פערטרעטען צו אַן אויסשטעלונג, און דאָס בילד וועט אויף ארונטערגעריסען ווערען.

די אויסשוס־קאָמיטע וואָס זיינען אויסגעקליבען געוואָרען איינ־צוקויפען בילדער פאַר די שטאָדט, פאַר דעם געלד וואָס דאָס פּובליקום

האָט געגעבען כדי צו שטיצען די אייגענע נאציאָנאַלע קינסטלער: די דאָזיגע קאָמיטע האָט געהאַט א פערזאמלונג אונטער פערשלאָסענע טירען, און ווען די טירען האָבען זיך געעפענט, האָבען זיי בעקאַנט געמאכט, אז זיי האָבען געקויפט זעקס בילדער, דער אויסצוג פון׳ם פּראָטאָקאָל איז געווען אין די צייטונגען: דער קונסטפעראיין האָט נעכטען געקויפט פאָלגענדען ארבייטען: 1) „וואסער מיט אקסען“, לאַנדשאַפט פון׳ם גרויסהענדלער קאַרל; 2) „גוסטאוו אדאָלף פאַרם־בראַנד מאגדעבורג“, א געשיכטליך בילד פון לייוועגט־הענדלער ל.; 3) „א שנייצענדיגעס קינד“ פון דעם לייטענאַנט מ.; 4) „א שיף אין האַפען“ פון שיפ׳ס אָפיציער נ.; 5) „געהילץ מיט פרויען“, לאַנדשאַפט פון קעניגליכען סעקרעטער אָ.; 6) „היהנער ביים טייך“ פון שווישפּיעלער פּ.

די דאָזיגע קונסטווערק וואָס האָבען דורכשניטליך געקאָסט טויזענד קראָנען, זיינען דערנאָך אין די „גרוי הויבע“ געלויבט געוואָרען, דער רעצענזאַנט האָט ביי דעם די געלעגענהייט געפונען די יונגע מאָהלער מיט זייער נייע ריכטונג ארונטערצורייסען, אויך זעלען איז געווען אין דער רייהע, מען האָט איהם אזוי געמיין ארונטערגעריסען, אז אפילו זיינע געגנער האָבען געפונען אז דאָס איז אן אונרעכט. פאָלגענדעס איז אין די „גרוי הויבע“ איבער איהם געזאָגט געוואָרען:

„אז ער האָט נישט קיין שפּור פון טאלאַנט, אז זיין קונסט איז הומבאג און דומהייט“, אפילו זיין פערזענליכע פערהעלטניס איז געוואָרען דערמאַנט, אז ער עסט מיטאג אין א שלעכטען לאָקאַל, ער געהט אין שלעכטע קליידער, זיין שלעכטע מאָראַל, זיין נישט פלייסיג זיין און צום שלוס האָט מען זיין צוקונפט פּראָפעצייהעט, אז ער וועט אמאָל מוזען אָנקומען צו אן אנשטאַלט פאר ארעמע, ווען ער וועט זיך נישט בעסערען.

מיט 24 שטונדען שפּעטער איז די ראַדיקאַלע צייטונג „די פרייהייט“ ארויס מיט אן אַרטיקעל, אז דאָס געלד פון׳ם פּובליקום ווערט פערוואַלטעט פון אַ קליקע, אז ביים לעצטען איינקויף פון קונסט־ווערק האָט מען נישט געקויפט קיין איינציג בילד פון אן אמת׳ן קינסטלער, נאָר פון בעאַמטען און סוחרים, פון אַזאַלכע אונפערשעהמטע מענשען, וועלכע האָבען אויף זיך גענומען צו קאָנקורירען מיט די מאָהלער וואָס האָבען נישט וואו אנדערש זייערע בילדער צו פערקויפען. נאָר ביי די אויסשטעלונגען, דיעזע רויבער פערדאַרבען דעם געשמאַק און דעמאָראַליזירען די קינסטלער, ווייל זיי, די אמת׳ע מאָהלער, שטרעבען

אויך שלעכט צו מאָהלען, ווען זיי ווילען נישט אונטערגעהן, און זע־לען איז דאָ אויך דערמאָנט געוואָרען, זיין בילד איז דאָס ערשטע זייט צעהן יאָהר, וועלכעס ס'איז ארויסגעקומען פון א מענשליכע נשמה; די קונסט איז זייט צעהן יאָהר געווען בלויז א פּראָדוקט פון פארבען און פּענזעל; זעלען'ס בילד איז אן עהרליכע ארבייט מיט פולער איבער־געבענהייט און קינסטלערישע שטריכען, דורכאויס אריגינעל ווי נאָר אן אמת'ער קינסטלער קען מאָהלען. דער קריטיקער האָט געוואָרענט די יונגע קינסטלער, אז זיי זאָלען אויפהויבען א קאמפּף געגען די אלטע, און האָט זיי געגעבען האפנונג צו זייער ענדליכען זיעג.

די „גרוי הויבע" האָט פאר כעס מיט די צייהן געקריצט.

— איהר וועט זעהען אז דער זעלען וועט האָבען ערפאָלג! — האָט דער שעף־רעדאקטאר אויסגערופען, — צום טייוועל! פאר וואָס האָבען מיר איהם אזוי הארט בעהאנדעלט, דענקט זיך נאָר, ווען ער זאָל ערפאָלג האָבען, וועלען מיר זיך האָבען בלאמירט.

דער אקאדעמיקער אָבער האָט געשוואָרען, אז ער וועט נ י ש ט קיין ערפאָלג האָבען, מיט אן אונצופריעדענקייט איז ער א היים געגאנ־גען, און האָט געשריבען אן ארטיקעל און האָט בעוויזען, אז זעלען'ס קונסט איז הומבאג און אז די צייטונג „די פרייהייט" איז אונטערגע־קויפט.

די „גרוי הויבע" האָט אביסעל לייכטער אבגעאָטהעמט, אָבער באלד ווידער א גרעסערען קלאפּ צו בעקומען.

דעם צווייטען טאָג האָבען די מארגען־צייטונגען בעריכטעט, אז זיין מאיעסטעט, דער קעניג, האָט געקויפט זעלען'ס מייסטערהאפטע קינסטלערישע לאנדשאפט, וועלכעס ס'האָט שוין זייט אייניגע טאָג אין דער אויסשטעלונג צוגעצויגען די אויפמערקזאמקייט פון'ם פּוב־ליקום.

איצט האָט דער ווינד אריינגעשלאָגען אין די „גרוי הויבע" און זי האָט געפלאטערט ווי א שמאטע אויף אן אלטען שטעקען. זאָל מען אנדערש שרייבען, אָדער מען זאָל ווייטער בלייבען ביים פריהערי־גען? עס האנדעלט זיך דאָ וועגען די צייטונג און וועגען דעם קריטי־קער, אויף דעם בעפעהל פון די דירעקטאָרען, האָט דער שעף־רעדאק־טאר בעשלאָסען צו אָפּפערען מיט'ן קריטיקער אום די צייטונג צו רע־טען. אָבער ווי אזוי? מען האָט זיך דערמאנט אין שטראווע, וועלכער

איז געווען אין אלע פערדרעהטע עפענטליכקייטען אזוי ווי אין דער היים; מען האט איהם גערופען.

אויגענבליקליך איז איהם באלד די סיטואציע קלאהר געווארען און ער האט פערשפראכען, אז אין א פאר טעג וועט אלץ שוין רעכט זיין.

כדי צו פערשטעהען וואס שטראווע האט אין אזא פאל געקענט טהאן, מוז מען די וויכטיגסטע שטעלען פון זיין ביאגראפיע קענען. ער איז געווען דער אייביגער סטודענט און איז אויס נויט געווארען א שרייבער, צוערשט איז ער געווען רעדאקטאר אין א סאציאל־דעמאקראטישע צייטונג „די פאלקספאהן", דערנאך איז ער איבערגעגאנגען צו א קאנזערוואטיווע צייטונג, און ווען די רעדאקציע איז אוועק אין אן אנדערע שטאדט, האט ער זיך פערקויפט צום „רוויטקאפ" כדי ער זאל האבען די געלעגענהייט צו פערקויפען די סודות פון די ראדיקאלע צו די קאנזערוואטיווע שטענדיג האט ער פערקויפט זיין פעדער.

שטראווע האט אנגעפאנגען די ארבייט פון רייגוואשען די „גרוי־הויבע" מיט א קארעספאנדענץ. אין דער „פאלקס פאהן" וועגען זיין בעזוך אין די קינסטלער אויסשטעלונג, די „גרוי הויבע" האט א פאר שורות איבערגעדרוקט, דערנאך האט ער געשיקט „א שטימע פון פאלק" צו דער „גרוי־הויבע" און האט אנגעגריפען דעם קריטיקער. אונטער די דאזיגע שטימע פון פאלק האט די רעדאקציע פאלגענדע בעמערקונג געהאט: „כאטשע מיר זיינען קיינמאל נישט געווען אין דערזעלבער מיינונג ווי אונזער געעהרטער קריטיקער, איבער דעם מיט רעכט געלויבטען בילד פון הערר זעלען, קענען מיר פארט נישט צושטימען צו די מיינונג פון דעם שרייבער פון „די שטימע פון פאלק", ווייל ס'איז אבער אונזער אויפגאבע, אז מיר זאלען יעדע עהרליכע מיינונג געבען פלאץ אין אונזער צייטונג, דאריבער האבען מיר געדרוקט דיעזע „שטימע פון פאלק".

דאס אייז איז איצט געבראכען געווען, שטראווע, וואס מען האט געזאגט, אז ער האט שוין איבער אלץ געשריבען, האט איצט אין די „גרוי הויבע" געשריבען א גלענצענדע קריטיק איבער זעלען'ס בילד, און האט זיך אויסגעדריקט, אז זיין מאיעסטעט, דער קעניג, האט געוויזען מיט דעם וואס ער האט געקויפט דאס בילד, אז ער איז אן אמת'ער קונסט־קענער. די „גרוי־הויבע" איז געווען גערעטעט, אבער מיט איהר אויף זעלען? נאר דאס איז נישט וויכטיג.

## עלפטעס קאַפּיטעל.

### גליקליכע מענשען.

ס׳איז געווען זיבען א זייגער אין אווענט, דער ארקעסטער אין קאפע־בערנס האָט געשפּיעלט דעם האָכצייט־מארש פון די אָפּערע „א זומער־נאַכט־טרוים“. ביי דיזע יום טוב׳דיגע שטימונגס־קלאַנגען איז אַלע מאנטאנוס אריינגעקומען אין דעם רויטען צימער, אין וועלכען קיין איינציגער פון די מיטגליעדער איז נאָך נישט געווען. היינט זעהט ער אויס יום טוב׳דיג, ער טראגט א הויכען הוט, נייע קליידער, גאנצע שיך, ר׳איז אויסגעבאדען, פריש ראזיערט, ער האָט זיך די האָר שעהן פערקעמט, אזוי ווי ער זאָל געהען צו א חתונה. א שווער מעשענע קייט הענגט אויף זיין וועסט און ער זעהט אזוי גוט אויס אזוי ווי ער זאָל די גאנצע וועלט קענען העלפען. ער טהוט זיך אויס זיין שעהנעם אויבערמאנטעל, לעגט איהם זארגפעלטיג אוועק אויף א שטוהל און זעצט זיך אין דער מיט אויף דער סאפע וואָס שטעהט אין הינטערגרונד. צוקנעפּעלט זיך דעם ראָק, און גיט א ציה ביי די ווייסע העמד־ברוסט וואָס איז פערזעהן מיט א שעהנע זיידען קראוואַט; און ווען ער בעוועגט זיך, רוישען די נייע קליידער אזוי שטיל און אנגענעהם, אזש א שמייכעל רופט עס ארויס ביי איהם. נעהמט ארויס זיין זייגערעל, זיין אלט ליעב זייגערעל, וועלכעס ס׳איז מעהר ווי א יאָהר געווען פערזעצט, און עס זעהט אויס אז דיביידע פריינד פרעהען זיך איבער די פרייהייט.

וואָס איז געשעהן מיט דעם אָרעמען מענשען, וואָס ער איז אזוי אונאויסשפּרעכליך גליקליך? מיר ווייסען אז ער האָט אויף דער לאָ־טעריע נישט געוואונען, קיין ירושה נישט בעקומען, קיין עהרענפולע אנערקענונג נישט עררייכט. ער האָט אין ערגעץ נישט קיין גליק אויס געקעמפּפט, וואָס איז דען געשעהן? גאנץ איינפאך: ער האָט בעקו־מען ארבייט!

דערנאָך איז געקומען זעלען: א סאמעט־רעקעל, לאַק־שיך, א פּאַ־לערינע און א פערגרעסערונגס־גלאָז און א לעדער־טאַש אויף א רימען אויפגעהאנגען, אין האנט א שטעקען, א געל זיידען האלז־טיכעל, א פּאָר זיידענע האנדשוה און א בלום אין לאץ איינגעשטעקט. רוהיג און צופריעדען אזוי ווי אלע מאָל, נישט דאָס מינדעסטע איז געווען אויף זיין פּנים צו דערקענען די איינדריקע וואָס די לעצטע טעג האָבען אויף איהם געמאכט, ער האָט אויסגעזעהען מאגער און אינטעליגענט.

מיט איהם צוזאמען איז אויך געקומען רעהנהעלם, ער איז איצט שטילער ווי אלע מאל, ווייל ער ווייסט, אז ער מוז זיך איצט פון זיין פריינד און בעשיצער שיידען.

— נו, זעלען, — רופט זיך אב אלע, — איצט ביזטו גליקליך, נישט אמת?

— גליקליך? וואס פאר א פלוידעריי איז דאס? איך האב מיין ארבייט פערקויפט, די ערשטע אין פינף יאהר! איז דאס אפשר צו־פיעל?

— אבער דו האסט דאך די צייטונגען געלעזען? דו האסט א נא־מען!

— אך! דאס קימערט מיך נישט, דו דארפסט נישט דענקען, אז איך מאך מיר אוים אזאלכע קלייניגקייטען, איך ווייס גוט ווי ווייט איך האב נאך, איידער איך וועל עפעס ווערען, מיט צעהן יאהר שפע־טער, אלע, וועלען מיר פון דעם רעדען.

אלע גלויבט איין העלפט, אבער די אנדערע העלפט נישט. ער ציהט ביי זיין העמד ברוסט און דרעהט זיך אזוי לאנג ביז זעלען בע־מערקט עס און ברעכט אוים אין א פריידען געשריי:

— צום טייוועל, ווי פיין דו זעהסט אוים!

— איא, כ׳זעה אוים גוט! אבער דו זעהסט אוים ווי א מאגנאט.

זעלען גיט א קלאפ מיט.ן שטאק אויף זיינע לאק־שיך, צופט די בלום פון זיין לאץ און קוקט גאנץ גלייכגילטיג. אלע אבער, נעהמט ארוים זיין זייגער׳ל כדי צו זעהען אויב לונדעל וועט באלד קומען, זע־לען נעהמט ארוים זיין פערגרעסערונגס־גלאז נאכצוזעהען אויב ער גע־פינט זיך נישט ערגעץ אויף די גאלעריע, אלע בעטאפט זעלען׳ס סאמעט ראק צו פיהלען ווי ווייך דער סאמעט איז, זעלען בעמערקט, אז ס׳איז אן אונגעוועהנליך גוטער סאמעט פאר דעם פרייז וואס ער האט בע־צאהלט, און בעוואונדערט אלע׳ס מאנזשעטען קנעפ, וועלכע זייענן גע־מאכט אוים מושעלען.

דאן ערשיינט לונדעל, וואס וועט ביי די גרויסע צייט אויך עטוואס אבלעקען, ער האט געקראגען א בעשטעלונג צו מאהלען דאס אלטאר־בילד אין דער קירכע פון טראסקאלע, דאס האט אבער קיין אויסערגע־וועהנליכען איינדרוק אויף איהם ניט געמאכט, ער זעהט אוים ווי אלע מאל, נאר אויף זיין פנים דערקענט זיך, אז ער האט די לעצטע צייט אביסעל בעסער גענעסען.

מיט איהם צוזאמען קומט פאלק, ער איז ערענסט, אבער צופריע־דען, ער איז אויפריכטיג צופריעדען, אז ס'איז דאָ צו די גערעכטע דער פערדיענסט געקומען.

— איך גראטוליר דיר, זעלען! דו האסט געזיעגט!

— דו דאפסט דאָס נישט זאגען, מיין פריינד, כ'האָב פינף יאָהר פונקט אזוי גוט געמאהלען ווי היינט, מען האָט שטענדיג מיך איגנאָ־רירט, ערשט פאר צוויי טאג האָט מען מיך געראטען אז איך זאָל בע־סער ווערען א שילדרען־מאהלער, אבער איצט! טפוי זאָל עס ווערען, אזאלכע מענשען! דעם דאָזיגען בריעף האָב איך פון דעם אידיאטען, דעם פראפעסאר קארל דעם 9טען, ערהאלטען.

אלע האָבען ארויסגעשטעלט זייערע אויגען, ס'ווילט זיך דעם אונטערדריקער פון דער נאָהענט אנקוקען, וועניגסטענס זיין אונטער־שריפט זעהן, און בעליידיגען.

— „מיין בעסטער הערר זעלען!" איהר הערט? „איך הייס איך ווילקאָמען צווישען אונז" — די קאנאליע האָט מורא — „איך האָב אייער טאלאנט שטענדיג הויך געשעצט" — אזא נידערטרעכטי־גער פאסקודניאק, אאז חנופה'ניק, איך וואָלט איהם זיינע אויגען אויס־געריסען. ער האָט שוין פערגעסען וואָס ער האָט ערשט מיט א פּאָר טאג פריהער געזאָגט.

דערנאָך האָט איהם זעלען אויפגעפאָדערט צום טרינקען, ער טרינקט צו פאלק'ן און גיט איהם האָפנונג, אז ער וועט באלד אויך דורך זיין פעדער פון זיך לאָזען הערען, פאלק ווערט אביסעל פערלעגען און רוי־טעלט זיך. ער פערשפּרעכט אבער צו קומען ווען די צייט וועט זיין; אָבער ס'וועט נאָך לאנג דויערען, און ער בעט זיינע פריינד זיי זאָלען נישט מיעד ווערען, ווען ער וועט אויף זיך לאָזען לאנג וואַרטען; ער דאנקט זעלען'ען פאר זיין גוט פריינדשאפט און וועלכע ער האָט גע־לערענט געדולד צו האבען און זיך אבצוזאָגען פון אלעם. זעלען בעט מען זאָל אזאלכע נארישקייטען נישט רעדען, ווען איינער האָט נישט קיין ברירה איז ניט קיין קונסט צו ליידען, וואָס קען דאָ זיין אזא וואונ־דער זיך פון אלעם אבצוזאָגען, אז מען בעקומט גאר נישט?

אָלע שמייכעלט אזוי גוט און יעדער ווילע צופּט ער ביי די ווייַ־סע העמד־ברוסט, ער טרינקט צו לונדעל'ן און בעט איהם, ער זאָל זיך אבלערנען פון זעלען'ען. „ער זאָל נישט פערגעסען דאָס געלויבטע לאנד פאר די פלייש טעפּ פון מצרים"; טאלאנט האָט ער, דאָס האָט אָלע גע־

זעהען, דאָס איז דאמאָלס ווען ער מאָהלט פון זיך אליין, פון זיינע אייגענע געדאנקען, ווען ער וויל אָבער נאָכמאכען אנדערע, מאהלט ער פיעל ערגער פון זיי, און דורכדעם זאָל ער דאָס קירכען־בילד וואס ער דארף איצט מאָהלען, בלויז פאר א גוט געשעפט בעטראכטען, כדי ער זאָל דערנאָך קענען מאָהלען וואָס זיין הארץ אליין וועט איהם זאָגען נישט אויף בעשטעלונגען.

פאלק האָט איצט געפונען די געלעגענהייט צו הערען וואָס אָלע וועט זאָגען איבער זיין אייגענע קונסט, וועלכעס ס'איז פאר איהם שוין לאנג א רעטעניש; איז אבער איגבערג דערוויל אריינגעקומען אין רוי־טען צימער, באלד האָט מען איהם פון אלע זייטען מיט איינלאדונגען בעשאטען, ווייל אין די לעצטע צייט האָט מען איהם אביסעל פער־געסען, האָבען זיי זיך געוואָלט ענטשולדיגען און ווייזען, אז זיי זיינען נישט עגאָאיסטיש. אָלע אָבער האָט פון וועסטעל־קעשענע ארויסגענו־מען א צוזאמענגעלעגט געלד־שיין און האָט עס שטיל אריינגעלעגט אין איגבערגס קעשענע, איגבערג האָט פערשטאַנען און איהם שטיל גע־דאנקט.

איגבערג טרינקט צו זעלען'ען און זאָגט איהם, אז מען קען דאָס זאגען וואָס איז שוין געזאָגט געוואָרען, אז זעלען האָט זיי גליק גע־מאכט, מען קען אָבער אויך זאָגען, אז ס'איז נישטאָ אזוי דער פאַל, זע־לען איז נישט אזוי גליקליך; ער איז נאָך נישט גענוג ענטוויקעלט, ער דארף נאָך האָבען פיעל יאָהר ער זאָל זיין א פאָלקאָמענער קינסטלער, ווייל די קונסט איז לאנג און שווער, ער אליין האָט עס שוין מיטגע־מאכט. ר'האָט אבער קיין גליק נישט געהאט; און ס'איז נישט געווען קיין וואונדער וואָס ער האָט זעלען'ען אביסעל מקנה געווען, ווייל יע־נער איז שוין אנערקענט געוואָרען.

די קנאה וואָס האָט זיך פון איגנבערגס רעדען ארויסגעזעהן, האָט אביסעל פערוואלקענט דעם זוניגען הימעל; דאָס איז אבער נאָר געווען אויף אן אויגענבליק, ווייל אלע האָבען געוואוסט ווי ביטער דאס איז א נישט אנערקענטען פערלוירענעם טאלאנט, זיי האָבען איהם זיין קנאה מוחל געווען.

— מיט פרעהליכע געפיהלען האָט איגנבערג דערלאנגט פאלק'ן א קליין פריש געדרוקטעס בוך, אויף דעם פאדערבלאט איז געווען אולריקא עלענאָרא'ס בילד, איגנבערג ערקלעהרט, אז ער האָט די בע־שטעלונג פונקט צו דער צייט אויסגעפיהרט, און אז שמידט האָט מיט גרויסער רוהיגקייט פאלק'ס נישט וועלען, צוגענומען און ער איז איצט בעריים זיינע געדיכטע צו דרוקען.

די גאז פלאמען האָבען אין פאלק'ס אויגען פערלוירען דאס ליכט, און ער איז אין טיעפע געדאנקען פערזונקען, ווייל זיין הארץ איז גע־ווען צו פול, ער זאָל זיך קענען לופט מאכען. זיינע געדיכטע וועלען גע־דרוקט ווערען, און שמיט וויל די טייערע ארבייט בעצאָהלען! מוז דאָך עפּעס אין זיי זיין! דאָס אליין איז שוין גענוג נאָכצודענקען פאר איין אווענט.

שנעל זיינען די שטונדען געפלויגען פאר די גליקליכע; די מוזיג איז שטיל געבליבען, די גאז־פלאמען האָבען זיך אנגעפאנגען צו פעו לעשען, מען האָט שוין געמוזט געהען. אָבער זיך צושיידען איז נאָך געווען פריה, האָבען זיי אלע ארומשפאציערט נעבען ברעג אויפ'ן זאמד און האָבען אונענדליכע געשפרעכען איבער קונסט און פילאָזאָפיע גע־פיהרט ביז זיי זיינען דורשטיג געוואָרען; לונדעל האָט זיי פארגע שלאָגען, אז ער וועט זיי פיהרען צו מאריע, און ביי איהר קען מען ביער קריגען.

זיי זיינען אלע געגאנגען צו די נארד זייט פון שטאדט, ביז זיי זיינען געקומען אין א גאס, וועלכע איז געווען איין איין זייט פערשטעלט מיט א ברעטער־צוים. דארט זיינען זיי געבליבען שטעהען ביי א צוויי שטאקיג הויז. איבער דעם טויער איז געווען אוים גיבם אויסגעשניצט צוויי שלאנגען קעפ, צווישען די קעפ א שווערט און א האק, דאס איז געווען די אלטע וואהנונג פון'ם רעגירונגס־תליון.

לונדעל, וועלכער איז געווען בעקאנט מיט דעם לאקאל האט א צייכען געגעבען ביים פענסטער פון'ם קעלער וואהנונג, ס'האט זיך א שויב געעפענט, א פרויען־קאפ האט זיך ארויסגעבויגען און האט גע־פרעגט, אויב ס'איז אלבערט, און ווען לונדעל האט זיך מיט דעם דאזי־גען נאמען בעקענט, האט דאס מיידעל די טיר געעפענט און האט די גאנצע געזעלשאפט אריינגעלאזען, מיט'ן פערשפרעכען אז זיי זאלען זיין שטיל, די גאנצע „רויטע צימער“ געזעלשאפט זיינען אלע באלד געווען אין הויז און זיי האבען זיך אלע פאר מאריע אונטער פערשטעל־טע נעמען פארגעשטעלט.

דאס צימער איז נישט געווען גרויס, פריהער האט עס געדיענט פאר א קיך, דער אויווען איז נאך געשטאנען; דאס מעבעל איז בע־שטאנען פון אן אלט־מאדישע קאמאדע; א שפיגעל אויף איהר, אי־בער דעם שפיגעל א בילד פון'ם געקרייציגטען יעזוס, אויף די קאמאדע זיינען געווען אויסגעשטעלט פארצעלאן־זאכען, פארפיום פלעשע־לעך, א געזאנגס־בוך און קאלירטע ליכט און לייכטער, אינגאנצען האט עס אויסגעזעהען ווי א הויז־אלטאר, איבער די סאפע, וועלכע איז נאך נישט געווען אויסגעבעט, איז געהאנגען א בילד פון קארל דעם 15טען ווי ער זיצט אויף'ן פערד, ארום דעם בילד איז געווען אויסגעקלעבט פערשיעדענע בילדער פון צייטונגס־אויסשניטע, אויף'ן פענסטער זיינען געשטאנען א פאר בלומען־טעפ, אויף'ן נעה־טישעל איז געלעגען א בילדער־אלבום, אויף'ן ערשטען בלאט איז געווען דאס בילד

פון׳ם קעניג, אויפ׳ן צווייטען און דריטען, איהרע עלטערען, א פּאָר אָרעמע דארפס־לייט, אויפ׳ן פירטען א סטודענט, מאריעס׳ם פערפיהרער, אויפ׳ן פינפטען איהר קינד און אויפ׳ן זעקסטען איהר חתן אן ארבייטער יונג. דאָס אלעס איז געווען איהר געשיכטע, וואָס איז מיינסטענס עהנליך צו אלע געשיכטען פון א פערפיהרטע מיידעל.

אויף די וואנט נעבען אויווען איז געהאנגען אן עלעגאנט קלייד מיט זיידען שטרייפען, א סאמעט מאנטעל און א הוט מיט פעדערען. דאָס איז געווען דער פוץ מיט וועלכען זי איז אין גאס געגאנגען, כדי די מענשליכע יוגענד צו פאנגען. און זי אליין! א הויך געוואקסענע 24 יעהריגע פרוי פון געוועהנליכען אויסזעהן, לייכטזין און דאָס וואכען ביי נאכט האָבען איהר אויסזעהן צארט און וויים געמאכט, אזוי ווי די רייכע, וואָס זעהען אויס, ווייל זיי ארבייטען נישט; אָבער איהרע הענט האָבען נאָך די סימנים געהאט פון די שווערע ארבייט פון איהר יוגענד. אין א שעהנעם שלאָף־ראָק געקליידעט, צולאָזט די האָר, האָט זי אויסגעזעהען ווי די הייליג געוואָרענע מאגדאלענע, זי איז געווען לוסטיג און העפליך און איז בעזעסען גוטע מאנירען.

די געזעלשאפט האָט זיך צוטיילט אין גרופען, זיי האָבען פארטגעזעצט דעם געשפרעך פון פריהער און נייע אָנגעפאנגען. פאָלק, וועלכער איז שוין איצט דיכטער געווען און האָט אין אלץ געוואָלט אינטערעסע געפינען, אפילו אין די באנאלסטע זאכען, האָט זיך אריינגעלאָזט מיט מאריע אין א סענטימענטאלען געשפרעך; וועלכעס זי האָט זעהר ליעב געהאט, ווייל ס׳האָט איהר עהרע געמאכט ווי א מענש בעהאנדעלט צו ווערען. זיי זיינען ווי געוועהנליך געקומען אויף די געשיכטע און מאָטיווען, פאר וואָס זי האָט אזא לעבען אויסגעוועהלט... אויף די ערשטע פערפיהרונג האָט זי נישט געלעגט פיעל געוויכט, „ס׳האָט נישט

די ווערט מען זאָל דאַפון רעדען", אבער שוואַרצער האָט זי געמאָהלען די צייט, ווען זי איז געוועזען א דיענסט־מיידעל ; דאָס שקלאַפען־לעבען אויסגעזעצט צו די קאַפריזען פון א לעדיג ארומגעהענדע פרוי ; דאָס לעבען פון א סך ארבייט אָהן א סוף, ניין, איידער אזוי איז שוין בעסער די פרייהייט... אויף די גאַס...

— ווען איהר וועט אבער אמאָל זאָט ווערען פון אזא לעבען ?

— דאַן וועל איך חתונה האָבען מיט וועסטערגערן !

— און ער וויל אייך האָבען ?

— ער פרעהט זיך אויף דעם טאָג; איבעריגענס, וועל איך אליין עפענען א קראַם, מיט דעם געלד וואָס כ'האָב אין די שפּאַר־קאַסע... אָבער דאָס האָבען שוין אזוי פיעל געפּרעגט — — — האַסטו נישט קיין ציגאַרען ?

— איך האָב ! יאָ, אבער איך דאַרף וועגען דעם מיט דיר נישט רעדען ?

ער האָט גענומען דעם אלבום און האָט אויפגעמאַכט דאָס בלאַט מיט'ן סטודענטען בילד, — שטענדיג איז עס א סטודענט מיט א ווייסען האַלז־טוך, דאָס ווייסע סטודענטען היטעל אויפ'ן שוים, וואוילען ענגעריש אזוי ווי ער זאָל שפּיעלען די ראָלע פון א מאַפיסטאָ.

— ווער איז דאָס ?

— דאָס איז געוועזען א נעטער קערל !

— דיין פערפיהרער ? וואָס ?

— אך ! זיי שטיל ! עס איז געוועזען פונקט אזוי מיין שולד אזוי ווי זיינע, און שטענדיג איז אזוי, מיין ליעבער; ביידע זיינען שולדיג ! דאָ זעהסטו מיין קינד ! גאָט האָט עס צוגענומען, דאָס איז געוועזען דאָס בעסטע! נו זאָלען מיר בעסער פון עפּעס אנדערש רעדען! — וואָס איז דאָס פאַר א ברודער לוסטיג, וועלכען אלבערט האָט היינט אוועקגעבראַכט ? אָט דער וואָס זיצט אויפ'ן אויוועז נעבען דעם לאַנגען וואָס גרייכט ביז צו דער סטיעלע ?

אָלע, אויף וועלכען די פראַגע זי האָט געשטעלט, האָט זיך געפיהלט געשמייכעלט און האָט זיך געגלעט ביי די פערקעמטע האָר.

— דאָס איז דער גלח מאַנסאַן, האָט לונדעל געענטפערט.

— אָבער ביי גאָט ! איז דאָס א גלח ? כ'האָב עס באַלד געדאַרפט דערקענען אין זיינע פעטע אויגען. איהר ווייסט, פאַריגע וואָך איז דאָ געוועזען א גלח ! — קום מאַנסאַן לאָז דיך אנקוקען !

אַלע, אויף וועלכען זי האָט די פראגע געשטעלט, האָט זיך גע־
אַלע איז ארונטערגעגאנגען פון'ם אויווען וואו ער איז געזעסען מיט איינבערג'ן און האָט גערעדט וועגען קאנט'ס „עטיק", ער איז געווען געוואוינט מיט דעם ארויסצורופען אינטערעס ביי פרויען, און גלייך האָט ער זיך יונגער געפיהלט, מיט א מין קאָקעטעריי איז ער צו־געגאנגען צו די שעהנע מאריע, וועלכע ער האָט שוין פריהער בע־טראכט מיט איין אויג און אויסגעפונען אז זי איז ענטציקענד שעהן, דרעהענדיג זיינע וואנסען האָט ער געפרעגט מיט א קאקעטישע שטימע פערבויגענדיג זיך פאר איהר:

— געפינט איהר אמת'דיג, פריילין, אז איך זעה אויס ווי א נלח?

— ניין, איך זעה איצט, אז דו האסט וואנסען, דו האסט צו שעה־נע קליידער אויף דיר — דארף איך זעהען דיינע הענט. — אה! דו ביזט א שמידט!

אַלע האָט זיך טיעף בעליידיגט.

— בין איך אַזוי העסליך, מיין פריילין? — האָט אַלע געפרעגט מיט א ריהרענדע שטימע.

מאריע האָט אַן אויגענבליק אויף איהם געקוקט.

— דו ביזט זעהר העסליך! נאָר דו זעהסט אויס גוט!

— אָ, מיין פריילין, ווען איהר זאָלט וויסען ווי איהר האָט מיין הארץ פערלעצט! איך האָב נאָך קיינמאָל קיין פרוי געפונען וואָס זאָל מיך ליעב האָבען; איך האָב אזוי פיעל מענער געזעהען וואָס זיינען גליקליך געוואָרען, כאָטש זיי זיינען העסליכער געווען פון מיר; אָבער די פרוי איז א פערשאָלטענער רעטעניש וואָס קיינער קען נישט אויפ־לעזען, דורכדעם פערבראכט איך אייך!

— דאָס איז גוט, אַלע! — האָט זיך געהערט א שטימע פון'ם אויווען וואו איינבערגס קאָפּ איז געזעסען. — דאָס איז גוט!

אַלע האָט געוואָלט צוריקגעהן צום אויווען, האָט ער אָבער אזא טהעמא בעריהרט, וועלכע ס'האָט מאריע'ן זעהר פעראינטערעסירט, אז זי זאָל זי לאָזען אונטערברעכען, און ער האָט אויף אזא סטרונע גע־שפּיעלט, וועלכען טאָן זי האָט שוין געקענט. זי האָט זיך געזעצט נעבען איהם און זיי האָבען זיך באלד פערטיעפט אין א געשפּרעך — איבער פרויען און ליעבע.

רעהנהעלם וואָס איז געווען דעם גאנצען אווענט שטילער ווי גע־

וועהנליך און וועמען קיין איינציגער פון דער געזעלשאפט האט נישט פערשטאנען, איז איצט געווארען אויפגעלעבט, ער האט זיך געפונען נעבען פאלק'ן אויף די סאפע, ער האט שוין לאנג עפעס געהאט אויפ'ן הארצען וואס ער האט נישט געקענט ארויסזאגען, ער האט גענומען זיין ביער־גלאז און געקלאפט אויפ'ן טיש, אזוי ווי ער זאל ווע̇לען א רעדע האלטען, ווען די נאהענטע צו איהם זיינען אויפמערקזאם געווארען, האט ער מיט א ציטערענדיגע און נאכלעסיגע שטימע געזאגט:

— מיינע העררען! איהר מיינט אז איך בין א בהמה, איך וויים; פאלק, איך וויים, אז דו גלויבסט אז איך בין דום, איהר זאלט אבער זעהען, פריינדע, זאל מיך דער טייוועל נעהמען, איהר זאלט זעהען...

ער האט זיך הויך צושריגען און האט א קלאפ געגעבען מיט'ן גלאז אויפ'ן טיש אז ס'איז אזש צושפרונגען געווארען. ער איז צוריק־געפאלען אויף דער סאפע און איז איינגעשלאפען.

דיעזער צווישענפאל, כאטש ס'איז נישט געווען קיין אויסערגע־וועהנליכער, האט עס פון דעסטוועגען צוגעצויגען די אויפמערקזאמ־קייט פון מאריע, זי איז אויפגעשטאנען, האט אונטערבראכען דאס גע־שפרעך מיט אלע און איז צוגעגאנגען צו דער סאפע.

— זעהט נאר, וואס פאר א שעהנער יונג ער איז! פון וואנען האט איהר איהם גענומען? ארעמער קערל! ער איז אזוי שלעפעריג!, איך האב איהם פריהער גאר נישט בעמערקט.

זי האט איהם געלעגט א קישען אונטער'ן קאפ און האט איהם צוגעדעקט מיט איהר שאל.

— וואס פאר א קליינע הענט ער האט! איהר האט נישט אזאלכע הענט, איהר פרויען־חברה! און וואס פאר א שעהן געזיכט! ווי אונ־שולדיג! פפוי, אלבערט! האסטו איהם פערנארט, אזוי פיעל צו טרינ־קען?

אויב ס'איז לונדעל אדער אן אנדערער געווען, דאס האט איצט געהאט א קליינע בעדייטונג, די הויפטזאך איז געווען, דער מאן איז גע־ווען בעטרונקען; זיכער איז עס אבער געווען, אז ס'האט איהם קיינער נישט געדארפט פערנארען, ער אליין האט געוואלט, ווייל עפעס האט ער שטענדיג געוואלט שטיל מאכען זיין אינערליכע אונרוהיג־קייט.

לונדעל האט זיך גאר ניט בעאונרוהיגט פון מאריעס' פער־טראכטונגען איבער רעהנהעלם'ען, דאס צופיעל טרינקען האט איהם גע־

בראכט צו א מין רעליגיעזען געפיהל, וועלכעס איז אין דער צייט פון'ם אווענט געווען אינגאנצען איינגעשלאָפען. ער האָט זיך דערמאנט די בעדייטונג פון'ם אווענט, זיי האָבען געוואָלט אן אבשיעדס־אווענט מאַכען. ער האָט זיך אויפגעשטעלט, האָט אָנגעגאסען זיין ביער־גלאָז און האָט פערלאַנגט מען זאָל איהם אויסהערען.

אלע זיינען שטיל געוואָרען.

— מיינע הערען! — דערווייל האָט ער זיך דערמאנט אין מאַריע'ס אנוועזענהייט, — און דאמען! מיר האָבען דעם היינטיגען אווענט געגעסען און געטרונקען, און כדי איך זאָל צו דער טהעמא קומען, אין אן אבזיכט, אז ווען מען זאָל עס בלויז פון די מאטעריעלע זייט בעטראכטען, איז עס בלויז דאָס נידעריגע, פּראָסטע טירישע טייל פון אונזער איך.

צייגענדיג אויף רעהנהעלם האָט ער ווייטער גערעדט:

— מיר זעהען דא א ביישפּיעל פון לאַסטער, דאָס וואָס מיר רופען שיכרות! דאָס רעגט אמת'דיג אויף דעם רעליגיעזען געפיהל. ווען נאָך. אן אווענט וואָס מען פערברענגט צווישען פריינד, צו טרינקען א גלאָז לכבוד א פריינד, וועלכער האָט ארויסגעצייגט זיין טאַלאַנט — איך מיין זעלען — זאָל מען דענקען, אז דאָס איז אויך אכטונג פאר זיך אליין, אזא ביישפּיעל בעהויפּטע איך. האָט זיך דא אין דער העכסטער שטופע פון עדעלקייט ארויסגעוויזען. און דאדורך דערמאָן איך זיך אין די שעהנע ווערטער, וועלכע וועלען שטענדיג אין מיינע אויערען קלינגען, אזוי לאנג ווי איך וועל נאָר קענען דענקען. און איך בין איבערצייגט, אז מיר אלע וועלען עס געדענקען, אפילו דאָס ארט דאָ איז נישט פאר דעם געאייגענט, דיעזער יונגער מענש, וואָס איז געפאַלען א קרבן צום לאַסטער, וואָס מיר רופען שיכרות, האָט זיך צום בעדויערען אין אונזער געזעלשאפט אריינגע'גנב'עט, און כדי איך זאָל זיך קורץ פאסען, ער האָט ארויסגעצייגט א טרויעריגען רעזולטאַט, מעהר ווי מיר האָבען ערוואַרטעט, — צום געזונט, עדעלער פריינד זעלען! איך ווינש דיר גליק וואָס דיין עדעלעס הארץ פערדיענט! צום געזונט, אלע מאנטאנוס! פאלק איז אויך אן עדעלער מאן, ער וועט זיך זיכער פערדיענט מאכען אויפ'ן ליטערארישען פעלד פון פּאָעזיע, ווען זיין רעליגיעזער געפיהל וועט זיך ביי איהם אויפוועקען, און זיין גאנצען כאַראַקטער ארויסברענגען, פון אינגבערג'ן וויל איך נישט רעדען, ער האָט זיך ענדליך צו אן ענטשלוס געפאסט, און מיר ווינשען איהם גליק אויף

זיין וועג, וואָס ער האָט שוין אנגעפאנגען — די פילאָזאָפיע. דאָס איז א שווערער וועג, איך זאָג אזוי ווי יענער דיכטער: ווער קען אונז דאָס זאָגען? פונדעסטוועגען האָבען מיר אלע רעכט, אויף דאָס בעסטע אין די צוקונפט צו האָפען, און איך גלויב, אז מיר קענען שטענדיג אויף דעם רעכענען, אזוי לאנג ווי אונזער געפיהל וועט זיין ערדעל און מיר וועלען נישט טראכטען וועגען געלד מאכען! מיינע הערן! א מענש אהן א רעליגיאָן, — ס'מוז נישט זיין קיין געטליכע, — איז ווי א בהמה, איך פאָדער אייך אלע אויף, מיינע פריינדע, איהר זאָלט די גלע־זער אויפהויבען און טרינקען אויף אלץ וואָס איז שעהן און ערדעל! וואָס איז הערליך און הייליג און צו וועלכען מיר וועלען אלע מאָל שטרעבען, צום געזונד! מיינע הערען!

דער רעליגיעזער געפיהל האָט אָנגעפאנגען אזוי שטארק צו וויר־קען אויף לונדעל'ן אז די געזעלשאפט האָט שוין פאר'ן בעסטען גע־האלטען, אז מען זאָל שוין אוועקגעהן.

דאָס פארהענגעל פון'ם פענסטער איז שוין געוועזען בעלויכטען פון דעם טאָג־ליכט, און ווען מען האָט ארויפגעצויגען, איז דער טאָג שוין אריינגעפאלען אין צימער, ס'איז געפאלען אויף די פאָר פערזאָנען וואָס זיינען געשטאַנען ביים פענסטער; ווי מתים האָבען זיי אלע אויס־געזעהן, איגבערג איז געזעסען שלאָפענדיג אויפ'ן אויוועז, מיט זיינע הענט האָט ער געהאלטען ארומגענומען דאָס ביער־גלאָז, אלע איז גע־שטאַנען נעבען מאריע'ן און האָט געהאלטען אין איין ליבען און ווינשען איהר, ער האָט גערעדט וועגען דער זון, וועגען פריהלינג, וועגען ליעבע און וועגען דעם גאנצען אוניווערזום, ער האָט דאס פענסטער געעפענט, כדי זיינע געפיהלען זאָלען מעהר פלאץ האָבען. די שלאָ־פענדיגע האָט מען אויפגעוועקט, מען האָט גענומען אבשיעד און די גאנצע געזעלשאפט האָבען ארויסגעוואנדערט דורכ'ן טויער־וועג.

ווען זיי זיינען אויף די גאס געקומען, האָט זיך פאלק אומגעע־דרעהט; מאריע־מאגדאלענע איז געלעגען אין'ם אָפענעם פענסטער; די זון האָט בעשיינט איהר ווייס געזיכט, איהרע שווארצע האָר, וואָס זיינען פון די זון טונקעל־רויט געווען, האָבען זיך ארונטערגעגאסען איבער איהר ווייסען האלז און ס'האָט אויסגעזעהן אזוי ווי זיי זאָלען זיך ווי א שווארץ־רויטער טייך פערשפרייטען איבער די גאנצע גאס, איבער איהר איז געהאנגען די שווערט, די האק און די צוויי פנים'ער

פון די קעפּ האָט זיך געדאכט אזוי ווי זיי פערקרומען זיך און קריצען מיט די ציין...

קענגען איבער אויף אן אפּעלבוים, איז געזעסען א ווייסער פויגעל און זינגענדיג זיין מארגען־ליעד האָט ער אויסגעדריקט די פריוד וואָס די נאכט איז שוין אוועק.

## צוועלפטעס קאַפּיטעל.

### ים־פּערזיכערונגס־געזעלשאַפט טריטאָן.

לעווי איז געוועזן א יונגער מאַן, וועלכער איז ערצויגען געוואָרען אלס קויפמאַן, און ער איז גראָד איצט געשטאַנען אין בעגריעף מיט די הילף פון זיין רייכען פאָטער זיך צו עטאַבלירען; דער פאטער איז אָבער געשטאָרבען און האָט גאָר נישט איבערגעלאָזט נאָר בלויז אַן אונפער־זאָרגטע פאמיליע.

דאָס איז געוועזן פאַר דעם יונגען לעווי א גרויסע ענטוישונג, ווייל ער איז געוועזן איצט אין די יאָהרען, וואו ער האָט געגלויבט אליין שוין אויפהערען צו ארבייטען און מאכען אז אנדערע זאָלען ארבייטען פאַר איהם.

ער איז אלט געוועזן פינף־און־צוואַנציג יאָהר און האָט געהאַט זעהר א שעהנעם אויסזעהן, ברייטע פּלייצעס און א גלייכען גאַנג, א שעהנע בלאָנדע פּאָלבארד האָט געמאַכט זיין יונג פּנים, נאָך שעהנער און יע־דער האָט צו איהם צוטרויען געהאַט, זיינע קליינע פיס זיינען גע־מאַכט געוואָרען, אז זיי זאָלען שטיל טרעטען אויף א פּלוש־טעפּיך ער־גען אין א שעהנעם דירעקציאָנס זאַל, און זיינע ווייכע אָבגעהיטענע הענט האָבען זיך געאייניגט פאַר א גאָר לייכטע ארבייט, ווי צום ביי־שפּיעל: זיין נאָמען אונטער צו שרייבען און צום ליעבסטען אויף א געדרוקטען פארמולאַר.

אין די צייט וואָס האָט איצט געהייסען די גוטע, כאָטש אין דער אמת׳ן איז זי געוועזן פאַר פיעל מענשען שלעכט, האָט מען אַן ענט־דעקונג געמאַכט וואָס איז געוועזן די גרעסטע אין דעם יאָהרהונדערט: אז מען לעבט ביליגער און אנגענעהמער פון פרעמד געלד ווי פון איי־גענע ארבייט. זעהר פיעל האָבען זיך שוין מיט דיעזער ענטדעקונג בע־דיענט, און ווייל זי איז מיט קיין פּאַטענט־געזעץ געשיצט געוועזן, איז נישט געוועזן קיין וואונדער וואָס לעווי האָט זיך אויך געאיילט מיט איהר צו בעדיענען. ער האָט קיין געלד נישט געהאַט און צו ארבייטען פאַר א פאמיליע וואָס איז נישט זיין אייגענע, האָט זיך איהם אויך

נישט געגלוסט, איז ער אין א שעהנעם טאג אוועקגעגאנגען צו זיין אנקעל שמידט.

— אזוי, דו האסט אן אידעע? לאז הערען! אידעען האבען איז גוט.

— איך דענק אן אקציענ־געזעלשאפט צו גרינדען.

— זעהר שעהן! אראן וועט ווערען מענעדזשער, סימאן סעקרע־טער, איזאק קאסיערער און די אנדערע יונגע חברה בוכהאלטערס; דאס איז א גוטע אידעע! און ווייטער! וואס פאר א געזעלשאפט זאל עס זיין?

—א זעע־פערזיכערונגס־געזעשאפט, דענק איך.

— אזוי, דאס איז שעהן. אלע מענשען מוזען זייערע זאכען פער־זיכערען ווען זיי פאהרען אויפ'ן ים. אבער דיין אידעע?

— דאס איז מיין אידעע.

— דאס איז נישט קיין אידעע! מיר האבען דאך שוין די גרויסע געזעלשאפט „נעפטון“. דאס איז א גוטע געזעלשאפט! דיינע מוז זיין א בעסערע, ווען דו ווילסט קאנקורירען, וועלכעס איז דאס נייע אין דיין געזעלשאפט?

— א! איך פערשטעה שוין! איך וועל די צאהלונגען מאכען בי־ליגער, אזוי ארום וועל איך קריגען אלע קונדען פון די נעפטון.

— אט זעהסטו, דאס איז אן אידעע, די פראספעקטען וועלכע איך נאטירליך לאזען דרוקען זיי וועלען ענטהאלטען אין זיך פאלגענדעס: „אזוי ווי עס האט זיך שוין לאנג געפיהלט א נויטווענדיגקייט בי־ליגער צו מאכען די צאהלונגען פון זעעפערזיכערונג און די שולד אין דעם איז, ווייל ס'איז נישטא קיין קאנקורענץ, האבען די אונטערציי־כענטע בעשלאסען צו גרינדען א נייע געזעלשאפט וואו די פרעמיען וועלען זיין ביליגער, מיר בעטען דאריבער צו קויפען אקציעס פון די נייע זעע־פערזיכערונגס־געזעלשאפט... „דער נאמען?

— טריטאן!

— טריטאן? וואס פאר א מענש איז דאס?

— דאס איז דער נאמען פון א ים גאט!

— זעהר גוט, טריטאן! ס'וועט זיין א גוטע פלאטע, די צייכנונג וועסטו קענען לאזען מאכען אין בערלין, די אבבילדונג וועלען מיר אריין געבען אין מיין קאלענדער „אונזער לאנד“, איצט ווער וועט עס זיין די אונטערגעשריבענע? צוערשט נאטירליך מיין נאמען! ס'מוזען

אבער נאָך אנדערע שעהנע נעמען זיין, גיב מיר דעם שטאטס־קאלענ־דער!

שמידט האָט א ווײלע דעם קאלענדער געבלעטערט.

— א זעע־פערזיכערונגס געזעלשאפט מוז האָבען א גרויסען שיפס־אָפיציער, לאָז מיך זעהן! אדמיראל הייסט עס.

— אך, זיי האָבען דאָך אבער קיין געלד נישט!

— איי, איי, דו פערשטעהסט דיך ווענינ אויף א געשעפט, מיין זוהן! זיי וועלען נאָר אונטערשרייבען, קיין געלד דארפען זיי נישט איינצאהלען! זייער פּראַצענט וועלען זיי בעקומען, כדי זיי זאָלען קומען צו די זיצונגען און צוזאמען מיט די דירעקטאָרען מיטאג עסען! אָט זיינען צוויי אדמיראלען, איינער האָט דעם קאמאנדיר טיטעל פון „זיעד־פאל" און דער צווייטער א רוסשען אָרדען, וואס זאָלען מיר דאָ טהאָן? אזוי! יא! מיר וועלען נעהמען דעם רוס, ווייל רוסלאנד איז א גוט זעע־פערזיכערונגס לאנד! אזוי!

— וועלען זיי זיך דען לאָזען פּשוט נעהמען?

— בלייב נאָר שטיל! דאָס וועל איך שוין בעזארגען, איצט מוזען מיר אויך א געוועזענעם מיניסטער האָבען! — יא! ער רופט זיך „עקסילענץ"! זעהר גוט — דערנאָך א גראף! דאָס איז שוין שווער צו קריגען, ווייל די גראפען האָבען א סך געלד, נאָר ס'וועט זיך שוין איינער געפינען, מיר מוזען א פּראָפעסאר האָבען, זיי האָבען שוין נישט קיין געלד! איז דאָ אזאלכער וואס רופט זיך שיפס פּראָפעסאר? יא! דאָן איז גוט, איז שוין איצט די זאך קלאָהר! — א! דאָס וויכטיגסטע האָב איך פערגעסען, מיר מוזען האָבען א יוריסט און א הויפּטגע־ריכטס־ראט; נו — דאָ האָבען מיר איהם!

— מיר האָבען דאָך נאָך קיין געלד נישט?

— געלד! וואס זאָל מען טהאָן מיט געלד ווען מען גרינדעט א גע־זעלשאפט? זאָל נישט דער וואס פערזיכערט זיין ווארע אליין בע־צאהלען? וואס? אָדער מ י ר זאָלען פאר איהם בעצאָהלען? ניין! אלזא: ער זאָל עס מיט זיין פּרעמיום בעצאָהלען!

— אבער דאָס גרונד קאפּיטאל?

— אך, מען שרייבט אויף גרונד קאפּיטאל איינגענטום.

— יא, מען מוז דאָך עטוואס בארעם געלד איינצאהלען!

— מען בעצאָהלט באר מיט אקציעס, הייסט דאָס נישט בע־צאָהלט? ווען איך צום ביישפּיעל זאָל דיר געהען אן אקציע אויף א גע־

וויסע סומע מיט מיין אונטערשריפט, וועסטו אויף איהר אין יעדער באנק געלד בעקומען. נו, הייסט דען אן אקציע נישט קיין געלד?

— ווי גרויס דארף זיין דאס גרונד־קאפּיטאל?

— זעהר קליין! מען מוז נישט גרויסע קאפּיטאלען אוועקלעגען. א מיליאן! פון דעם ווערען דריי הונדערט טויזענד אין בארען איינגע־צאהלט, דאס איבעריגע זיינען אקציעס.

— אבער, אבער, אבער! די דריי הונדערט טויזענד קראָנען מוז דאך געלד זיין!

— אָ! גאָט, מיין בעשעפער! דו פערשטעהסט דאך גאר נישט, האט מען געלד איז גוט, איז נישט איז אויך גוט, מען מוז נאָר קענען דעם עולם פעראינטערעסירען, זיי ברענגען שוין דאס געלד.

— אָבער די גרויסע, די וואָס וועלען זיין אונטערגעשריבען, מיט וואס וועלען זיי בעצאָהלען?

גרויסע, די וואָס וועלען זיין אונטערגעשריבען, מיט וואס וועלען זיי בעצאָהלען?

— נו, דאס וועט שוין קומען דערנאָך, זאָלען זיי נאָר אונטער־שרייבען דאס איבעריגע וועלען מיר שוין בעזארגען!

— דו זאָגסט דריי הונדערט טויזענד, אזוי פיעל קאסט בלויז איין גרויסע שיף, וואָס וועט זיין ווען מען וועט אזאלכע טויזענד שיפען וועלען פערזיכערען?

— טויזענד נאָר? די געזעלשאפט נעפטון האט לעצטען יאהר אכט־און־פּיערציג טויזענד שיפען פערזיכערט, און שטעהט נאָך ביז איצט גוט!

— דאָס איז נישט אזוי גוט, וואָס טהוט מען אז ס'געהט שלעכט, שיפען געהען אונטער, וואו נעהמט מען די פערזיכערונגס־געלדער אויס־צוצאָהלען?

— גיט מען דאס געשעפט אויף.

— וואָס הייסט מען גיט אויף?

— מען מאכט קאָנקורז, מען ערקלעהרט זיך באנקראט! אזוי הייסט עס! וואס שאדט עס דען אז א געזעלשאפט ערקלעהרט זיך באנקראט, נישט איך טהו עס, נישט דו, נישט ער! קיינער נישט, די געזעלשאפט, דו פערשטעהסט? די געזעלשאפט „טריטאן".

— הייסט עס, איז גאָר קיין ריזיקע ביי דעם נישטא?

**— ניין! איבעריגענס, וואָס האסט דו דען צו ריזיקירען? האסטו**

דען א פעניג? ניין! נאָ וואָס האָסטו מורא? וואָס האָב איך צו רי־זיקירען? פינף הונדערט קראָנען! איך נעהם נישט מעהר ווי פינף אקציעס, נו, איז דען פינף הונדערט פאַר מיר א סך?

שמידט האָט זיך גענומען א שמעק טאַבאַק און מיט דעם איז די זאַך געווען ערלעדיגט.

---

די דאָזיגע געזעלשאַפט איז געגרינדעט געוואָרען, מען מעג יא גלויבען אָדער נישט, זי האָט שוין עקזיסטירט א פּאַר יאָהר און האָט אויך צו די אקציען־איינענטהימער דיווידענדען אויסגעצאָהלט, מען שלאָגט זיך איבער די אקציעס און כדי דאָס געשעפט גרעסער צו מאַ־כען, האָט מען נייע אקציעס ארויסגעגעבען, ס'איז באַלד גערופען גע־וואָרען א גענעראַל פערזאַמלונג פון די אקציעס־האַלטער און ארוויד פאַלק, וועלכער איז איצט געווען אן אויסעראָרדענטליכער בעריכט־גע־בער פון די צייטונג „רויט־קעפּעל“ איז צו דער פערזאַמלונג געשיקט געוואָרען.

ווען ער איז אין דעם זוניגען יוני נאָכמיטאָג געקומען אין דעם קליינעם בערזע־זאַל, איז שוין דאָרט פול געווען פון מענשען, ס'איז געווען א גלענצענדע פערזאַמלונג, שטאַטס־מענער, געלעהרטע, מיליטער און ציוויל בעאַמטען פון העכסטען גראַד; יוניפאָרמס דאָקטאָר־פּראָ־קען — אָרדען — שטערען און — בענדער, אלע די וואָס זיינען דאָ פערזאַמעלט געווען, האָבען נאָר אין זין געהאַט די איינציגע, גרויסע, אלגעמיינע אינטערעסע, גרויס צו מאַכען די אינסטיטוציע פון מענ־שען־ליעבע... וואָס רופט זיך זעע־פערזיכערונג... און ס'איז טאַקע נויט־טיג געווען א גרויסע ליעבע צו ריזיקירען מיט זיין געלד, צו העלפען דעם צווייטען ווען עס טרעפט איהם אן אונגליק; ס'איז אבער געווען די גרויסע ליעבע... אזוי פיעל ליעבע צוזאַמען, האָט פאַלק נאָך קיינמאָל נישט געזעהן! ער איז געווען ערשטוינט אזוי פיעל ליעבע ביי מענשען צו זעהען....

נאָך מעהר ערשטוינט איז ער געוואָרען, דערזעהענדיג דאָרט דעם קליינעם לומפּ שטראָווע, דעם פריהעריגען סאָציאַל־דעמאָקראַט, ווי ער איז אזוי ווי א מיאוס'ער שרץ ארומגעקראָכען צווישען די פערזאַמעלטע און איז געוואָרען בעגריסט פון הויכגעשטעלטע פּערזאָנען, מיט האַנד־דריקען, מיט א קלאַפּ אין פּלייצע און מיט א שאָקעל פון קאָפּ. בעזונ־דערס האָט זיך פאַלק פערוואונדערט, ווי אן עלטערער העלד מיט אן

ארדענס־באנד האָט שטראַוו׳ן בעגריסט, נעהנטער קומענדיג, האָט איהם פאלק געפרעגט, ווער דאָס איז געווען, און שטראַוווע האָט איהם גע־ענטפערט: „דאָס מוזטו וויסען! דאָס איז געווען דער פּרעזידענט פון קאָלעגיום פאר אויסצאַהלען פון בעאַמטען־געהעלטער“, זאָגענדיג דאָס האָט ער געפונען א תירוץ אז ער האָט עפּעס אויף דער אנדערער זייט צו טהאָן און איז אוועקגעגאנגען, פאלק איז געבליבען שטעהן, קלעה־רענדיג: זאָל ער זיך שעהמען מיט מיין געזעלשאַפט? אן עהרלאָזער מענש מיט אן עהרליכען מאן?

די פערזאַמעלטע האָבען זיך אָנגעפאנגען אויף זייערע פּלעצער צו זעצען. די שטוהל פון׳ם פאָרזיצענדען איז נאָך לעהר געווען. פאלק האָט געקוקט צו דעם טיש פון די רעפּאָרטערס, און דערזעהענדיג דאָרט שטראַוווע מיט נאָך איינעם פון די קאָנזערוואַטיווע צייטונג „גרוי־הויבע“ ביי א טיש רעכטס פון׳ם סעקרעטער זיצען, האָט ער זיך געמאַכט א האַרץ און איז דורכגעגאנגען די גאנצע פערזאַמלונג, ווען ער איז אָבער שוין ביים טיש געווען, האָט איהם דער סעקרעטער צוריקגעהאַל־טען און האָט איהם געפרעגט: „פאר וועלכע צייטונג ער בעריכטעט? אן אויגענבליק איז געוואָרען שטיל אין זאָל און פאלק האָט מיט א צי־טעריגע שטימע געענטפערט: „פאר׳ן „רויטקעפּעל“ אינ׳ם סעקרעטער האָט ער דערקענט דעם אקטען־האַלטער פון׳ם קאָלעגיום פאר אויס־צאַהלונג פון בעאַמטען געהעלטער. א פערשטיקטער געמורמעל איז דורכגעלאָפען די גאנצע פערזאַמלונג, דער סעקרעטער האָט מיט א הויכע שטימע געזאָגט: „אייער פּלאַץ איז דאָרט אונטען!“ ער האָט גע־צייגט צו די טיר וואו ס׳איז געשטאַנען א קליין טישעל.

אין דעם איינציגען אויגענבליק האָט פאלק פערשטאַנען וואָס קאָנזערוואַטיוו בעדייטעט און וואָס ליטעראַט בעדייטעט, ווען מען איז נ י ש ט קאָזערוואַטיוו... מיט א קאָכענדיגען האַרץ פאר כעס, איז פאלק צוריקגעגאנגען דורך די הויך־לאַכענדיגע מענער; ארומקוקענדיג זיך מיט צאַרענדיגע בליקען ארום די פערזאַמעלטע, אזוי ווי ער זאָל זיי וועלען אלע אין פּנים שפּייען, האָט ער דערזעהען א פּאָר אויגען, וואָס זיינען אזש גרין געווען פאר כעס, זיין ברודער איז עס געווען, זיין ברודער, וואָס האָט אמאָל, שוין זעהר לאַנג, אזוי ליעבליך און גוט געקוקט, און היינט קוקט ער אויף איהם אזוי ווי צום דורכשטעכען. פּאַר קומער האָט ער געמענט ווייגען: איין ברודער זאָל אזוי אויף א צווייטען קוקען.

ער האָט זיך אוועקגעזעצט ביים טישעל נעבען די טיר און האָט זיך פערטראכט.

באלד איז ער געוואָרען אויפגעוועקט פון א שטורם אפּלאדיסמענטען בראווא געשרייען, דער פּרעזידענט פון די זעע־פּערזיכערונגס־געזעלשאַפט „טריטאָן“ איז אריינגעקומען; דאָס איז געווען א מאַן פון הויכען אדעל, מיט דעם טיטעל „עקסעלענץ“ „גראף“ ריטער און נאָך א טוץ אנדערע טיטולען.

דער האמער האָט א קלאפּ געגעבען, שטיל איז געוואָרען אי'ן זאל, און דער פּרעזידענט האָט פאָלגענדע בעגריסונגס־רעדע געהאַלטען:

— מיינע הערר'ען! אונטער אלע פּאַטריאַטישע אונטערנעהמונגען וועלכע ברענגען נאָר זעגען פאר די מענשהייט, איז די פּערזיכערונג אינסטיטוציע איינע, מען קען זאָגען די איינציגע שעהנסטע און טוגענדהאפסטע!“

— בראווא! בראווא! — האָט אין זאל געקלונגען.

— „וואָס איז דען דאָס מענשליכע לעבען אנדערש ווי א קאמפּף, א קאמפּף אויף לעבען און טויט, מען קען זאגען, א קאמפּף מיט די נאַטור קרעפטען, און ווער איז דאָס פערזיכערט, פריהער אָדער שפּעטער נישט צו קעמפּפען מיט זיי?“

— בראוואָ!

— „לאנג איז דער מענש, איבערהויפּט אין דער פּרימיטיווע צייט געווען א שפּיעלעכעל פון די נאַטור־עלעמענטען; א שפּיעל־באַל, מיינע הערר'ען! א הענטשקע, אזוי ווי א דין בוימעל געגען דעם ווינט, וואָס ווערט געוואָרפען אין אלע זייטען! דאָס איז איצט נישט מעהר! ווירקליך נישט מעהר! דער מענש האָט זיך ענטשלאָסען צו א רעוואָלוציאָן, נישט אזא רעוואָלוציע, ווי די נידעריגע פאַטער לאַנדס־פּעררעטער האָבען שוין אייניגע מאל געמאכט געגען די רעגירונג און געגען די געזעץ־געבער, ניין, מיינע הערר'ען! א רעוואָלוציע געגען דער נאַטור! ער האָט קריג ערקלעהרט צו די נאַטור קרעפטען, ער האָט געזאָגט: ביז אהער קענסטו געהען, אבער נישט ווייטער!

— בראווא! בראווא!

— „דער קויפמאַן שיקט זיין שיף אויפ'ן ים, ס'קומט א שטורם, די שיף ווערט צובראכען און געהט אונטער! דער קויפמאַן זאָגט: ס'מאכט נישט! איך בין פערזיכערט; דער קויפמאַן האָט גאר נישט פערלוירען! איהר זעהט, מיינע הערר'ען! אט דאָס איז דער גרויסער

הויפּט פּונקט פון א פערזיכערונגס־געזעלשאַפט! דענקט אייך נאַר, מיי־נע הערדען! דער קויפמאַן האָט דעם שטורם, קריעג ערקלעהרט, דער קויפמאַן האָט געזיעגט!"

א שטורם פון בראַוואָ־געשרייען האָט ארויסגערופען א זיעגעס־שמייכעל ביי דעם גרויסען מאַן, און ער האָט אויסגעזעהען צו זיין צו־פריעדען מיט אזא שטורם.

— „אָבער מיינע הערדען! מיר דאַרפען נישט די פערזיכערונגס־אינסטיטוציע רופען געשעפט! דאָס איז נישט קיין געשעפט! מיר זיינען נישט קיין געשעפטס־לייט! פאַר אלץ אין דער וועלט נישט! מיר האָבען געלד צוזאַמען געקליבען און מיר זיינען בערייט צו ריזי־קירען עס פאַר אנדערע, נישט אמת, מיינע הערדען?"

— יאָ, יאָ.

— „מיר האָבען געלד צוזאַמענגענומען, זאָג איך, כדי מיר זאָלען עס האָבען גרייט פאַר דעם, וואָס האָט אן אונגליק געטראָפען, דען דער איינער פּראָצענט וואָס ער צאָהלט פאַר די פערזיכערונג, הייסט קיין געלד נישט, דאַדורך האָט עס טאַקע דעם ריכטיגען נאָמען „פּרעמיום" בעקומען, פּרעמיום, מיינט בעלוינונג, דאָס איז א קליינע בעלוינונג פאַר אונזער פערדיענסט, קיינער פון אונז וועט נישט זיין דאַגעגען וואָס מען פערווענדעט די געלדער צום וואָהלזיין פון דער זאַך!

— ניין! ניין!

— „איך בעט דעם געשעפטס־פיהרער ער זאָל דעם בעריכט פון פערגאַנגענעם יאָהר פאָרלעזען".

דער דירעקטאָר־געשעפטס־פיהרער האָט זיך אויפגעשטעלט, ער האָט אויסגעזעהען בלייך אזוי ווי ער זאָל האָבען א שטורם דורכגע־מאַכט, די גרויסע מאַנזשעטען האָבען נישט געקענט בעהאַלטען דאָס ציטערען פון זיינע הענט, ער האָט אויפגעקנעפּעלט זיין ראָק, זיין ווייס העמד האָט אויסגעזעהען אזוי ווי א געפּאַנצערטער שילד די פיילען פון אונצופריעדענהייט אויפצונעהמען. ער האָט פאָרגעלעזען:

— „וואונדערבאַר און נישט פאָרזעהענדיג איז די פיהרונג פון גאָט — "

ביי דעם וואָרט „פאָרזעהענדיג" איז א האַלבער עולם בלאַס גע־וואָרען, אָבער דער פּרעזידענט האָט זיינע אויגען צום הימעל אויפגע־הויבען, אזוי ווי ער זאָל זיין גרייט דעם ערגסטען קלאַפּ צו בעקומען.

— „דאָס ערשט־געענדיגטע פערזיכערונגס יאָהר וועט זיך לאַנג גע־

דערקען, עס האָט דעם פּאַראָוויזעהן פון'ם קלוגסטען צו שפּאַט גע־מאַכט".

דער פּרעזידענט האָט מיט זיינע הענט זיך די אויגען פערשטעלט, אַזוי ווי ער זאָל עפּעס בעטען, שטראַוועל, מיינענדיג אַז ער טהוט דאָס, ווייל די זון ברענט איהם אין די אויגען, האָט געוואָלט די פאָרהענגלעך ארונטערלאָזען, דער סעקרעטער האָט עס אָבער פריהער געטהאָן.

דער פּאָרלעזער האָט געטרונקען אַ גלאָז וואַסער, דאָס האָט ארויסגערופען אַן אויסברוך פון אונגעדולד.

— צו דער זאַך! צו דער זאַך! מיר ווילען הערען אַ חשבון! אַ חשבון!

דער פּרעזידענט האָט די האַנט פון זיינע אויגען אַוועקגענומען און האָט זיך געוואונדערט פאַר וואָס ס'איז טונקעלער געוואָרען. ווען ער זאָל אַן אויגענבליק בלייבען אין פערלעגענהייט, איז אַ שטורם דאַ... מען פערגעסט יעדען רעספּעקט.

— צו דער זאַך! ווייטער לעזען!

דער דירעקטאָר האָט געמוזט פערפעהלען אַ מאַסע פּאָרמעלע ווערטער און דירעקט צו דער זאַך צו געהען.

— גוט, מיינע הערען! איך וועל זיך קורץ פאַסען!

— ווייטער, ווייטער! צום טייוועל!

דער האַמער איז געפאַלען: מיינע הערען! ס'איז געלעגען אַזוי פיעל שטאַרקעם אין דעם „מיינע הערען" אַז אַלץ איז מיט אַמאָל שטיל געוואָרען.

— „די געזעלשאַפט איז דעם לעצטען יאָהר געווען פעראַנט־וואָרטליך פאַר 169 מיליאָן".

— הערט! הערט!

— „און איינצאָהלונגען פון פּרעמיומס האָט זי געהאַט אנדערט־האַלבען מיליאָן".

— בראַוואָ!

— „פאַר שאָדען־ערזאַץ האָט די געזעלשאַפט געמוזט ליידער בע־צאָהלען 1,728,670 קראָנען".

— שענדליך!

— „ווי איהר זעהט, מיינע הערען, האָט גאָט געפיהרט..."

— לאָזט אָב מיט גאָט! צאָהלען! צאָהלען! דיווידענדען!

— „מיט שמערץ און קרענקונג, קען איך אַלס געשעפטס־פיהרער־

דער דירעקטאר, לויט די נישט גינסטיגע פערהעלטניסע פון די געזעל־שאפט פארשלאגען, אז מען זאל נישט מעהר דעם מאל אויסצאהלען ווי פינף פראצענט אויף דעם קאפיטאל, פון יעדער אקציע".

איצט האט א שטורם אויסגעבראכען, וועלכען קיינער האט נישט געקענט איינשטילען.

— שענדליך! אונפערשעהמט! שווינדלער! פינף פראצענט! פפוי! צו אלדע רוחות! מען שענקט דאך אוועק פשוט זיין געלד!

ס'האט זיך אויך געהערט מענשענפריינדליכע אויסשפראכען:

— די ארימע קליינע קאפיטאליסטען, וואס לעבען נאר פון זייער געלד! ווי וועט עס מיט זיי געהן? גאט זאל זיך דערבארמען! וואס פאר אן אומגליק! די שטאדט מוז זיך דא אריינמישען און העלפען און טאקע באלד! א! א!

ווען ס'איז מעגליך ווייטער אנצוגעהן, האט דער דירעקטער פאר־געלעזען די אונערמידליכע ארבייט וואס די דירעקטארען האבען גע־לייסטעט אין'ם לעצטען יאהר, און מען זאל זיי אים נאמען פון דער גאנצער געזעלשאפט בעדאנקען.

דער פארשלאג איז אויפגענומען געווארען מיט שפאט און גע־לעכטער, דערנאך איז פארגעלעזען געווארען דאס בוך פון די רעוויזארען וועלכע האבען קאנטראלירט די ביכער, זייער בעריכט איז געוועזען גוט און קארעקט — „ביים אויפנעהמען דעם אינווענטאר האט זיך אלץ געפונען אין ארדענונג, דער בעריכט איז אויפגענומען געווארען מיט בעגייסטערונג.

דער דירעקטאר האט צו זיי געזאגט און געבעטען זיי זאלען האבען צוטרויען צו די דירעקציע, און מען זאל גוט הייסען זייער האנדלונגען.

ס'איז נאטירליך גוט געהייסען געווארען.

נאך א קורצען אווענט־געבעט, דאס הייסט, מען האט געבעטען ביי גאט, אז נעקסטען יאהר זאל מען קענען אויסצאהלען 20 פרא־צענט, איז די זיצונג געשלאסען געווארען.

## דרייצעהנטעס קאפיטעל.

## בעשערט פון'ם שיקזאל.

דעם זעלבען נאך מיטאג ווען איהר מאן איז געוועזען ביי די „טרי־טאן" פערזאמלונג, האט פרוי פאלק בעקומען א נייע בלויע סאמעט קלייד, מיט וועלכען זי האט איצט תיכף געוואלט ערגערען די פרוי

רעוויזאר האָמאַן וואָס האָט געוואוינט קעגען איבער איהר הויז, ס'איז נישט געווען קיין לייכטערע זאַך פון דעם, זי האָט זיך נאָר גע־דארף ביים פענסטער שטעלען, און צו דעם האָט זי געהאט פערשיע־דענע אורזאכען דאָס צו טהאָן, ווייל זי האָט געדארפט דאָס צימער צו־גרייטען צו דער זיצונג וואָס זי האָט גערופען אויף זיעבען א זייגער און איהרע געסט זאָלען פשוט „צומאָהלען" ווערען פאַר פערדרוס.

די דירעקטאָרען פון דעם קינדער־קריפּעל אינסטיטוט „בית־לחם" האָבען זיך געדארפט פערזאמלען כדי א מאָנאַטליכען בעריכט אבצוגעבען. די דאָזיגע דירעקטאָרען זיינען בעשטאַנען פון פרוי האָ־מאַן, איהר מאַן דער רעוויזאר, נאָך פרוי פאלקס מיינונג א „בעל גאוה" ווייל ער איז א בעאמטער, די גנעדיגע פרוי רעהענהעלם האָט אויך געהאט שטאָלצקייט אין זיך, ווייל זי איז געווען פון אן אָדעליגע משפחה, און פאַסטאר סקארע, דער הויז־פּרעדיגער פון אלע פארנעהמס טע הייזער אָט די גאנצע דירעקציאָן, האָט זיך פרוי פאלק געדענקט, זאָל זי מיט א ליעבליכען שמייכעל אויף איהרע ליפּען צומאָהלען און צוטרעטען. די אלע אלטע מעבעל שטיקער וואָס האָבען קיין ווערט נישט געהאט אלס אן אנטיק אָדער א קונסטווערק, האָט זי שוין לאנג פער־טוישט אויף פּראכטפולע מעבעל. ביז צום שלום פון דער זיצונג וועט זי זיין די פיהרערין צווישען זיי, דערנאָך זאָל איהר מאַן מיט אן אדמיראל א היים קומען, ער האָט איהר פערשפּראכען ווענינגסטענס מיט אן אדמיראל אין א יוניפארם א היים צו קומען — אוןביידע זאָלען זיי אלס מיטגליעדער פון דער אנשטאלט ווערען, דערנאָך זאָל איהר מאַן שענקען א סומע פון דעם געווינס וואָס ער וועט נעהמען ביי די טריטאָן דיווידענדען.

פרוי פאלק האָט שוין איהר געשעפט ביים פענסטער בעזארגט, און איצט האָט זי דעם טיש פון פערלמוטער, ביי וועלכען ס'וועט דער מאָנאַטס־בעריכט געלעזען ווערען, און אין אָרדנונג געבראכט וועי־רען זי האָט אבגעשטוביט דעם קריסטאל טינטער, האָט אוועקגעלעגט דעם זילבערנעם פעדער־האלטער, האָט אזוי דעם זיעגעל אוועקגעדרעהט אין א זייט, אז מען זאָל דעם פּראָסטען בירגער־נאָמען ניט זעהן, צו ענ־דע האָט זי נאָך געגעבען א פּאָר בעפעהלע איהרע דיענער, וועלכע זיינען פאראדנע געווען אָנגעטהאָן, דערנאָך האָט זי זיך אוועקגע־זעצט אינ'ם זאל אנגעהמענדיג א זארגלאָזע שטעלונג, ערווארטענדיג אז זי זאָל איבערראשט ווערען פון דער מעלדונג, אז די פרוי רעווי־

זאר האַמאַן איהר פריינדין איז שוין דאַ, ווייל זיכער וועט זי די ערש־
טע קומען.

און באַלד איז זי טאַקע געקומען. פרוי פאַלק האָט ארומגענומען
וועלינ'ען און האָט איהר געקושט אויף די באַקען. פרוי רעוויזאַר
האָט ארומגענומען עוגיניע'ן, וועלכע האָט איהר אויפגענומען אין
שפּייז־צימער און האָט איהר אויפגעהאַלטען כדי צו ווייזען איהר
דאָס נייע מעבעל, פרוי האַמאַן האָט אבער דאָרט נישט געוואָלט לאַנג
פערווייַלען, ווייל זי האָט זיך געפיהלט נידעריגער, זי האָט זיך גע־
ווענדעט צום גרויסען רעהריגען לייכטער, וועלכען זי האָט געפונען פאַר
צופיעל מאָדערן, דעם עסטיש וואָס האָט נישט געפּאַסט צום גאַנצען
מעבעל פון צימער, אויל־בילדער דאַרפען נישט זיין צוזאַמען מיט פאַ־
מיליען־פּאָטרעטען. פרוי פאַלק האָט זיך אייגענס אין יעדער מעבעל־
שטיק פערטשעפּעט, כדי ס'זאָל זיך הערען דער גערויש פון איהר
נייעם קלייד און איהר פריינדין זאָל ווערען אויפמערקזאַם אויף דעם,
אָבער דאָס האָט איהר נישט געלונגען, פרוי האַמאַן האָט פערשטאַנען,
זי איז אויך געווען נייגעריג צו פרעגען איבער איהר קלייד, זי האָט
אָבער נישט געוואָלט נאָכגעבען...

פרוי פאַלק האָט געפרעגט, צי געפעלט איהר דער נייער בריסלער
טעפּיך אין'ם זאַל, פרוי האַמאַן האָט געענטפערט: זעהר שעהן, נאָר ער
גלאַנצט צופיעל אוועק פון די פּאַרהאַנגען... פרוי פאַלק האָט דער ענט־
פער פערדראָסען און זי האָט אויפגעהערט צו פרעגען.

זיי האָבען זיך אוועקגעזעצט ביים זאַל־טיש, פערשיעדענע ביכער
זיינען אויפ'ן טיש געלעגען, פרוי האַמאַן האָט גענומען א קליין ביכעל
אין האַנט, ס'איז געווען אויף גוטען פּאַפּיער געדרוקט מיט א גאָלד־
שניט און ס'האָט געטראַגען דעם טיטעל: „דעם גרויס־הענדלער ני־
קאָלאוס פאַלק צו זיין 40 יעהריגען געבורטס־טאָג".

— אה! דאָס זיינען דאָס די פערזען, וועלכע זיינען ביי די גרוי־
סע געזעלשאַפט פאָרגעלעזען געוואָרען. ווער האָט זיי דען געשריבען?

—אָ, דאָס איז א טאַלאַנט, מיין מאַן'ס א פריינד; ער הייסט
נוסטרעם.

— ס'איז א וואונדער פאַר וואָס מען האָט דעם נאָמען נישט גע־
הערט! אזא טאַלאַנט! אָבער פאַר וואָס האָט מען איהם נישט געזעהן
ביי דער געזעלשאַפט?

— ער איז לײדער קראַנק געװען, מײן ליעבע; און האָט נישט געקענט קומען.

— אַזוי! אָבער מײן טײערע עוגעניע, דאָס איז דאָך שרעקליך טרויריג, מיט דײן שװאָגער! ער איז זעהר שלעכט אַרײנגעפאַלען!

— רעד נישט פון איהם! ס'איז אַ שאַנדע פאַר די גאַנצע פאַמיליע! שרעקליך!

— יאַ, ס'איז אמת'דיג געװען זעהר אונאַנגענעהם, װען מען האָט אויף איהם געפּרעגט בײ דער געזעלשאַפט, איך האָב זיך פאַר דײנעטװעגען געשעהמט, מײן ליעבע עוגיניע...

דאָס איז פאַר דעם בופעט אויס דער צײט פון קאַרל דעם 12טען און פאַר די יאַפּאַנעזישע װאַזע, האָט פרוי האַמאַן געטראַכט.

— איך בעט דיך זעהר פאַר מיר נישט, פאַר מײן מאַן מײנסטו? האָט פרוי פאַלק געענטפערט.

— מיר דאַכט זיך, אַז דאָס איז דאָסזעלבע.

— נײן, אויף קײן פאַל, איך בין דאָך זיכער נישט פערענטװאָרטליך פאַר אַלע טויגעניכטסען װאָס זײנען מיט מײן מאַן פערװאַנדעט.

— אַך, װי אַ שאַד דאָס איז געװען, װאָס דײנע עלטערען זײנען בײ דער לעצטער געזעלשאַפט נישט געװען, װײל זײ זײנען גראַד קראַנק געװען, װי געהט עס איצט דײן ליעבען פאַטער?

— איך דאַנק דיר, זעהר גוט! װי דו געדענקסט אַלעמען!

— אַ, יאַ, מען דאַרף נישט אַלע מאָל נאָר אין זיך אַלײן דענקען! איז ער פון דער הײם אויס אַ קראַנקער, דער אַלטער — װי אַזוי זאָל איך איהם רופען?

— װען דו װילסט רוף איהם קאַפּיטאַן.

— קאַפּיטאַן? װי איך דערמאַהן זיך האָט מײן מאַן געזאָגט, אַז ער איז בלויז אַ סטואַרט אויף די שיף; נאָר דאָס מאַכט נישט, און פון די מײדלעך איז אויך קײנער נישט געװען.

דאָס בעצאָהל איך איהר פאַר דעם ברוסלער טעפּיך, — האָט די פרוי רעװויזאַר געטראַכט.

— נײן, זײ זײנען נישט געװען, זײ האָבען אַזעלכע געװאוינהײטען, אַז מען קען אויף זײ קײנמאָל נישט רעכענען.

פרוי פאַלק האָט דערװײל דעם גאַנצען בילדער־אַלבום דורכגעקוקט, זי איז געװען אינגאַנצען רויט פאַר כעס.

— הער נאָר עוגיניע, מיין ליעבע, — האָט פרוי האָמאַן ווייטער געזאָגט, — ווי הייסט דער אונאַנגענעהמער הערר, וועלכער האָט ביי דער געזעלשאַפט די פערזען פאָרגעלעזען?

— דו מיינסט לעווין, דעם קעניגליכען סעקרעטער לעווין: ער איז דער אינטימסטער פריינד פון מיין מאַן.

— ניין, אמת'דיג. הם! ווי וואונדערליך! מיין מאַן איז אין'ם זעלבען אמט רעוויזאָר וואו ער איז סעקרעטער; איך וויל דיך זיכער נישט קרענקען, אָדער דיר עפּעס אונאַנגענעהמעס זאָגען: דאָס טהו איך קיינמאָל נישט, אָבער מיין מאַן בעהויפּטעט, אַז זיינע פערהעלט־ניסע זיינען זעהר שלעכטע און ס'פּאַסט נישט אַז דיין מאַן זאָל מיט איהם פערקעהרען.

— זאָגט ער דאָס? דאָס איז אַ זאַך וואָס איך ווייס נישט און איך מיש זיך נישט, איך וויל דיר זאָגען מיין טייערע עוועלין, איך מיש זיך קיינמאָל נישט אין די אַנגעלעגענהייטען פון מיין מאַן, כאָטש אַנדערע טהאָן דאָס יאַ...

— פערצייהע מיר ,מיין טייערע, איך האָב אָבער געדענקט, אַז איך וועל דיר מיט דעם עטוואָס דיענען, דיר דערצעהלענדיג פון דעם.

דאָס האָט זי איהר בעצאָהלט פאַר דעם זילבערנעם לייכטער און פאַר'ן עס־טיש! איז נאָך געבליבען דאָס סאַמעט קלייד!

— נאָ, ווי איך האָב געהערט האָט דיין שוואָגער...

— איך בעט דיך, שוין מיינע געפיהלען און רעד נישט מעהר פון דעם געפאַלענעם מענש!

— איז ער אמת'דיג אזוי געפאַלען? איך האָב געהערט, אַז ער געהט אַרום מיט די ערגסטע מענשען וואָס מען קאָן זעהן...

ביי דעם איז פרוי פאַלק אויסגעלייזט געוואָרען, דער דיענער האָט געמאָלדען די גנעדיגע פרוי רעהנהעלם.

— אָ! ווילקאָם זי איז געוועזן... ווי ליעבענסווירדיג זי האָט איהר דעם כבוד צוגעטיילט!

— דאָס איז זי ווירקליך געוועזן, אַן אַלטע דאַמע מיט אַ פריינד־ליכען אויסזעהן, וואָס קען נאָר בעזיצען אַזעלכע וואָס האָבען אַלע שטורמס פון לעבען מיט מוטה דורכגעטראַגען.

— נו, ליעבע פרוי פאַלק, — האָט די גנעדיגע געזאָגט, איך קאָן אייך געבען אַ גרוס פון אייער שוואָגער.

פרוי פאַלק האָט געפרעגט ביי זיך, וואָס זי האָט דיעזע פרוי

געטהאָן, וואָס זי וויל איהר אויך ערגערן און האָט געענטפערט אבי־סעל בייזליך:

— אזוי?

— ער איז דאָך אזא ליעבליכער מענש, אייער שוואָגער; ער איז היינט געווען ביי מיר, ער האָט געמאכט א בעזוך ביי מיין פּלימעניק, זיי זיינען גוטע פריינד! ער איז אמת'דיג א פארטרעפליכער יונגער מאַן.

— איז ער דאָס אפשר נישט, — האָט זיך די פרוי האָמאַן אריינ־געמישט, זי האָט א טבע געהאט באלד איהר מיינונג צו ענדערן; — מיר האָבען ערשט פון איהם גערעדט.

— אזוי! — און וואָס איך בעוואונדער אם מעהרסטען ביי איהם, דאָס איז זיין מוטה, זיך איבערצוגעבען אויף אזא וועג וואו די מיינסטען געהען צו גרונד; אבער פאר דעם דארפען מיר זיך פאר איהם נישט שרעקען, ער איז א מאַן פון כאראקטער און פּרינציפּען, געפינט איהר דאָס אויך נישט אזוי, ליעבע פרוי פאלק?

— דאָס האָב איך אלע מאָל געזאָגט, אבער מיין מאַן איז שטענ־דיג מיט אַן אנדער מיינונג.

— אך, דיין מאַן, — האָט זיך פרוי האָמאַן אריינגעמישט — ער האָט שטענדיג אנדערע מיינונגען.

— אזוי, ער פערקעהרט מיט אייער פּלימעניק, מיין גנעדיגע?

— האָט פרוי פאלק ווייטער געזאָגט.

— יא, זיי האָבען א קליינעם קרייז, ביי וועלכען ס'איז אויך דאָ קינסטלער, איהר האָט דאָך זיכער פון דעם יונגען מאהלער זעלען געלעזען, וועמענס בילד, זיין מאַיעסטעט דער קעניג האָט געקויפט.

— יא, זיכער, מיר זיינען דאָך געווען אויף דער אויסשטעלונג, און מיר האָבען דאָס בילד געזעהן, איז ער אויך אין דעם קרייז?

— יא, זיכער, זיי האָבען עס זעהר שווער, אָט די יונגע קינסטלער, ווי מיינסטענס יונגע קינסטלער האָבען ווען זיי ווילען זיך אין די וועלט ארויפארבייטען.

— דיין שוואָגער איז דאָך א פּאָעט, — האָט פרוי האמאַן זיך אנגערופען.

— יא, דאָס גלויב איך, ער שרייבט אויסגעצייכענט, ער האָט בעקומען א פּרייז אין דער אקאדעמיע, און מיט דער צייט וועט ער־

וואָס גרויסעם פון איהם ווערען. — אזוי האָט פרוי פאָלק געענט־פערט מיט פולער איבערצייגונג.

— יאָ, האָב איך דאָס נישט שטענדיג געזאָגט? — האָט די פרוי האָמאַן בעשטעטיגט.

ס'האָט זיך אָנגעפאַנגען א רעדען איבער ארוויד פאָלקס גרויס־קייט, אזש ער איז שוין געווען אין דעם טעמפּעל פון בעריהמטקייט. דער דיענער האָט געמאָלדען פּאַסטאָר סקאָרע, ער איז מיט שנעלע טריט אריינגעקומען און האָט איילינ בעגריסט די דאַמען.

— איך בעט ענטשולדיגען פאר וואָס איך בין אזוי שפּעט גע־קומען, אבער איך האָב נישט פיעל צייט פאר מיר; האַלב ניין א זיי־גער מוז איך זיין אויף א זיצונג ביי די גרעפין פאָן פאַרבענקראַנץ און איצט קום איך דירעקט פון מיין ארבייט.

— אָה! איהר איילט זיך אזוי, הער פּאַסטאָר?

— יאָ, מיין גרויסע טעטיגקייט לאָזט מיר נישט קיין רוה, אפשר זאָלען מיר טאקע דאדורך באַלד צוגעהן צו די פערהאנדלונגען.

דער דיענער האָט אריינגעברענגט צום טרינקען.

— ווילט איהר נישט א גלאָז טעה טרינקען, הער פּאַסטאָר, בעפאָר מיר וועלען אָנפאַנגען? האָט די פרוי פאָלק געפרעגט.

דער פּאַסטאָר האָט געוואָרפען א בליק איבער'ן טיש.

— ניין, איך דאנקע, אז ס'איז דאָ פונש, וועל איך בעסער דאָס טרינקען, איך האָב מיר'ס געמאכט צום רעגעל, מיינע דאַמען, אז איך זאָל אין מיין אויסער'ן לעבען זיך ניט אָבזונדערען פון מיינע מיט־מענשען, אַלע מענשען טרינקען פונש, כאָטש איך האָב די משקה נישט ליעב, וויל איך אָבער נישט, אז די וועלט זאָל זאָגען, אז איך בין בעסער פון זיי; בעריהמעריי איז א זינד וואָס איך האָב פיינד! דאַרף איך איצט די פערהאנדלונגען פאַרלעזען?

ער האָט זיך אוועקגעזעצט ביים שרייב־טיש, האָט איינגעטינקט די פעדער און האָט אונגעפאַנגען.

„איבער די געשענקע, וואָס זענען אין מאָנאט מאַי געגעבען גע־וואָרען צו דער קינדער־קריפּעל אנשטאַלט בית־לחם, ווערט דאָ פון דער לייטונג א רעכענונג אבגעגעבען, אונטערגעצייכענט פון: עונ־גיניע פאָלק“.

— געבווירענע? ווען איך קען פרעגען.

— אָך, דאָס איז נישט נויטיג, האָט פרוי פאָלק פערזיכערט

דער פּאסטאָר שרייבט ווייטער:

„עוועלין האמאן".

— געבוירען, וועל איך בעטען.

— פאַן באהר, גוטער הער פּאסטאָר!

„אנטאָנעטאַ רעהנהעלם„.

— געבוירענע מיין גנעדיגע . . .

— רעהנהעלם, הער פּאסטאָר,

— אַך, דאָס איז ריכטיג, מיט'ן פעטער פערהייראט, דער מאַן טויט, אָהן קינדער! מיר געהן ווייטער! „געשענקע . . ."

אלגעמיינע בעוואונדערונג.

—ווילט איהר אייער נאָמען נישט אונטערשרייבען, הער פּאס־טאָר? האָט פרוי האָמאַן געפרעגט.

— איך שרעק זיך פאר בעריהמעריי, מיינע דאמען, נאָר ווען איהר ווינשט עס, וועל איך עס טהאָן!

„נאטאנאעל סקארע".

— צו געזונדהייט, הער פּאסטאָר, טרינקט צו ערשט איידער איהר פאנגט אַן, האָט די ווירטען געבעטען מיט א שמייכעל, ער איז אָבער באלד פערשווינדען געוואָרען זעהענדיג אז דאָס גלאַז פון'ם פּאסטאָר איז געווען לעהר, זי האָט עס באלד אָנגעפילט.

— איך דאנקע, פרוי פאַלק, אָבער לאָמיר נישט צופיעל אין דער זייט אוועקגעהן, מיר וועלען אנפאנגען! ווילט איהר אפשר דעם מאנוסקריפּט ניט לעזען?

„געשענקע": איהר מאיעסטעט די קעניגען: 40 קראָנען. גרעפין פאַן פאָרבענקראַנץ: 5 קראָנען און א פּאָר וואָלענע זאָקען. גרויס הענדלער שאלין 2 קראָנען און פּעקעל קאָנווערטען, זעקס בליי־פעדערען און א פלאַש טינט, פריילין אמאנדא ליבערט א פלעשעל פּאַרפיום. פריילין אנא פייף: אַ פּאָר מאנזשעטען: דער קליינער אר־יאנד: 25 פעיק פון זיין אייגענער שפּאר־פּשוקע. יונגפרוי יאהאנ פע־טערסאַן: א האלב טוץ האנט־טוכער: פריילין עמיליע ביערן: א נייעם טעסטאָמענט. דער קרעמער פּערסאַן: א פּעקעל האָבער־גריץ, א פערטעל קארטאָפעל, און א פלאַש איינגעמאכטע ציבעלעס. קרעמער שייקע: צוויי פּאָר וואָלענע אונטער . . . .

— מיינע הערשאפטען! אונטערברעכט איהם די גנעדיגע.— זאָל דאָס אלעס געדרוקט ווערען?

— יאָ, נאַטירליך ! האָט דער פאַסטאָר געענטפערט.

— בעט איך פון׳ם דירעקטאָריום ארויסצוטרעטען.

— גלויבט איהר אפשר, מיינע גענעדיגע, אז די געזעלשאפט קען עקזיסטירען דורך פרייוויליגע ביישטייערונג, ווען די נעמען פון די געבער זאָלען נישט געדרוקט ווערען ? ניין !

— נאָ, זאָל די וואָהלטעטיגקייט דיענען די קליינליכע עגאָ־איסטישע פערלאַנגען פון מענשען וואָס ווילען גלאַנצען מיט אנזעהן ?

— ניין ! נישט אזוי ! עגאָאיזם איז טאַקע אן איבעל, זיכער; מיר ווילען אָבער דעם דאָזיגען איבעל צום גוטען פערוואַנדלען ; איז דאָס נישט גוט ?

— מיר דארפען אָבער נישט אזעלכע קליינליכע זאכען אזא שעהנעם נאָמען געבען ווי : וואָהלטעטיגקייט ; דאָס איז בע־ריהמעריי !

— איהר זייט צו שטרענג, מיין גענעדיגע ! די שריפט זאָגט, מען זאָל מוחל זיין, זייט זיי מוחל זייער ביסעל עגואיזם !

— יא, הער פאַסטאָר איך בין זיי מוחל, אָבער מיר אליין נישט! אז פרויען וואָס האָבען נישט וואָס צו טהאָן, זאָלען זיך פון דער וואָהלטעטיגקייט א פערגעניגען מאַכען, דאָס קען מען נאָך מוחל זיין, זיי זאָלען עס אָבער אָנרופען „שעהנע האנדלונג“ וואו ס׳איז נאָר דאָ בלויז פערגעניגען, און קליינליכע פערגעניגען צו זעהן דעם נאָמען געדרוקט ביי וואָהלטעטיגע צוועקען, זיך דורך דעם פאָפולער צו מאַכען, דאָס איז שענדליך !

— וואָס ? האָט פרוי פאָלק אָנגעפאַנגען מיט איהר גאַנצער קראַפט פון לאָגיק, — גוטעס צו טון איז שענדליך ?

— ניין, מיין פריינדין ; אָבער צו לאָזען דרוקען, אז מען האָט געשענקט א פאָר וואָלענע זאָקען, דאָס האַלט איך פאַר שענד־ליך . . .

— אָבער א פאָר וואָלענע זאָקען צו שענקען, הייסט דאָך גוטעס געטון, נו, קומט דאָך אויס, אז גוטעס טון איז שענדליך.

— ניין, מיין קינד ! צו לאָזען עס דרוקען, דאָס איז שענד־ליך איהר מוזט הערען וואָס איך זאָג.

די פרוי פאָלק האָט זיך אָבער נאָך נישט נאָכגעגעבען, זי האָט ווידער איינגעווענדעט :

— אזוי, איז דרוקען א שאַנדע ! אָבער די ביבעל איז דאָך

אויף געדרוקט, הייסט עס, אז צו לאָזען דרוקען די ביבעל איז אויף א שאַנדע . . .

— וועט איהר אזוי גוט זיין, הער פּאסטאָר, און ווייטער אונ־געהן מיט׳ן בעריכט, האָט די פרוי רעהנהעלם איהר אונטערבראָ־כען, זייענדיג שוין אביסעל פערלעצט פון די נארישע פאקטען וואָס די פרוי פאָלק האָט פאַרגעברענגט ;

די פרוי פאַלק האָט זיך אַלץ נאָך נישט אונטערגעגעבען.

— האלט איהר דאָס אונטער אייער כבוד, מיין גנעדיגע פרוי רעהנהעלם, מיט א נידעריגערע פּערזאָן, ווי איך בין. מיינונגען אויס־צוטוישען . . .

— ניין, מיין קינד ; בעהאלט אייערע מיינונגען, איך וויל נישט אויסטוישען.

— קען מען דאָס רופען דיסקוטירען, וויל איך פרעגען ? ווילט איהר, הער פאסטאר, אונז נישט דאריבער אויפקלערען, צו מען קען דאָס רופען דיסקוטירען, ווען איין טייל וויל דעם צווייטען אויף די פראגען נישט ענטפערען !

— מיין גוטע פרוי פאלק, ס׳איז אמת, מען קען דאָס נישט רופען דיסקוטירען, האָט דער פאסטאר מיט א צווייידייטיגען שמייכעל געענטפערט, אזש די פרוי פאָלק האָט עס באלד צום ווײנען גע־בראכט : מיר ווילען אָבער נישט, אז א גוטע זאַך זאָל דורך שטריי־טיגקייטען פערדאָרבען ווערען, מיינע דאמען ! מיר ווילען דאָס דרוקען אבלייגען ביז דער פאָנד וועט גרעסער זיין. מ׳יר האָבען געזעהען ווי די דאָזיגע יונגע אונטערנעהמונג האָט ווי א זאָמען־קאָרן אויפגעשפּראָצט, און מיר האָבען געזעהען ווי מעכטיגע הענט זענען ווילִיג אָט די יונגע פלאַנץ צו העלפען בליהען. מיר מוזען אָבער אין דער צוקונפט דענקען, די געזעלשאפט האָט א פאָנד ; דיעזער פאָנד מוז פערוואלטעט ווערען, מיט אנדערע ווערטער, מיר מוזען טראכטען א פערוואלטער פאר דעם פאָנד אַנצושטעלען, א פראקטישען מאַן, וואָס וועט די אַלע געשענקע פערוואלטען און זיי צו געלד מאַ־כען, מיר מוזען איינעם אויסוועהלען, אָהן געלד האָב איך מורא קענען מיר אזעלכען נישט קריגען, און וואָס קען דען דער מענש בעקומען אָהן געלד? האָבען אפשר די דאמען אזא פּערזאָן פאר דיעזע ארבייט פּאַרצושלאָגען ?

ניין, וועגען דעם האָבען די דאמען נישט גערענקט.

— וועל איך פארשלאגען א יונגען־מאן, וועלכער פאסט זיך, נאך מיין אנזיכט, פאר די ארבייט, האט די דירעקציאן עטוואס דא־געגען, אז סעקרעטער עלקונד, זאל זיין דער פערוואלטער פון די אנשטאלט בית־לחם, מיט א פאסענדע געהאלט ?

ניין די דאמען האבען נישט דאגעגען, בעזונדערס אז פאסטאר סקארע האט איהם פארגעשלאגען, און דער פאסטאר סקארע פער־שטעהט דאס בעסער, ווייל דער סעקרעטער עלקונד איז געווען זיין נאהנטער קרוב, די דירעקציאן האט בעשלאסען אנצושטעלען סעקרעטער עלקונד אלס פערוואלטער פון'ם קינדער־קריפעל אנשטאלט ; בית־לחם, מיט א געהאלט פון זעקס הונדערט קראנען.

— מיינע דאמען, האט דער פאסטאר ווידער גענומען דאס ווארט, פאר היינט האבען מיר דאכט זיך שוין גענוג געארבייט.

א שווייגען. פרוי פאלק האט געקוקט צו דיר טיהר אויב איהר מאן קומט נישט.

—מיין צייט איז קורץ, און איך בין ניט אים שטאנד, נאך לענגער דא צו פערבלייבען. האט נאך ווער עטוואס צו זאגען ? — ניין !

— מיט דעם וואס איך רוף גאטס ביישטאנד צו אונזער אונטער־נעהמונג וואס האט זיך אזוי שעהן אונגעפאנגען, ווינש איך אונז אלעמען גענאדע און זעגען ; און איך טו עס נישט אנדערש, ווי גאט אליין האט אונז געלערענט : ליעבער פאטער, פאטער אונ־זער . . .

ער איז אנשוויגען געווארען אזוי ווי ער זאל זיך געווען שרע־קען זיין אייגען קול צו הערען, די געזעלשאפט האבען די הענד פאר די אויגען געהאלטען, אזוי ווי זיי וואלטען זיך שעהמען איינס דאס אנדערע אין פנים צו קוקען, די פויזע איז געווארען לאנג, לענגער. ווי מען האט ערווארטעט ; זי איז געווארען צו לאנג, פון דעסטוועגען האט קיינער נישט געוואגט דאס שווייגען אונטערצוברעכען, מען האט דורך די פינגער געקוקט, אויב ס'ריהרט זיך נישט ווער, אבער פלוצ־לונג האט א שטארק קלונגען פון פאר־הויז, די געזעלשאפט צוריק אויף דער ערד ארונטערגעריסען.

דער פאסטאר האט זיין הוט גענומען, האט אויסגעטרונקען זיין גלאז פונש, ער האט אויסגעזעהן ווי איינער וואס וויל זיך שטיל־אויסקגנב.נען.

פרוי פאלק איז פרייליך געווארען, ווייל איצט קומט דאס ריכטיגע,

איצט וועט זי זיך מיט די אנדערע אָברעכענען, א ראכע פייער׳ל האָט ארויסגעגלאנצט פון איהרע אויגען.

די ראכע איז נישט געקומען, דער דיענער האָט אריינגעבריינגט א בריעף, וועלכער איז פון איהר מאן געשיקט געוואָרען און האָט ענט־האלטען... — — וואָס דאָרט איז געווען געשריבען, האָבען די געסט נישט געקענט געוואהר ווערען, נאָר זיי האָבען גענוג געזעהן, און באלד האָבען זיי אָנגעפאנגען צו ערקלעהרען, אז זיי קענען לענגער נישט בלייבען און מען ווארט פאר זיי אין דער היים.

די פרוי רעהנהעלם, האָט גערען געוואָלט בלייבען, כדי די יונגע פרוי פאָלק צו בערוהיגען, זעהענדיג ווי אונרוהיג און טרויעריג זי איז, אָבער פרוי פאָלק האָט איהר צו דעם נישט צו גערעדט, נאָר פער־קעהרט ס׳האָט אויסגעוויזען אז זי וויל פון זיי פטור ווערען.

מען האָט זיך צושיידט אין פערלעגענהייט. די טריט זענען אָבגעשטאָרבען אויף די טרעפּ, און די אוועקגעהענדע האָבען געהערט דאָס נערוועזע צומאכען פון די טיר, דאָס האָט זיי אָנגעוויזען, אז פרוי פאָלק פיהלט זיך איצט אונגליקליך.

בלייבענדיג אליין אין׳ם גרויסען צימער, האָט זי אויסגעבראָ־כען אין א געוויין, ס׳זענען אָבער נישט געוועהן קיין טרערען ווי א מאי־רעגען וואָס פאלען אויף אַן אַלטע הארץ. נאָר ס׳איז געווען פון אייפערזוכט, כעס און צאָרן, די טו׳עהרען זענען ארויפגעפאלען אויף איהר הארץ אזוי ווי ביטערע טראָפּען וואָס פאלען אויף בלומען און מאכען זיי פערוועלקען און אָבשטארבען. טרעהרען פון צאָרן זיינען דאָס געוועז.

## פיערצעהנטעם קאַפּיטעל.

### „א ב ס י נ ט ה" *)

א הייסע נאָכמיטאָג די זון האָט געברענט אויף די גאסען שטיי־נער פון די פּראָווינץ־הויפּט־שטאָטד — קעפּינג.

אין׳ם ראטס־קעלער זאַל, איז נאָך שטיל געווען, צווייגען פון פיכטען בוימער זענען געלעגען אויף די פּאָדלאָגיע און ס׳האָט זיך

---

*) אזא געטראנק.

געפיהלט א ריח אזוי ווי נאך א בעגרעבעניש ; די פערפוצטע ליקער־פלעשלעך זענען געשטאנען אין די פאכען פון'ם בופעט און האבען געהאלטען דעם מיטאג־שלאף קעגען איבער די בראנפען־פלעשלעך, דער זייגער וואס קען קיינמאל קיין מיטאג־שלאף ניט האבען, שטעהט אויס־געשטרעקט צום וואנט אנגעלעהנט ווי א שיכור'רער פויער און מאכט א טעל פון די צייט און קוקט אויס אזוי ווי ער זאל לייענען דאס גרויסע טעאטער־צעטעל, וואס הענגט קעגען איבער אויף א קליידער־שטענדער, דער זאל איז געוועזען זעהר לאנג און שמאל, אויףביידע זייטען ביי די לאנגע ווענט, זיינען די טישען אויסגעשטעלט, עס זעהט אויס אזוי ווי זיי זאלען זיך וועלען אויסציהען און מאכען דעם זאל אזוי ווי א שטאל אויסצוזעהן, די טישען וואס זיינען אלע מיט פיער פיס זעהן אזוי ווי פערד אויס, וואס זיינען צו דער וואנט צו־געבונדען און מיט'ן אונטען צום זאל צוגעקערט, אבער איצט שטעהן אלע און שלאפען, אז זיי שלאפען, דאס זעהט מען, ווייל די פליעגען געהן אונגעשטערט ארום אויף זייער רוקען.

אבער דער זעכצעהן יעהריגער קעלנער שלאפט נישט, ער שטעהט אונגעלעהנט ביים וואנט־זייגער נישט ווייט פון'ם טעאטער־צעטעל און יאגט מיט זיין ווייסע שורץ די פליגען, וועלכע זיינען געקומען פון קיך וואו זיי האבען מיטאג געגעסען און זענען איצט צוריקגעקומען צו טרייבען זשומעדיג זייער שפיעל ; דערנאך לעגט ער צו זיין אויער צום זייגער, אזוי ווי ער זאל וועלען געוואהר ווערען וואס דארט אינווייניג טוט זיך, דער זייגער האט געשלאגען זעקס, און האט זיך ווידער אנגעפאנגען די ארבייט פון גלייכען טיק־טאק קלא־פען.

דער קעלנער האט אויך אנגעפאנגען ארבייטען, ער איז ארום־געגאנגען צווישען די טישען און האט זיי מיט'ן שירץ איבערגע־ווישט, האט אלע אין ארדנונג געבראכט אזוי ווי ער זאל בעזוך ער־ווארטען. אויף איין טיש וועלכער איז געשטאנען אין הינטערגרונד, האט ער ארויף געשטעלט א פלאש „אבסינטה" און צוויי גלעזער, א קליין ליקער־גלעזעל, און א גרויסע טרינק־גלאז. דערנאך האט ער געברענגט פון די ברונען א גרויסע קרוג וואסער און האט זי אוועק־געשטעלט נעבען די צוויי פלעשער, דערנאך האט ער געמאכט א פאר שפאציער־גענג ארום דעם צימער, און בלייבענדיג שטעהן אין א פויזע אזוי ווי ער זאל וועמען ערווארטען, האט ער מיט זיינע נאך

אינגלישע אויגען געקוקט אויף די טאַפּעטען פון דער וואנט.

די טיר איז אויפגעריסען געוואָרען און ס'איז אריינגעקומען א 35 יעהריגער מאן מיט זיכערע שריט, אזוי ווי ער זאָל דאָ זיין אין זיין אייגענע היים, זיין געזיכט וואס ס'איז געווען גלאט אהן א באָרד, האָט געהאט אזעלכע שארפע שטריכען, אזוי ווי איינער וואָס איז שטענדיג געוואוינט פערשיעדענע גרימאסען צו מאַכען, אזא געזיכט זעהט מען נאָר ביי שוישפּיעלער, אַ הויכען שמאָלען שטערען, מיט אריינגעזונקענע שלעפען, פון דאָרט פאלען ארונטער שווארצע נישט פערקעמטע לאָקען אזוי ווי ווילדע פלאַנצען, זיינע גרויסע טונקעלע אויגען קוקען ביי רוהיגען צושטאנד מילד און טרויריג, ער קאָן אָבער אויך מיט זיי פייערדיג קוקען, דאמאָלס זעהען זיי אוים אזוי ווי די מיילער פון רעוואָלווערס.

ער האָט זיך געזעצט נעבען דעם טיש וועלכער איז געשטאַנען אין הינטערגרונד און וואו דער קעלנער האָט אלץ פארבערייטעט און האָט זיינע טרויריגע בליקען געוואָרפען צו די קרוג וואסער.

— פאר וואָס שטעלסטו אלע מאָל וואסער אהער, גוסטאוו ?

— כדי הער פאלאנדער זאָל נישט פערברענט ווערען !

— וואָס געהט עס דיך אָן, אז איך וועל פערברענט ווערען ? קען איך דען דאָס נישט, ווען איך וויל !

— הער פאלאנדער דאַרף הייגט ניט זיין קיין ניהיליסט !

— ניהיליסט ! ווער האָט דיך אויסגעלערנט דאָס וואָרט ? פון וואנען האסטו עס גענומען ? ביזט פעריקט, יונגעל ? זאָג !

ער האָט זיך אויפגעשטעלט און האָט מיט זיינע פייערדיגע אויגען צום קעלנער א פּאָר בליקען געוואָרעפען.

פאר שרעק פון'ם שוישפּיעלערם אויסדרוק, איז גוסטאוו שטיל געוואָרען.

— ענטפער, יונג, פון וואנען האסטו גענומען דאָס וואָרט ?

— הער מאַנטאַנוס האָט עס פאר א פּאָר טאָג געזאָגט, ווען ער איז פון זיין קירכע געקומען, האָט גוסטאוו שרעקענדיג געענטפערט.

— אזוי, מאַנטאַנוס ! האָט דער שוישפּיעלער געזאָגט און האָט זיך צוריק אוועקגעזעצט, — מאנטאנוס איז מיין מענש ; דאָס איז א מענש וואָס פערשטעהט וואָס מען זאָגט, הער נאָר גוסטאוו, דו קענסט מיר רוהיג דערצעהלען וואס פאר א ציגאַמען די טעאטר באנדע האָט מיר געגעבען, זאָג, שרעק זיך נישט.

— ניין ער איז אזוי העסליך אז איך וויל איהם אזש נישט זאָגען.

— פאר וואָס ווילסט דו נישט? ווען דו וועסט מיר דעם פערגעניגען מאכען, געפינסטו נישט, אז איך האָב עפּעס נעטיג עס זאָל מיך אויפמונטערען? נו, ארויס דאמיט! ווי אזוי זאָגען זיי ווען זיי פרעגען; אויב איך בין דאָ געווען? זאָגען זיי נישט.... גאָ זאָג שוין!

— דער טייוועל . . .

— דער טייוועל? דאָס איז א גוטער נאָמען! זיי האסען מיך, נישט אמת?

— ניין, דאָס קענט איהר נישט בעהויפּטען.

— ניין, דאָס גלויב איך אליין אויך נישט.

— אָבער זיי זאָגען, אז הער פאלאנדער, פערדארבט די מענשען!

— פערדארבט?

— יאָ, זיי זאָגען, אז הער פאלאנדער האָט מיך פערדאָרבען, ווייל איך זאָג אז אלץ איז אלט.

— הם, הם! זאָג זיי אז זייערע וויצען זיינען אויך אלט.

— יאָ, אלץ איז אלט וואָס זיי זאָגען, זיי זענען אלע אזוי אלט אזש עס עקעלט מיך פון זיי.

— אזוי! געפינסטו נישט, אז א קעלנער זיין, איז אויך עט־וואָס אלטעס?

— יאָ, געוויס איז עס אזוי; לעבען איז אלט, שטארבען איז אלט, אלץ איז אלט — ניין — א שוישפּיעלער צו ווערען איז נישט אלט!

— יאָ, מיין פריינד, דאָס איז דאָס עלטסטע פון אלץ, איצט אָבער מוזטו שטיל זיין, איך מוז מיך בעטויבען.

ער האָט געטרונקען א גלאָז „אבסינטה“ און זיין קאָפּ האָט זיך אונגעלהנט אין די וואנט, דארט האָט זיך געזעהן א לאנגער ברוינער שטרייף, ווייל שוין זעקס יאָהר ווי דער שוישפּיעלער זיצט דאָ און בלאָזט דעם רויך פון'ם ציגאר אויף'ן זעלבען אָרט; די שטראהלען פון דער זון פאלען דורכ'ן פענסטער אין זאל אריין געמישט מיט'ן שאָטען פון דעם בוים וואָס שטעהט ביים פענסטער, פאלען זיי אויף די צו־וואָרפענע לאָקען פון'ם שוישפּיעלער, און עס זעהט אויס ווי

עפּעס א גרויסע שפּין און א שווארץ מיט ליכט געמישטע שפּינ־וועבס.

גוסטאוו האָט זיך אוועקגעזעצט ביים זייגער און האָט געקוקט אויף די פליגען וואָס האָבען ארומגעטאנצט דעם הענגעל־לאָמפּ.

— גוסטאוו ! האָט עס געקלונגען פון'ם שפּינגעוועבס.

— יאָ, ענטפערט עס פון'ם זייגער.

— לעבען נאָך דיינע עלטערן ?

— ניין, דער הער פאלאנדער ווייסט עס דאָך שוין !

— דאָס איז גוט פאר דיר !

א לאנגע פּויזע.

— גוסטאוו !

— יאָ !

— קענסטו ביינאכט שלאָפען ?

— וואָס מיינט איהר מיט דעם, הער פאלאנדער ! האָט גוסטאוו געענטפערט רויט ווערענדיג.

— דאָס וואָס איך זאָג !

— יאָ, זיכער קען איך שלאָפען, פאר וואָס נישט ?

— פארוואָס ווילסטו א שווישפּיעלער ווערען ?

— דאָס ווייס איך נישט, איך גלויב אז איך וועל גליקליך זיין!

— ביזטו דען נישט גליקליך ?

—דאָס ווייס איך נישט ! איך דענק אז נישט !

— איז הער רעהנהעלם נאָך אמאָל דאָ געוועזען ?

— ניין, ער איז נישט געווען, אָבער ער האָט געוואָלט דעם הער פאלאנדער אין דיעזער צייט געפינען.

א לאנגע פּויזע „ דערנאָך האָט זיך די טיר געעפענט, און א שאָטען איז אין די גרויסע נעץ אריינגעפאלען ;

— הער רעהנהעלם ? האָט געפרעגט דער קאָפּ פון הינטער־גרונד.

— הער פאלאנדער ?

— ווילקאָמען ! איהר האָט מיך שוין היינט געזוכט ?

— יאָ, איך בין היינט מיטאָג אָנגעקומען, כ'האָב אייך באלד געזוכט, איהר ווייסט שוין מיין פאָרשלאָג : איך וואָלט וועלען צום טעאטער אָנקומען.

—ניין, ווירקליך ? דאָס ברענגט מיך צום ערשטוינען !

— אין ערשטוינגען?

— יא, אזוי איז עס! אבער פאר וואס קומט איהר צו ערשט צו מיר?

—ווייל איך ווייס אז איהר זייט דער גרעסטער שוישפּיעלער דאָ, און ווייל אונזערביידענס בעקאנטער, בילדהויער מאַנטאַנוס, האָט אייך פאַר מיר אַלס זעהר א גוטען מענשען פאַרגעשטעלט.

— האָט ער דאָס? וואָס קען איך פאר אייך טהאָן?

— אַן עצה געבען.

— ווילט איהר זיך ביי מיין טיש זעצען?

— יא, מיט'ן גרעסטען פערגעניגען.

רעהנהעלם, האָט זיך אוועקגעזעצט.

— איהר בעט פון מיר א ראַט? הם! — ווילט איהר אַן אויפריכטיגע ראַט? יאָ, נאַטירליך, נו, הערטזשע מיך ערענסט אויס וואָס איך וועל אייך זאָגען, און איהר זאָלט קיינמאָל נישט פערגעסען, אז איך האָב אייך אין דעם און אין דעם טאָג אזוי געזאָגט, ווייל איך נעהם אויף מיר די פעראַנטוואָרטליכקייט וואָס איך זאָג.

— זאָגט אייער מיינונג איך בין צו אַלעמען געפאַסט!

— האָט איהר שוין פערד בעשטעלט? ניין! געהט און טוט עס און פאָהרט צוריק אהיים!

— האַלט איהר מיך דען פאַר אונפעהיג, שוישפּיעלער צו ווערען?

— ניין, זיכער נישט! איך האַלט קיינעם נישט פאר אונפעהיג צו דעם! אין געגענטהייל, אַלע מענשען האָבען מעהר אָדער ווע־ניגער טאַלאַנט, מענשען פאַרצושטעלען.

— אַלזאָ!

— אָבער ס'איז גאַנץ עטוואָס אנדערש ווי איהר דענקט! איהר זייט יונג, אייער בלוט איז אין בעוועגונג, איהר פיהלט ווי טויזענט בילדער, שעהן און העל אזוי ווי אין די מערכען־ביכער, געהן דורך אייער מוח, אָבער איהר ווילט זיי נישט בעהאַלטען, איהר ווילט זיי ארויסברענגען, אויף אייערע הענט טראָגען און צווינגען זיי זאָ־לען זיך פאַר אַלעמען אין דער וועלט צייגען, און אליין אויך האָבען פערגעניגען — נישט אמת?

— יאָ, יאָ! איהר רעדט מיינע געדאַנקען ארויס!

— איך נעהם נאָר דעם בעסטען און געוועהנליכסטען פאַל אָן. איך זוך נישט קיין שלעכטע מאָטיווען פאַר אַ מענשענס וואונש, כאָטשבע איך דענק וועגען אַלץ נידעריג, נאַ, אייער נייגונג איז אַזוי שטאַרק, אַז איהר וועט בעסער נויט לײדען, זיך ערנידעריגען, זיך לאָזען פון וואַמפּירען דאָס בלוט זויגען, אייער בירגערליכעס אַנזעהן פערלירען, בעסער אונטערגען, — איידער פון אייער ווילען צוריקטרעטען! נישט אמת?

— יאָ, אַך ווי גוט איהר קענט מיך!

— איך האָב אַמאָל געקענט אַ יונגען מאַן — איצט קען איך איהם שוין ניט מעהר, ווייל ער האָט זיך זעהר פערענדערט!

ער איז אַלט געווען 15 יאָהר ווען ער איז פון׳ם שטראָף־אַנשטאַלט אַרויסגעקומען, וואָס יעדער געמיינדע האַלט אויס פאַר קינדער וואָס בעגעהן בלויז דעם פערברעכען, געבוירען צו ווערען, און די אונשולדיגע קינדער לײדען פאַר די זינד פון די עלטערן, וואָס זיי האָבען געזינדיגט בעשאַפענדיג די קינדער. איך בעט אייך, דערמאָנט מיך אַז איך זאָל זיך האַלטען ביי דער טהעמא! ער איז דערנאָך געלעגען אין די ביבליאָטעקען און האָט פיעל ביכער געלייענט, זיינע געהירען האָבען זיך אין זעקס פאַכען איינגעטיילט, און דאָרט זענען געלעגען זעקס׳ערליי זאַכען, די צאָהל, די נעמען, אַ גאַנצער מאַגאַזין פאַרטיגע אורטיילען, בעשלוסען, טעאָריען, איינפעלע, אָט די אַלע דומהייטען זענען אין זיין מוח געווען צוזאַמענגעדריקט, אַזוי ווי עפּעס אַ פערמעגען אין אַ קאַסע־קאַסטען. ס׳וואָלט נאָך געקענט אַריין, ווייל די געהירען זיינען גענוג גרויס, ס׳האָט אָבער אויך אייגענע געדאַנקען אויפגענומען חוץ די וואָס זענען שוין אַזוי אַלט געווען, און אַזוי פיעל איבערגעקייט געוואָרען, דעם יונגען מאַן איז נמאס געוואָרען לעזענדיג, ער האָט אויפגעהערט לעזען און איז צום טעאַטער געגאַנגען, ער איז דאַמאָלס צוואַנציג יאָהר אַלט געווען. קוקט נאָר מיין זייגערל אָן, קוקט אויפ׳ן קליינעם ווייזער׳ל, זעכציג מאָל, איידער ס׳וועט אַ מינוט, זעכציג מאָל זעכציג, איידער ס׳ווערט אַ שעה, דערנאָך 24 מאָל, ביז ס׳ווערט בלויז איין טאָג; דערנאָך דריי־הונדערט־און־פינף־און־זעכציג מאָל און עס איז בלויז איין יאָהר דענקט אייך נאָר, צעהן יאָהר! מיין הער, האָט איהר שוין אַמאָל ביי אַ טיר אויף אַ גוטען בעקאַנטען געוואַרט? דאָס ערשטע פיערטעל שעה, געט שנעל פערביי; דאָס צווייטע פיערטעל שעה, דאָס טהוט

מען נערן פאר דעם וואס מען האט ליעב; דאס דריטע פיערטעל שעה: ער קומט נישט; דאס פיערטע: האפנונג און שרעק; דאס פינפטע: מען געהט אוועק און קעהרט זיך אבער אום צוריק; דאס זעקסטע: מיין גאט איך האב מיין צייט אומזיסט פערלארען; דאס זיעבענטע: איך ווארט נאך אלץ וויל איך האב שוין אזוי לאנג געווארט, דאס אכטע: כעס און קללות; דאס נײנטע: מען געהט אהיים, מען לעגט זיך אויף דער סאפע און מען פיהלט א רו־היגקייט אזוי ווי מען וואלט דעם טויט די האנד געגעבען; — ער האט צעהן יאהר געווארט, צעהן יאהר! ציטער'ן נישט מיינע האר אויף'ן קאפ איך זאג צעהן יאהר? צעהן יאהר זיינען פערגאנגען. ס'איז אבער נאהענט געווען אין די צעהן פערלוירענע יאהר אז ער זאל משוגע ווערען, ער איז געווען אין כעס פאר וואס זיין ער־פאלג איז פאר צעהן יאהר נישט געווען, ס'האט געקענט זיין, וויל דעם זעלבען טאלאנט האט ער דאמאלס אויך בעזעסען, נאר וויל מען האט איהם געלאזט ווארטען, מען האט איהם קיין ראלע נישט געגעבען! און ווען ער האט שוין יא ערפאלג געהאט, האט עס איהם שוין נישט גליקליך געמאכט, פערקעהרט, ער איז אומגליקליך געווארען; אומגליקליך אויף זיין גאנצען לעבען.

— מיינט איהר דען נישט, אז ער האט געדארפט די צעהן יאהר צום שטודירען און פערשטעהן די קונסט פון שוישפיעלען.

— ער האט דאך קיינמאל נישט געקענט שפיעלען מען האט דאך איהם נישט געלאזט שפיעלען; יעדער האט פון איהם געלאכט, עפעס א מאדנע אויסוואורף איז ער געווען ביים טעאטער, דער דירעקטאר האט אלע מאל געזאגט, אז ער טויג צו גארנישט; און ווען ער האט זיך געווענדעט צו אן אנדער טעאטער, האט מען געענטפערט; אז ער האט נישט קיין רעפערטואר!

— פאר וואס אבער איז ער נישט געווארען גליקליך ווען ער האט שוין יא געמאכט אן ערפאלג?

— גלויבט איהר, אז א מענש מיט אן אונשטערבליכע נשמה איז מיט בלויז גליק צופריעדען? — אבער פארוואס זאלען מיר פון דעם רעדען? אייער ענטשלוס קענט איהר נישט צוריקרופען! מיינע עצות זענען איבעריג! ס'איז נישטא קיין בעסערער לעהרער ווי די ער־פאהרונג, און זי איז פערשיעדען געלאהנט, אדער איבעררעכענט,

פונקט אזוי ווי דער לעהרער פון א שולע; איינער בעקומט לויב. דער אנדערער טאַדעל; איהר זייט געבוירען לויב צו בעקומען, איהר זאָלט נישט מיינען אז איך זאג עס ווייל איך קוק אויף אייער אבּ־שטאַמונג; צו דעם בין איך אויפגעקלערט גענוג, אז איך זאָל איי־נעם גוטעס אָדער בעזעס צושרייבען; ווייל ער שטאַמט פון א גוטע אָדער שלעכטע פאַמיליע, ביי דיזען פאַל איז די אבשטאַמונג א גאַנץ גלייכגילטיגער פאַקטאָר, ווייל ביי דעם גילט דער מענש בלויז אלס מענש! איך ווינש, אז איהר מעגט אזוי שנעל ווי מעגליך גליק האָ־בען, כדי איהר זאָלט נישט אזוי שנעל ווי מעגליך — אויפגעקלערט ווערען! איך גלויב, אז איהר פערדיענט עס.

— אָבער האָט איהר נישט קיין אכטונג פאַר אייער קונסט, וואָס איז גרעסער און הערליכער פון אלע?

די קונסט ווערט איבערגעשאצט, אזוי ווי אלץ איבער וואָס מענ־שען שרייבען ביכער, אָט די איבערשאַצונג איז געפעהרליך, ווייל זי קען שאַדען, א שעהן געזאָגטער ליעגען קען אויף איינעם אן אמת'ן איינדרוק מאַכען! זי איז אזוי ווי א פאַלקס פערזאַמלונג, ביי וועלכע די אונגעבלידעטע מאסע איז די מאַיאָריטעט, וואָס מעהר אויסער־ליכע עפעקטען איז אלץ בעסער —וואָס שלעכטער, אלץ בעסער! איך מיין פון דעסטוועגען נישט צו זאָגען, אז מען דארף די קונסט נישט שאַצען!

— דאָס קען דאָך נישט אייער מיינונג זיין!

— דאָס איז מיין מיינונג, זי דארף אָבער נישט זיין דער אמת.

— אָבער האָט איהר ווירקליך נישט קיין אכטונג פאַר אייער קונסט?

— פאַר מיינע? פאַר וואָס גראַד פאַר מיינע און נישט פאַר פרעמדע?

— און איהר האָט די טיעפזיניגע ראָלען געשפּיעלט; איהר האָט שעקספּיער געשפּיעלט? איהר האָט האמלעט געשפּיעלט? האָט אייך קיינמאָל נישט דער אינטערעס געריהרט, ווען איהר האָט געזאָגט דעם טיעפען מאָנאָלאָג „זיין אָדער נישט זיין“?

— וואָס מיינט איהר מיט טיעף?

— טיעפזיניג, געדאַנקען־טיעף!

— איך וויל איהר זאָלט עס אייך אליין ערקלערען, איז עס דען אזוי טיעף ווען מען זאָגט: „זאָל איך מיר דאָס לעבען נעהמען אָדער

ניִשט ? איך וואָלט עס גערן געטהון, ווען איך זאָל וויסען, וואָס ס'־
וועט נאָכ'ן טויט קומען, און דאָס וועלען אַלע אנדערע אויך טון ; און
ווייל מיר ווייסען ניִשט וואָס ס'וועט נאָך'ן טויט זיין, דאריבער נעה־
מען מיר זיך ניִשט דאָס לעבען". איז דאָס אזוי טיעפזיניג ?

— ניין, ניִשט אזוי . . .

—נאַ, איהר האָט שוין זיכער אויך אַמאָל געדענקט, אז איהר
זאָלט אייך דאָס לעבען נעהמען ! ניִשט אמת ?

— דאָס האָבען אַלע מענשען אַמאָל געדענקט.

פאר וואָס־זשע האָבען זיי עס ניִשט אויסגעפיהרט ? ווייל זיי
האָבען עס ווי האמלעט, נ י ט ג ע ו ו א ג ט, ווייל זיי האָבען
ניִשט געוואוסט וואָס דערנאָך וועט קומען. זיינען זיי דען געווען אזוי
טיעפזיניג ?

— נאַטירליך ניִשט !

—אַלזאָ איז דאָס אַ גאַנץ איינפאכע באנאליטעט ! מיט איין
וואָרט, עס איז — ווי אזוי הייסט עס, גוסטאוו ?

— ס'איז אַלט ! האָט דער קעלנער אזוי ווי וואָרטענדיג אויף
אַ רעפּליק, געענטפערט.

— יאָ, ס'איז אַלט, וואָלט אָבער דער דיכטער געווען עפּעס גע־
וואוסט וואָס דאָס צוקונפטיגע לעבען וועט ברענגען, וואָלט ער אנ־
דערש געזאָגט, עטוואָס נייעס וואָלט ער געזאָגט.

—איז אַלץ וואָס ס'איז ניי גוט ? האָט רעהענהעלם געפרעגט,
פערליערענדיג דעם מוטה ביי אויסהערען די אַלע נייע געדאנקען.

— וועניגסטענס האָט דאָס נייע דעם פערדיענסט, וואָס איז
ניי ! פּרובירט מיט אייערע געדאַנקען אַ ל י י ן צו דענקען,
ניִשט מיט די וואָס שטעהען אין די ביכער פערשריעבען, וועט איהר
זעהן אז אַלץ וועט פאר אייך ניי זיין, ווילט איהר מיר גלויבען, אז
איך האָב געוואוסט וואָס איהר ווילט מיך פרעגען, נאָך איידער איהר
זענט אריינגעקומען אהער, און אויך וואָס איהר וועט מיך פרעגען, ווען
מיר וועלען רעדען וועגען שעקספּיער ?

— איהר זייט אַ זאָנדערבארער מענש, איך מוז צושטימען, אז
איהר האָט רעכט מיט דעם וואָס איהר זאָגט, כאָטש איך בין ניִשט
מיט דער מיינונג.

— נו, וואָס דענקט איהר וועגען מארק־אַנטאָנס לייכען־רעדע

נעבען טויטען־קערפּער פון יוליוס צעזאר? איז זי נישט מערקוויר־דיג?

— דאָס האָב איך אייך גראַד איצט געוואָלט פרעגען, ס'איז אזוי ווי איהר זאָלט קענען מיינע געדאנקען לעזען!

— כ'האָב דאָך אייך ערשט אזוי געזאָגט, נאָ, זאָגט מיר, וואָס פאַר א טיעפעס געפינט איהר אין דאָזיגע רעדע?

— דאָס קען מען מיט קיין ווערטער ניט זאָגען...

— אָבער געפינט איהר נישט, אז דאָס איז א זעהר געוועהנליכער פאָרם פון איראָנישע פראַזען? מען זאָגט פונקט דאָס געגענטייל פון דעם וואָס מען מיינט, און אז מען שאַרפט די שפּיצען, מוז זיך יעדער אין זיי צושטעכען, — אָבער האָט איהר אמאָל שעהנערס גע־לעזען ווי ראַמעאָ און יוליאַס דיאַלאָג נאָך דער חתונה־נאַכט?

— אך, די שטעלע, וואו ער זאָגט, עס איז די נאַכטיגאַל און נישט די לערכע.

— וועלכע שטעלע זאָל איך דען מיינען, אז נישט די וואָס יעדער מיינט? — דאָס איז אן איינצעלנעם פיעל בענוצטעם פּאָעטישעם בילד, וואָס שטעלט זיך נאָר אָב אויפ'ן עפעקט, און גלויבט איהר אז שעקספּיער'ס גרויסקייט ליגט נאָר אין די פּאָעטישע בילדער זיינע?

— פאַר וואָס מוזט איהר מיר אלעס אזוי צוברעקלען? פאַר וואָס נעהמט איהר אוועק מיין גאַנצע שטיצע?

—איך וואַרף אייערע שטעקענס אוועק, כדי איהר זאָלט זיך אויס־לערנען א ל י י ן געהן, איבעריגענס בעט איך אייך, איהר זאָלט אויף אלץ איינגעהן וואָס איך זאָג!

— איהר בעט נישט, נאָר איהר צ ו ו י נ ג ט אזוי צו טאָן.

— דאן מוזט איהר מיין פערקעהר אויסמיידען — אייערע על־טערען טרויערן איבער אייער טריט!

— יאָ, נאַטירליך, אָבער פון וואַנען ווייסט איהר דאָס?

— דאָס טון אלע עלטערען! פאַר וואָס איבערשאַצט איהר מיין אורטהיילס־קראַפט? איהר דאַרפט איבערהויפּט נישט איבער־שאַצען!

— גלויבט איהר, אז מען ווערט גליקליכער אז מען איבערשאַצט נישט?

— גליקליכער? הם! קענט איהר ווער מען, וואָס זאָל גליק־

ליך זיין? ענטפערט מיר מיט אייער אייגענע אנזיכט, נישט מיט פרעמדע ווערטער.

—ניין!

— ווען איהר גלויבט נישט, אז ס'קען ווער גליקליך זיין, פאר וואס־זשע פרעגט איהר: צו מען קען גליקליכער ווערען? — אזוי, איהר האט עלטערען! דאסאיז דום, צו האבען עלטערען!

— ווי אזוי? וואס מיינט איהר?

— געפינט איהר נישט אונאטירליך, אז דער אלטער דור זאל דעם נייעם מיט פערעלטערטע דומהייטען ערציהען? אייערע על־טערן פאדערען דאנקבארקייט פון אייך? נישט אמת?

— זאל מען זיינע עלטערן נישט דאנקבאר זיין?

— דאנקבאר פאר דעם, ווייל זיי האבען אונז מיט דער הילף פון'ם געזעץ צו העם עלענד געבראכט, אונז מיט שלעכטע עסענס גענעהרט, אונז געשלאגען, אונז אונטערדריקט, זיך אונזערע ווינשען ענטגעגענשטעלט? ווילט איהר מיר גלויבען, אז ס'איז נאר נויטיג איין רעוואלוציאן? ניין, צוויי זיינען נויטיג! — פאר וואס טרינקט איהר נישט קיין „אבסינט“? איהר שרעקט זיך דערפאר? זעהט איהר, ער טראגט אויף זיך דעם געגנפער קרייץ; ער היילט די פער־וואונדעטע אויפ'ן שלאכט פעלד, דעם פריינד אזוי ווי דעם פיינד: ער בעטויבט דעם שמערץ, מאכט שטומפפזיניג די געדאנקען, מאכט פערגעסען די זכרונות, דערשטיקט אלע עדעלע געפיהלען, וועלכע פער־נארען דעם מענש צו אלע נארישקייטען, און צו ענדע לעשט ער אויס דאס ליכט פון פערנונפט. ווייסט איהר וואס דאס ליכט פון פער־נונפט איז? — ערשטענס איז עס א פראזע, און צווייטענס אן איר־ליכט, ווי מען רופט עס אן „אירוויש“; ווייסט איהר וואס דאס מיינט? דאס איז אזא ליכט וואס בלאנזשעט ארום וואו פיש ווערען פערפוילט. דאס ליכט פון פערנונפט איז אזא ליכט, וואס קומט פון די פערפוילטע געהירען אבזאץ. — ס'איז מערקווירדיג, אלץ וואס איז גוט דא אויף דער ערד געהט אונטער און ווערט פערגעסען, וועהרענד די צעהן יאהר וואס איך האב אונטעטיג געוואורט אויף מיין אונגליקליכען גליק, האב איך אלע ביכער פון די קליינשטעדטעלדיגע ביבליאטעקען דורכגעלעזען אלעם נארישע און בעדייטונגסלאזע וואס געפינט זיך אין די ביכער, איז ציטירט און בעליעבט; דאס גוטע בלייבט ליעגען. — וואס

האָב איך געוואָלט זאָגן — דערמאָנט מיך אַז איך זאָל זיך האַלטן ביי דער טעמא...

דער זייגער האָט געקלונגען זיבען, די טיר האָט זיך געעפענט און ס'איז אריינגעקומען א מאַן מיט גרויסען ליארעם, ס'איז געווען א פינפציג יעהריגער מאַן מיט א פעטען שווערען קאָפּ, און האָט אויס־געזעהען ווי א מערדער צווישען די צוויי פעטע אקסלען, זיינע בלי־קען האָבען אויסגעזעהען ווי ער זאָל וועלען יעדען דורכשטעכען, און די הענד האָט ער אזוי געהאַלטען אזוי ווי ער זאָל וועלען צו די שטערען באָמבעס וואַרפען.

— דער דאָרטען, האָט אייער שיקזאַל אין די הענט, האָט פּאַ־לאַנדער שטיל געזאָגט צו רעהנהעלם'ן, דאָס איז דער קאָמענדיאַנ־טשיק, דער דירעקטאָר און מיין טויט־פיינד.

רעהנהעלם האָט אויפגעשווידערט דערזעהענדיג דאָס שרעקליכע געזיכט, וואָס האָט מיט א טיעפען האס געקוקט אויף פּאַלאַנדער'ן, און האָט מיט פּעראַכטונג ערגעץ אין דער זייט אריין געשפּיגען.

די טיר האָט זיך ווידער געעפענט, און אריינגעקומען איז, כמעט אַן עלעגאַנטער מאַן, אין די מיטעל יאָהרען, מיט געלע האָר און איינגעדרעהטע וואָנסען, ער האָט זיך אוועקגעזעצט נעבען דירעקטאָר און האָט איהם געדרייכט די האַנד.

דאָס איז דער רעדאַקטאָר פון די קאָנזערוואַטיווע ציימונג. ער פּערטיידיגט דעם טראָן און די קירכע, ער האָט פרייען צוטריט צו די קוליסען, ער וואָלט אַלע מיידלאַך פּערפיהרט, אויף וועלכע דער דירעקטאָר האָט קיין אויג נישט געוואָרפען, פריהער איז ער געווען קעניגליכער בעאמטער, האָט ער אָבער געמוזט זיין שטעלע אויפגעבען, איך שעהם זיך צו זאָגען, פאַר וואָס, אָבער איך שעהם זיך אויך צו זיצען אין דעם זעלבען צימער מיט דיעזען הערען: און איך גיב אויסער דעם היינט אָוועגד דאָ אין הויז א קליינעם באַנקעט, צוליעב מיין נעכטיגען בענעפיט, ווען איהר האָט חשק מיט שלעכטע געזעל־שאַפט צו פערברענגען, צווישען די קלענסטע שוישפּיעלער, צוויי בעקאַנטע דאַמען, און אַן אַלטען לומפּיגען הער, דאַן וועט איהר זיין ווילקאָמען א זייגער אכט!

רעהנעלם האָט ניט געצעגערט קיין אויגענבליק און האָט די איינלאַדונג אָנגענומען.

פּאַלאַנדער און רעהנהעלם זענען אוועקגעגאַנגען.

דער מאן מיט'ן פעטען קאפ האט געשריען מיט א הויכע שטימע אלס דירעקטאר און טראגאדיסט, האט ער זיך געווינט הויך צו רעדען.

— האסטו געזעהען ווי דאס וואכען־בלאט האט מיך אנגעגריפען!

— אך, אין די נארישקייטען זאלסטו גאר נישט דענקען!

— איך זאל נישט דענקען פון דעם! צום טייוועל! וואס מיינסטו מיט דעם? לייענט מען עס דען נישט אין דער גאנצער שטאדט? איך וואלט אהינגעגאנגען צו איהם און איהם גוט דורכגעקלאפט, ער בעהויפטעט גאנץ פרעך, אז איך בין איבערטריבען און עפעקטען פול.

—קויף איהם איבער, נאר מאך נישט קיין סקאנדאל.

— איבערקויפען? גלויבסטו דען, אז איך האב עס נישט געפרואווט? זיי זענען פערדאממטע זאנדערבארע מענשען דיעזע ליעבעראלע שרייבער; אבער זיי איבערקויפען, דאס געהט נישט, כאטשע זיי זיינען ארעם.

— אך דו פערשטעהסט דיך נישט אויף דעם! מען מוז נישט דירעקט אויף זיי געהן; מען דארף זיי מתנות שיקען, אויף וועלכע מען קען געלד לייהען, אדער בארעם געלד אהן אן אונטערשריפט פון וועמען; און מען זאל עס קיינמאל נישט לאזען מערקען.

— אזוי ווי מען מאכט מיט דיר; אבער ניין מיט זיי געהט עס נישט, איך האב שוין געפרואווט, ס'איז אן אומגליק צו האבען צו טון מיט מענשען וואס האבען אייגענע אנזיכטען.

— וואס דענקסטו איז דאס געווען פאר א קרבן וואס דער טייוועל פאלאנדער האט דא אין די הענט געהאלטען.

— דאס געהט מיך נישט אן!

— אפשר יא! — גוסטאוו! ווער איז דאס געווען דער הער מיט וועלכען פאלאנדער האט גערעדט?

— דער וויל א שוישפיעלער ווערען און הייסט רעהנהעלם!

— וואס זאגסטו, ער וויל שוישפיעלער ווערען? האט דער דירעקטאר געשריגען.

— יא, דאס וויל ער, האט גוסטאוו געענפערט.

און נאטירליך, טראגעדיע שפיעלען? און בעשיצט ווערען פון פאלאנדער'ן? און זיך נישט ווענדען צו מיר? און מיינע ראלען צונעהמען? און איך זאל נישט וויסען פון דעם! איך? איך?

ס'איז מיר א שאָד פאר איהם, וועלכע שרעקליכע צוקונפט ! איך וועל איהם נאַטירליך בעשיצען ! איך וועל איהם אונטער מיינע פלי־געל נעהמען ! די קראפט פון מיינע פליגעל פיהלט מען, אפילו ווען איך פליה נישט, א שאָד וואס ער איז פריהער צו מיר נישט געקומען. איך וואָלט איהם פאלאנדערם ראָלען געגעבען, אלע ! אה ! אה ! אה ! אבער ס'איז נאָך נישט שפּעט ! זאָל איהם דער טייוועל, פריהער פערדארבען ! ער איז נאָך אביסעל צו „פריש ! ער זעהט אמת'דיג אונשולדיג אוים, יאָ, יאָ, איך זאָג נאָר, אז גאָט זאָל איהם אבהיטען !

די לעצטע ווערטער האָבען זיך אויסגעמישט מיט'ן ליארעם פון די אונגעקומענע געסט.

פופצעהנטעם קאַפּיטעל.

טעאטער־געזעלשאפט פעניקס.

דעם אנדערען טאָג האָט רעהנהעלם ערוואכט שוין נישט ווייט פון דער מיטאג שטונדע, די בילדער פון די פערגאנגענע נאכט זיינען פאר איהם אזוי ווי געשפּענסטער דורכגעפלויגען.

ער זעהט פאר זיך, דאָס שעהנע צימער, מיט פיעל בלומען בע־האַנגען, דאָרט ווי דער קליינער באנקעט איז געווען, ער זעהט די 35 יעהריגע שוישפּיעלערין. וואס אן אנדערע שוישפּיעלערין, א איג־גערערע פון איהר האָט געמאכט אז זי זאָל שפּיעלען מוטער ראָלען, זי איז אריינגעקומען א פערצווייפעלטע און אין כעס איבער די נייע בעשימפּפונגען וואָס זי האָט פון'ם דירעקטאָר געליטען, זי האָט זיך אנגע'שיכור'ט און איהר פּים געלייגט אויף די סאָפע, און ווען ס'איז ווארם געוואָרען אין צימער, האָט זי זיך אויף געקנעפּעלט איהר בלוז־קע, און פאנאנדער גענומען דעם מיעדער ווי א מאן צוקנעפּעלט זיין ווע͏סטעל ווען ער עסט זיך צופיעל אָן.

ס'איז דאָרט אויך געווען דער אלטער קאָמיקער, וועלכער האָט צו־פריה געמוזט פערלאָזען אלס ליעבהאָבער־ראָליסט און איז ארונ־טער געזונקען ביז צו דיענער־ראָלען און אונטערהאלט די קליינבירגער מיט ליעדער זינגען.

אין מיטען דעם רויך־וואָלקען און שיכרות בילדער דערזעהט רעהנהעלם, א יונגע זעכצעהן־יעהריגע מיידעל, אריינקומענדיג מיט טרעהרען אין די אויגען און דערצעהלט פאלאנדערען, ווי דער גרוי־סער דירעקטאָר האָט איהר געמאכט נידעריגע פּאָרשלעגע, און ווע

זי האָט איהם נישט געוואָלט נאָכגעבען, האָט ער געשוואָרען אַז ער וועט נקמה נעהמען פון איהר, אַז ווייטער וועט ער איהר נאָר נע־בען ראָלען פון דיענסט־מיידלאַך.

און ער זעהט ווי פּאָלאַנדער, נעהמט אויף די אַלע זאָרגען און קלאָגען, און מאַכט זיי צו נישט, און ער לערענט אַלע זיינע פריינד, אַז זיי זאָלען קיין זאַך נישט איבערשאַצען, נאָך ווייניגער די זאָרגען.

אבער שטענדיג זעהט ער אַלץ די זעכצעהן־יעהריגע מיט דעם אונ־שולדיגען געזיכט, וועלכער׳ס פריינד ער איז געוואָרען, און ער האָט ביים אבשיעד אַ קוש פון איהר בעקומען, אַ הייסען ליידענשאַפטלי־כען קוש, ער דערמאָנט זיך וואָס פאַר אַ הייסען קאָפּ ער האָט גע־האַט, עפּעס דאַכט זיך איהם, אַז ער איז פערליעבט אין איהר, אבער ווי הייסט זי דען?

ער האָט זיך אויפגעהויבען פון בעט, כדי די וואַסער קרוג צו דערלאַנגען, איז איהם געקומען אַ קליין טאַשען־טיכעל אין האַנט. אַט דאָ שטעהט עס אויסגעצייכענט — אגנעס! הייסט זי, ער האָט אויסגעזוכט אַ ריינע שטיקעל פּלאַץ דארויף, האָט עס געקושט און האָט עס בעהאַלטען אין זיין רייזע קופערט.

דערנאָך האָט ער זיך אַנגעטהאָן, כדי צו געהן צו דער טהעאַטער דירעקציע, וועלכע ער וועט זיכער טרעפען צווישען צוועלף און דריי אַ זייגער, כדי ער זאָל זיך נישט דאַרפען פאַר־צו־וואַרפען, איז ער צוועלף אַ זייגער שוין דאָרט געווען, ער האָט אבער דאָרט קיינעם נישט געטראָפען נאָר דעם דיענער און ער האָט איהם געפרעגט, מיט וואָס ער קען איהם דיענען.

דער דירעקטאָר געפינט זיך איצט אין זיין פאַבריק, אבער ער וועט באַלד קומען.

רעהנהעלם האָט געדענקט, אַז די נאָהענטע מענשען רופען דאָס טהעאַטער פאַבריק, האָט ער אבער באַלד ערפאַהרען, אַז דער דירעקטאָר האָט אייגענטליך אַ שוועבעלעך־פאַבריק, זיין שוואָגער דער קאַסיער, זיצט אין פּאָסט אַמט, און קומט נישט פריהער פון צוויי אַ זייגער נאָך מיטאָג; זיין זוהן דער סעקרעטער, איז בעשעפטיגט אויף׳ן טעלעגראַפען־אַמט, און מען איז קיינמאָל נישט זיכער מען זאָל איהם טרעפען. דער דיענער אבער פערשטעהענדיג אויף וואָס רעהנהעל־ איז געקומען, האָט איהם געגעבען אַן עקזעמפּלאַר פון די טהעאַטער־

שטאַטוטען צו לייענען, מיט דעם זאָל ער זיך אונטערהאַלטען ביז ווער פון די דירעקציע וועט קומען.

רעהנהעלם האָט זיך געזעצט אויף די סאָפע דעם ערשטען פּע־רעגראַף פון די טהעאַטער שטאַטוטען צו שטודירען.

„דאָס טהעאַטער איז א מאָראַלישע אַנשטאַלט, דורכדעם זאָלען די מיטגליעדער גאָטספּירכטיג זיין און גוטע זיטען האָבען".

רעהנהעלם האָט גערדערעהט מיט דער פראַזע אהין און אהער ער האָט איהר געוואָלט פערשטעהן; ווען דאָס טהעאַטער זאָל א מאָ־ראַלישע אַנשטאַלט זיין, דאַרפען דאָך די אַלע מיטגליעדער וואָס בעלאַנגען צו טהעאַטער, זיין מאָראַליש און דאָס זענען זיי דאָך נישט... ווען ס'זאָל זיין געשריבען אז דאָס טהעאַטער איז אַן אונמאָראַלישע אַנשטאַלט, וואָלט א זין געהאַט; אָבער דאָס וואָלט די דירעקציע נישט געטהון.

ער האָט זיך דערמאָנט אין האַמלעט „ווערטער, ווערטער" אָבער באַלד האָט ער זיך דערמאָנט, אז ס'איז אַלט צו ציטירען האַמלעט. און אז מען מוז די געדאַנקען מיט אייגענע ווערטער אויסדריקען; און ער האָט אויסגעקליבען דאָס וואָרט; פּלוידעריי. כאָטש דאָס איז אויך נישט אזוי אָריגינעל.

דער צווייטער פּערעגראַף האָט איהם געהאַלפען ער זאָל זיך ווידער אויף א פיערטעל שטונדע פערטראַכטען וועגען דעם טעקסט „דאָס טהעאַטער עקזיסטירט אַבסאָלוט נישט צום פערגעניגען, נישט בלויז צו אַמוזירען".

דאָס פערשטעהט ער שוין נישט, אָט שטעהט, אז דאָס טהעאַטער איז אַבסאָלוט נישט צום פערגעניגען, און באַלד שטעהט, אז ס'איז נישט ב ל ו י ז צו אַמוזירען... הייסט דאָך אז ס'איז אויך צום פער־געניגען.

דערנאָך האָט ער זיך פערטראַכט ווען דאָס טהעאַטער מאַכט איינעם פערגעניגען, אז מען שטעלט פאַר אויף דער ביהנע ווען קינדער, איבערהויפּט זיהן בעטריגען זייערע עלטערען מיט געלד, ווייטער, ווען פרויען בעטריגען זייערע מענער, בעזונדערס איז א גרויס פערגעניגען, ווען דער מאַן איז אַלט און ער בענוטיגט זיך אין דער הילף פון זיין פרוי, דריטענס האָט ער זיך דערמאָנט אז ער האָט געלאַכט איבער צוויי אַלטע מענער, וועלכע זענען באַלד פאַר הונגער געשטאָרבען; ווייל זייער געשעפט איז צוריקגעגאַנגען. און אז

היינט לאכט מען דאך ביי די שטיקער פון קלאסישע דיכטער. ער דערמאָנט זיך אויך ווי ער האָט געלאכט פון אן אלטען מאן, ווייל ער איז טויב געוואָרען, און נאָך זעקס הונדערט מענשען האָבען מיט איהם צוזאמען געלאכט.

פאר וואָס־זשע לאכט מען דען? פרעגט ער זיך, און ווייל ער האָט נישט געהאט וואָס צו טון האָט ער פערזוכט זיך ענטפערען: איבער אונגליק, נויט, עלענד, זינד און גוטעס, איבער די נידער־לאגע פון'ם גוטען און דעם זיעג פון'ם שלעכטען. ער איז געקומען צום רעזולטאט, אז ביי די טראגעדיע וויינט מען איבער פונקט דעם זעל־בען וואָס מען לאכט ביי די קאָמעדיע.

דער דירעקטאָר איז אריינגעקומען, ער איז פערבייגעגאנגען רעהנ־העלם'ן און האָט איהם נישט געלאָזען מערקען, אז ער זעהט איהם. ער איז אריין אין א צימער לינקס, א מינוט שפעטער האָט זיך פון דאָרט געהערט קלינגען, דער דיענער איז אריין און איז באלד ארויס געקומען, מעלדענדיג, אז דער דירעקטאָר וועט איהם אויפנעהמען.

ווען רעהנהעלם איז אריינגעקומען, האָט דער דירעקטאָר שוין געהאט זיין גרויסען קאָפּ זיין א מאָדערנע ווינקעל בעהאלטען, אז ס'איז נישט מעגליך געוועזן ער זאָל זעהן רעהנהעלם'ן ווי ער איז ציטערענדיג אריינגעקומען, אָבער ער האָט געמוזט הערען, ווייל באלד האָט ער איהם געפרעגט אין א טאָן פון בעליידיגונג, וואָס ער וויל.

רעהנהעלם האָט ערקלערט, אז ער וויל אלס אקטיאָר אין זיין טרופּע אריינטרעטען.

—וואָס? אקטיאָר ווערען! האָט איהר א רעפּארטואר, הער? האמלעט, קעניג ליער, קעניג ריטשארד געשפּיעלט: צעהן מאָל ארויס גערופען ביים דריטען אקט? וואָס?

— איך האָב קיין מאָל נישט אויפגעטרעטען.

— אזוי! דאָס איז שוין עפּעס אנדערש, דארף איך אייך מיין אויפריכטיגע מיינונג זאָגען? וואָס? גיט אויף אזא קאריערע!

— אונמעגליך!

—איך זאָג עס אייך נאָך אמאָל: גיט אויף אזא קאריערע! עס איז די שרעקליכסטע פון אלע, ס'איז ביי דעם דאָ פיעל ערני־דערונג, אונאנגענעהמליכקייטען, דערנער, וועלכע וועלען אייך, מיין ליעבער מאן, דאָס לעבען אזוי פערביטערען, אז איהר וועט אייך ווינשען, אז איהר וואָלט בעסער נישט געבוירען געוואָרען.

רעהנהעלם האָט אָבער נישט געוואָלט זיין ענטשלוס אויפגעבען.

— נאָ, איך וויל אַז איהר זאָלט אייך מיינע ווערטער מערקען איך ראַט אייך אָב פון דעם און איך ערקלער אייך, אַז די אויסזיכטען זענען פאר אייך שלעכטע, איהר וועט אפשר א פּאָר יאָהר דארפען זיין בלויז א שטאטיסט, בעדענקט אייך ! איהר זאָלט דערנאָך נישט קומען צו מיר זיך בעקלאָגען, די דאָזיגע קאריערע איז אזוי העס־ליך שווער אַז איהר וועט זיך דאכט זיך קיינמאָל צו איהר נישט צוגעוויינען ! ווען איהר זאָלט נאָר וויסען ווי שווער זי איז ! גלויבט מיר, אַז אין א גהנם קומט איהר אריין ! איך האָב אייך גענוג געזאָגט.

ס'איז געווען פערלאָרענע ווערטער.

— ווילט איהר נישט אפשר אָננעהמען אַן ענגעדזשמנעט, אַז איהר זאָלט נישט דארפען באלד אויף דער ביהנע ארויפטרעטען ? דאַן איז דער רעזיקערען נישט אזוי גרויס.

— יאָ נאַטירליך וויל איך, איך האָב גאָר נישט אזוי פיעל ערוואַרטעט.

— בעט איך אייך שרייבט אונטער דיעזען קאָנטראַקט, צוועלף הונדערט קראָנען יעהרליכער געהאַלט און א צוועלף יעהריגער־קאָנ־טראַקט ! איז דאָס גוט ?

דער דירעקטאָר האָט פון טיש גענומען א פערטיגען פון זיין זייט אונטערגעשריבענעם קאָנטראַקט און האָט איהם דערלאַנגט רעהנהעלם'ן צום אונטערשרייבען.

הערענדיג פון צוועלף הונדערט קראָנען איז רעהנהעלם'ן שווינד־ליג געוואָרען, און ער האָט אונטערגעשריבען דעם קאָנטראַקט אפילו נישט אונקוקענדיג איהם.

ווען דאָס איז געשעהן האָט איהם דער דירעקטאָר דערלאַנגט די האַנט און האָט איהם געזאָגט : ווילקאָמען, אין אונזער מיטע ! און מיט דעם האָט זיך די אונטערהאַנדלונג געענדיגט.

אָבער רעהנהעלם וואָס ס'האָט זיך איהם אויסגעוויזען איז אלץ איז עפּעס צוגעגאַנגען צו שנעל, איז נאָך געבליבען און האָט זיך גענומען די פּרייהייט צו פרעגען ; אויב ער זאָל נישט ווארטען ביז די גאַנצע דירעקציע וועט קומען.

— די דירעקציאָן בין איך ! האָט דער גרויסער טראַגעדיסט געענטפערט, האָט איהר עטוואָס צו פרעגען, זאָלט איהר זיך צו מיר

ווענדען ! ווילט איהר א ראטה האבען, זאלט איהר זיך נאר צו מיר ווענדען, נאר צו מיר ! מיין ליעבער הער ! צו קיינעם נישט נאר צו מיר ! און איצט געהט !

עס האט אויסגעזעהן אזוי ווי רעהנהעלם איז ערגעץ געבליבען אויף א טשוואק הענגען, ער האט נישט געקענט אוועק פון פלאץ, ס'האט זיך איהם געדאכט, אז ער דארף נאך עפעס וויסען, ער האט ווייטער געוואלט עפעס פרעגען, נאר דער בליק פון'ם דירעקטאר האט איהם שטום געמאכט און ער האט שוין מעהר נישט געוואגט צו פאדערען אן ערקלעהרונג, ער איז געלאפען צום ראטסקעלער מיטאג עסען און זיך זעהען מיט הער פאלאנדער.

פאלאנדער איז שוין דארט געזעסען ביים טיש, רוהיג און גלייכ־גילטיג, אזוי ווי ער זאל זיין אויפ'ן ערגסטען קלאפ פארבערייטעט, ער איז טאקע נישט געווען ערשטוינט, אז רעהנהעלם איז אנגאזשירט געווארען, כאטשע ער האט אביסעל בעז אויסגעזעהען דאם הערענדיג.

— וואס זאגסטו עפעס אויפ'ן דירעקטאר ? האט פאלאנדער געפרעגט.

— איך האב איהם געדענקט א פאר פעטש צו געבען, כ'האב עס אבער נישט געוואגט.

דאס וואגט קיינער נישט און טאקע דאדורך איז ער אליין דער הערשער, דו וועסט שטענדיג זעהען אז די גראבהייט הערשט —

— איך האב געהערט !

— ער מאכט אזעלכע סארט היסטארישע שוישפיעלען, און זיי האבען בייפאל, דאס איז, ווייל ער שרייבט ראלען נישט קיין כאראק־טערע, ער ברענגט ארויס די שטעלען צום אפלאדירען, פיעלע צייטונגען האבען איהם געלויבט, מען זאגט ער האט די קריטיקער מתנות געש־שיקט, אמאל האט איין צייטונג געשריעבען אז זיינע היסטארישע מאכערייקעס האבען נישט קיין זין, איז ער בייז געווארען, און האט אנגעפאנגען שרייבען סאטירישע קאמעדיען ; ער האט א זוהן געהט ער נאך אין שוהלע און פיהרט זיך זעהר שלעכט אויף, האט איהם דער לעהרער בעשטראפט און געשלאגען, האט דער פאטער געשריעבען א קאמעדיע אויפ'ן לעהרער, און האט ארויסגעוויזען ווי אונמענשליך די יוגענד ווערט איצט בעהאנדעלט, אן אנדערש מאל האט מען איהם גערעכט קריטיקירט, גלייך האט ער אנגעשריבען א סאטירישע קאמע־

דיע, ווי ער האָט פאַרגעשטעלט די ליעבעראַלע צייטונג שרייבער פון דער שטאָדט, אָבער לאָמיר אויפהערען וועגען דעם.

— פאַר וואָס האסט ער דיך?

— ווייל איך האָב אמאָל געזאָגט ביי פּראָבע: דאַן פּאסקוועל אנשטאָט דעם וואָס ער האָט געהייסען זאָגען דאַן פּאסקעל, דער רע־זולטאַט איז געווען: ער האָט מיר א געלד שטראָף ארויפגעלעגט, ווייל מען מוז זאָגען אזוי ווי ער בעפעהלט, זאָל עס אויף די גאנצע וועלט הייסען, ווי עס וויל, ביי איהם אָבער הייסט עס פּאסקעל און אזוי מוז מען זאָגען.

— פון וואַנען קומט ער? וואָס איז ער געוועזען?

— קענסטו דען נישט דערקענען, אז ער איז אמאָל געווען א געזעלן ביי א זאַטעל מאַכער? ווען ער זאָל אָבער וויסען, אז דו ווייסט עס, וועט ער דיך פערהאַסען, כדי מיר זאָלען אָבער פון עפּעס אנדערש רעדען, זאָג מיר, ווי פיהלטסטו דיך נאָכ'ן נעכטיגען טאָג?

— אויסגעצייכענט! איך האָב גאָר פערגעסען דיר צו דאַנקען!

— נאַ, ס'איז אזוי אויך גוט! האָסטו טאַקע גערן דאָס מיי־דעל? איך מיין אַגנעס?

— יאָ, איך האָב איהר זעהר גערן!

— און זי איז אין דיר פערליעבט? דאָס פּאַסט זיך גוט! נעהם זי דיר!

— אָך, ווי דו פּלאַפּעלסט, חתונה האָבען קענען מיר דאָך נאָך נישט!

— ווער האָט דען געזאָגט אז איהר זאָלט עס טהון?

— וואָס דען מיינסטו?

— דו ביזט אכצעהן יאָהר אַלט, זי איז אכצעהן, איהר האָט אייך ליעב, ווען איהר זייט נאָר איינינג, זענען דאָך די אַלע אנדערע זאַכען איבעריג.

— איך פערשטעה דיך נישט! פאַדערסטו מיך אויף אז איך זאָל א שלעכטע האנדלונג בעגעהן?

— איך פאָדער דיך אויף, אז דו זאָלסט די גרויסע שטימע פון דער נאַטור הערען, און נישט די דומהייטען פון די מענשען. ווען די מענשען וועלען אייער בענעהמען טאדלען, וועט עס נאָר זיין אויס קנאה, און וועגען די מאָראַל; דאָס איז א נארישע זאַך, אויף וועל־

כען קינדער קוקען נישט, נאר די אזוי גענאנטען מאראליסטען, טוען דאס בעהאלטענער הייט און זיי זייגען נידערטרעכטיג גענוג, דערנאך עס צו פערלייקענען, איהר דארפט נישט זיין אזוי ווי די אלע אנדערע, איהר האט אייך ביידע ליעב, טוט דאס פריי און אפען, אזוי ווי די נאטור פערלאנגט עס.

פאר וואס ראטהסטו אונז ניט צו הייראטהען ?

— ווייל דאס איז גאנץ וואס אנדערש ! מען פערבינד זיך נישט פאר'ן גאנצען לעבען ווייל מען איז איין אווענד צוזאמען געווען, און ס'מוז אויך נישט זיין, אז דער וואס האט פערגעניגען געהאט, מוז אויך ליידען, ניין ! איהר האט אייך געטראפען, איהר זייט ביידע יונג, די נאטור פערלאנגט אייער צוזאמען זיין, טוט עס . . . פון חתונה האבען, איז דא נישט די רעדע, נאר איך דארף דיר גאר נישט צו דעם ערשט אויפפאדרען, ס'וועט במילא געשעהען, האט אייך ליעב און די יוגענד, איידער עס ווערט צו שפעט, ליעבט אייך ווי די פויגעל, וואס זארגען גאר נישט פאר א היים איינריכטונג, ליעבט אייך ווי די בלומען, וואס שטעהען דעם גאנצען טאג און לאכען צו די זון און אין די נעכט זעטיגען זיי זיך אן מיט'ן טוי.

— דו דארפסט ניט אזוי רעדען וועגען דעם מיידעל, זי איז גוט, אונשולדיג און בעדויערענס ווערט ; און ווער ס'וואגט אויף איהר עטוואס שלעכטעס צו זאגען, דער זאגט ליגען, האסטו שוין אמאל געזעהען אונשולדיגע אויגען ווי איהרע, איז נישט דער אמת אליין אין דעם קלאנג פון איהר שטימע ? זי איז ווערטה א גרויסע און א ריינע ליעבע, נישט אזעלכע ווי דו זאגסט ; און איך האף, אז דאס איז געווען לעצטע מאל וואס דו האסט מיר אזא שלעכטען פארשלאג געמאכט. דו קענסט איהר זאגען, איך האלט עס פאר'ן גרעסטען גליק און די העכסטע עהרע, איהר אמאל ווען איך וועל זי ווערט זיין מיין האנד אנצובאטען.

פאלאנדער האט אזוי שטארק מיט'ן קאפ געשאקעלט, אז זיינע האר האבען זיך ווי שלאנגען געווארפען.

— אז דו וועסט זי ווערט זיין ? דיין האנד ? וואס רעדסטו !

— ביי דעם בלייב איך

— דאָס איז שרעקליך ! ווען איך זאָל דיר זאָגן : אז נישט נאָר בעזיצט דאָס מיידעל נישט די אלע אייגענשאַפטען וואָס דו האָסט דאָ אויסגערעכענט, נאָר פערקעהרט, זי איז אנדערש, וואָלסט מיר זיכער נישט געגלויבט, און דו וואָלסט געוואָרען אוים פריינד מיט מיר.

— יאָ, אזוי וואָלט איך געטהון.

— די וועלט איז אלזאָ פול מיט ליגענט, מען גלויבט נישט קיין מענש ווען ער זאָגט דעם אמת.

— ווי קען מען דיר גלויבען, אז דו האָסט נישט קיין מאָראל?

— אָט האָבען מיר ווידער דאָס וואָרט ! איז דאָס נישט א מערקווירדיג וואָרט : עס פערענטפערט אלע פראַגען, פערטיידיגט אלע פעהלערען, דאָס הייסט אייגענע, אָבער נישט פרעמדע . . אָט האָסטו מיך מיט דעם געשלאָגען, און אנדער מאָל וועל איך ווידער דיך מיט דעם זעלבען וואָרט שלאָגען, זיי געזונד ! איך מוז אהיים געהן, דריי א זייגער מוז איך שטונדען געבען ! אדיע! זיי גליקליך !

רעהנהעלם איז אליין געבליבען מיט זיין עסען און זיינע מחשבות.

ווען פאַלאנדער איז אהיים געקומען, האָט ער אָנגעטהון זיין שלאָף־ראָק אזוי ווי ער זאָל שוין קיינעם נית ערוואַרטען, אָבער א שטאַרקע אָנרוהיגקייט האָט איין איהם געאַרבייט, ער איז אונרוהיג ארום געגאַנגען איין צימער אויף און אָב, אלע ווײַלע האָט ער זיך אָבגעשטעלט ביים פענסטער און האָט דורך די פאָרהאַנג איין גאַס ארויסגעקוקט, ער איז פאַרביי דעם שפּיעגעל, האָט זיך דעם קראַגען אויסגעטהאָן און האָט איהם אוועקגעלעגט אויפ'ן טיש, דערנאָך איז ער ווידער געגאַנגען א פּאָר מאָל אויף און אָב, ער האָט ארויסגענומען א פאָטאָגראַפיע פון א דאַמע, האָט עס אוועקגעלעגט אונטער א פערגרעסערונגס גלאָז און האָט עס בעטראַכט, ווי מען בעטראַכט א באַציל אונטער א מיקראָסקאָפּ. ביי דער אַרבייט איז ער גאַנץ לאַנג געזעסען.

ס'האָט זיך געהערט טריט אויף די טרעפּ, שנעל האָט ער די פאָטאָגראַפיע בעהאַלטען, ער האָט זיך אוועקגעזעצט ביים שרייב־טיש מיט'ן רוקען צו די טיר, ער איז געווען איין שרייבען פערטיעפט, האָט זיך געהערט א קלאַפּען אין טיר — אריין ! האָט פאַלאנדער גע־

רופען מיט א שטימע וואָס האָט גיכער געקלונגען, בייז ווי אן איינ־לאַדונג.

א יונג מיידעל איז אריינגעקומען, קליין געוואָקסען אָבער זעהר אן אנגענעהמע שעהנע פיגור ; א לענגליך שעהן געזיכט מיט בלאָנ־דע ציידען־לאָקען ארומגענומען, א קליין געזעל א שמאָל מויל מיט דינע רויטע קירשען ליפּען האָבען זיך פערצויגען אין א שמייכעל, האָבען זיך געזעהען איהרע קליינע פּערעל ווייסע ציינער, איהרע באקען פערמאָ־גען די שעהנסטע חן גריבלעך, און שמייכלענדיג קען דאָס קעלטסטע הארץ פאר נחת צוגעהן. אינגאנצען זעהט זי אויס ווי א צויבער מלאך׳ל וואָס איז פון הימעל אראָבגעשיקט געוואָרען, די מענשען זאָלען פון איהר פערגעניגען האָבען.

אריינקומענדיג האָט זי דעם שליסעל ארויסגענומען און האָט די טיר פערריגעלט.

פאלאנדער איז געזעסען און האָט געשריבען.

— דו ביזט היינט שפּעט געקומען, אגנעס ! האָט ער געזאָגט.

—יאָ, דאָס האָב איך געטהון, האָט זי געענטפערט מיט איהר זילבער׳ן קול׳כעל, און האָט אויסגעטהאָן איהר הוט און האָט זיך בעקוועם געמאכט.

—יאָ, מיר זיינען נעכטען ביינאכט לאנג אויף געוועזן.

— פאר וואָס שטעהסטו נישט אויף און בעגריסט מיך ? אזוי שטארק מיעד דארפסטו נישט זיין !

— אך ענטשולדיג, איך האָב פערגעסען !

— פערגעסען ? איך האָב בעמערקט, אז זייט א צייט פער־געסטו דיך פיעל מאָל.

—אזוי ? זייט ווען האָסטו דאָס בעמערקט ?

— זייט ווען ? וואָס מיינסטו ? איך בעט דיך טהו אויס דעם שלאפראָק מיט די פאנטאָפעל !

— ס׳איז היינט דאָס ערשטע מאָל, וואָס כ׳האָב פערגעסען און דו זאָגסט ; שוין זייט א צייט, איז דאָס נישט זאָנדערבאר ? זאָג !

— דו מאכסט חוזק פון מיר ! וואָס איז דיר ? דו ביזט זייט א צייט אזוי זעלטזאם געוואָרען !

— זייט א צייט ? האָסטו שוין ווידער! פאר וואָס זאָגסטו זייט א צייט ? ווייל מען מוז ליגען זאָגען ? פאר וואָס מוז מען ליגען זאָגען ?

— בעשולדיגסטו מיך אין ליגענט זאָגען ?

— אַ, ניין ! איך מאַך נאַר שפּאַס.

— דו גלויבסט אַז איך זעה נישט, אַז דו ביזט שוין זאַט פון מיר ? דענקסטו, אַז איך האָב נעכטען אָוועגד נישט געזעהן, וואָס פאַר אַן אויפמערקזאַמקייט דו האָסט געשאַנקען, אָט די איינפאַכע דזשעני ? ווי דו האָסט דעם גאַנצען אָוועגד פאַר מיר קיין וואָרט נישט געפונען ?

—דו ביזט אייפערזיכטיג ?

— איך ? ניין, ווייסטו, נישט אַ פּיצעל, ווען דו האָסט זי ליעבער, דאַן אַרט דאָס מיך נישט !

—אַזוי ? דו ביזט נישט אייפערזיכטיג, אונטער געוועהנליכע פערהעלטניסע, איז עס נישט אַנגענעהם !

— אונטער געוועהנליכע פערהעלטניסע ? וואָס מיינסטו מיט דעם ?

— איך מיין גאַנץ איינפאַך — איך ליעב דיך נישט מעהר — איך בין שוין זאַט פון דיר — אַזוי ווי דו האָסט עס אַליין געזאָגט !

— דאָס איז ליגענט ! דאָס ביזטו נישט !

זאָגענדיג דאָס, האָט זי בעוועגט מיט די שעהנע דינע נאָז־פליגיל און האָט געוויזען די קליינע ווייסע צייהן.:

— לאָמיר בעסער פון עפּעס אַנדערש רעדען, זאָג, ווי האָלסטו עפּעס פון רעהנהעלם ?

— זעהר פיעל ! ער איז אַ פּראַכטפאָלער יונגער־מאַן !

— ער האָט זיך אינגאַנצען אין דיר פערליעבט.

— וואָס דו פלוידערסט !

— דאָס ערגסטע איז אָבער, וואָס ער וויל מיט דיר חתונה האָבען.

— איך בעט דיך, פערשוין מיך מיט אַזעלכע דומהייטען !

— און ווייל ער איז נאָך קיין צוואַנציג יאָהר נישט אַלט וויל ער וואַרטען ביז ער וועט דיך ווערט זיין, אַזוי האָט ער געזאָגט.

— אַזאַ נאַר !

— מיט ווערט זיין מיינט ער, ווען ער וועט זיין אַן אַנערקענטער שוישפּיעלער, און דאָס קען ער נישט ווערען, איידער ער וועט ראָלען בעקומען, קענסטו איהם נישט אַ פּאָר ראָלען פערשאַפען ?

אגנעס איז רויט געוואָרען, האָט זיך אַ וואָרף געטהון אויף דער

סאָפע און האָט געוויזען איהר עלעגאַנטע קליינע שיך מיט די זיידענע זאָקען.

— איך ? איך קריעג אליין נישט קיין ראָלען ! געה, דו מאַכסט חוזק פון מיר !

— יאָ, דאָס טו איך !

— דו ביזט א טייוועל, גוסטאַוו ! דאָס קענסטו מיר גלויבען!

— אפשר יאָ, און אפשר נישט; דאָס איז צו שווער צו ענטשיידען. ווען דו זאָלסט אָבער זיין א פערשטענדיג מיידעל . . .

— שווייג !

זי האָט גענומען א שאַרף פּאַפּיער־מעסער פון טיש און האָט עס שטראַשענדיג מיט שפּאַס אויפגעהויבען, אזש ס'האָט באַלד ווי אַן ערנסט אויסגעזעהן.

— דו ביזט היינט אזוי שעהן, אַנגעס ! האָט פאַלאַנדער געזאָגט.

— נאָר היינט ? וואָס מיינסטו ? היינט ? האָסטו עס פריהער נישט געזעהן ?

— אָ ! אודאי האָב איך געזעהען !

— פאַר וואָס־זשע זיפצט דו ?

— דאָס טוט מען שטענדיג, נאָך א סך טרינקען.

— מעג איך דיך אָנקוקען ? זענען דיינע אויגען קראַנק ?

— דאָס איז, ווייל איך האָב ביינאַכט נישט געשלאָפען, מיין ליעבע !

— איך וועל געהן, וועסטו קענען דעם מיטאָג־שלאָף האָבען !

— געה נישט אוועק ! איך וועל דאָך נישט קענען שלאָפען . . .

— איך דענק, אז איך מוז יעדענפאַלס געהן . . . און אפשר פאַר שטענדיג . . . איך בין טאַקע אייגענטליך נאָר געקומען, איך זאָל דיר דאָס זאָגען . . .

איהר שטימע איז געוואָרען ווייך און איהרע אויגען־ברעמען האָבען זיך אַראָבגעלאָזט, אזוי ווי א פאָרהאַנג ביי א טויטען סעצענע...

פאַלאַנדער האָט געענטפערט :

— דאָס איז שעהן, אז דו ביזט דאָך געקומען, מיר אָבצוזאָגען...

זי האָט זיך אויפגעהויבען און האָט זיך ביים שפּיעגעל דעם הוט אָנגעטהון .

— האָסטו פאַרפּיום דאָ ? האָט זי געפרעגט.

— ניין דאָס האָב איך אין טהעאַטער.

— דו מוזט דיך אָבגעוויינען פון צו רויכערען א ליולקע דער רויך בלייבט שרעקליך אין די קליידער שטעקען.

איך וועל עס טהון.

זי האָט זיך ארונטערגעבויגען און האָט זיך דאָס זאָקען־בענדעל פערקנעפּעלט.

— ענטשולדיג, האָט זי געזאָגט ווארפענדיג א בעטענדען בליק צו פּאַלאַנדער׳ן.

— וואָס איז דען? האָט ער געענפערט, מיט א מינע אזוי ווי ער זעהט גאָר נישט.

ווייל זי האָט גאָר נישט געענטפערט, האָט ער זיך מוט גע־מאַכט און האָט געפרעגט:

— וואוהין ווילסטו געהן?

— איך וויל געהן א קלייד אָנמעסטען; דו דאַרפסט נישט זיין אונ־רוהיג, האָט זי מיט א נאַאיווען טאָן געענטפערט.

פּאַלאַנדער האָט אָבער געהערט אין דעם ענטפער פאַלשע אק־צענטען אזוי ווי ס׳זאָל זיין איינשטודירט, און ער האָט געזאָגט:

— נאַ, אדיע!

זי איז צו איהם צוגעגאַנגען כדי זיך צו לאָזען קושען, אָבער ער האָט איהר ארומגענומען און האָט זי שטארק צוגעדריקט צו זיין ברוסט, אזוי ווי ער זאָל איהר וועלען דערשטיקען, דערנאָך האָט ער איהר א קוש געטהון אין שטערען, האָט איהר צו געפיהרט צו די טיר, זי ארויסגעשיקט און האָט געזאָגט גאַנץ קורץ: אדיע!

זעכצעהנטעס קאַפּיטעל.

## א י ן ד י ו ו י י ס ע ב ע ר ג.

אין א נאָכמיטאַג אין מאָנאַט אויגוסט, איז ארוויד פאַלק ווידער געזעסען אין׳ם גאָרטען פון׳ם מאָזעס־באַרג, אָבער איצט שוין אליין, ווי ער איז געווען דעם גאַנצען זומער; ער איז געזעסען און גע־טראַכט איבער זיינע ערפאַהרונגען פון׳ם לעצטען פירטעל יאָהר, זייט ער איז דאָ צום לעצטען מאָל געווען, מיט א סך האָפנונגען און מוטיג.

ער האָט זיך שוין געפיהלט אַלט, מיעד און גלייכגילטיג, ער האָט אין די הייזער וואָס שטעהען דאָרט אונטען, ארייגעקוקט; עס זעהט איבעראַל אנדערש אויס ווי ער האָט געמיינט. ער האָט זיך אין די וועלט ארומגעזעהן און די מענשען אונטער פערשיעדענע פערהעלט־

ביסע קענען־געלערענט, אזוי ווי א פאלקס־דאקטאר אדער א רעפארטער זעהט אלץ. מיט דעם אונטערשיעד, וואס א רעפארטער זעהט זיי אזוי ווי זיי שטעלען זיך פאר, און א דאקטאר זעהט זיי אזוי ווי זיי זע־נען. פאלק האט די געלעגענהייט געהאט זיי צו שטודירען און אלע געזעלשאפטליכע פארמען; ער האט בעזוכט דעם רייכסטאג, קירכען־פערזאמלונגען, גענעראלפערזאמלונגען, צוזאמען־קומען פון וואהל־טעטיגע צוועקען; פאליציי אוטנערזוכונגען, בעגרעבענישען און פאלקס־פערזאמלונגען, איבעראל האט ער געהערט גרויסע ווערטער און פיעלע ווערטער, אזעלכע ווערטער וואס מען בענוצט נישט אין'ם טעגליכען געשפרעך, עפעס בעזונדערע מין ווערטער, וואס דריקען נישט אויס קיין שום געדאנק, וועניגסטענס דעם געדאנק נישט וועלכען מען דארף ארויסזאגען. דורכדעם האט ער זיך אויסגעלערענט די מענשען איינזיי־טיג בעאורטיילען, און ער האט זיי אלע דערקענט פאר ליגנערישע געזעלשפאטס חיה'ס.

וואס ס'איז נאך ערגער געווען איז: וויל ער האט פערלארען די אכטונג צו זיך אליין! כאטש ער האט קיין איינציגע זאך נישט געטון מיט וועלכע ער זאל זיך דארפען שעהמען. נאר אנדערע האבען ביי איהם די אכטונג אוועקגערויבט, דאס לאזט זיך זעהר גרינג, אי־בעראל וואו ער איז געקומען, האט מען ארויסגעצייגט גרינגשעצונג. נאך מעהר פערביטערט האט ער זיך געפיהלט, זעהענדיג ווי די קאנ־סערוואטיווע זשורנאליסטען, וואס פערטיידיגען דעם ריגרעס, אלץ וואס איז אלט, זיי ווערען פון יעדען געאכטעט און געשעצט, אבער דער וואס פערטיידיגט שטענדיג; די גערעכטיגקייט, דעם אמת פון דער געזעלשאפט, ווערט בעצאהלט מיט אלגעמיינער פעראכטונג.

ער האט זיך איצט געפונען אין א צושטאנד, צווישען פאנא־טיזמוס און אבסאלוטע גלייכגילטיגקייט; ס'האט נאר אבגעהאנ־גען אין א מאמענט צו וועלכען ער זאל זיך בויגען.

איבער'ן זומער איז איהם דאס לעבען אזוי פערביטערט געווארען, אז ער האט זיך אויף יעדען רעגען־טאג געפרעהט, און האט צופריעדען צוגעזעהען ווי די בלעטער פון די בוימער זענען געל אויף דער ערד אראבגעפאלען.

אזוי איז ער געזעסען און געטראכט וועגען די ביטערע פערגאנ־גענהייט און די נאך ערגערע צוקונפט.

א מאגערע ביינערדיגע האנד האט זיך אויף זיין אקסעל גע־

לייגט און א צווייטע האָט זיין האנד אָנגעכאַפּט, ס׳האָט זיך איהם גע־דאכט, אזוי ווי דער טויט זאָל איהם צום טאַנץ פיהרען און זאָל מיט איהם אין דער אייביגער שטילקייט אריינטאַנצען. ער האָט זיך אומגע־קוקט און האָט זיך דערשראקען; איגבערג איז געשטאַנען נעבען איהם, ווייס ווי א מת, מיט אן אבגעצעהרט געזיכט און עפּעס אזעלכע צו־מישטע אויגען, נאָר דער הונגער קען אזוי מאַכען.

— גוטען טאָג, פאלק, האָט ער שטיל געזאָגט און זיין גאנצער קערפּער האָט געגומען ציטערען.

— גוטען טאָג ברודער איגבערג, האָט פאלק גוטמוטיג געענט־פערט, זעץ דיך און טרינק א טאָס קאווע. ווי געהט עס ? דו זעהסט אויס אזוי ווי דו וואָלסט אונטער׳ן אייז געלעגען.

— אַ, איך בין אזוי קראַנק געוועזען, אזוי קראַנק !

— דו האָסט געהאַט אזא ביטערען זומער ווי איך.

— איז ער אויך פאַר דיר אזוי שווער געוועזען ? האָט איג־בערג געפרעגט קוקענדיג אויף פאַלק׳ס פּנים.

— איך דאנק גאָט, אז דער פערפלוכטער זומער איז שוין פאַר־איבער ! פאַר מיינטוועגען וואָלט געקענט א גאַנץ יאָהר זיין ווינטער! ס׳איז געגוג שלעכט וואָס מען ליידעט אליין, איז אָבער נאָך ערגער וואָס מען זעהט, אז אנדערע פרעהען זיך, איך האָב אויף קיין מי־נוט נישט פערלאָזען די שטאָדט ! האָסטו אפשר ?

—איך האָב אפילו קיין בוים פאַר מיינע אויגען נישט געזעהן, זייט לונדעל האָט פערלאָזען ליל־יאַנס ! פאַר וואָס זאָל מען טאַקע מוזען זעהן בוימער, ס׳איז טאַקע נישט נויטיג, און אזוי מערקווירדיג איז עס אויך נישט, נאָר ווייל מען קען עס נישט האָבען דאָס איז ביי־טער.

אין מזרח ווערט וואָלקענדיג, מאָרגען וועט זיין רעגען ; באלד וועט זיין הערבסט, לחיים, ברודער !

איגבערג האָט געקוקט אויפ׳ן פּונש און ס׳האָט זיך איהם גע־דאכט, אז ס׳איז סם, ר׳האָט אָבער פאָרט געטרונקען.

— אזוי, דו האָסט די שעהנע געשיכטע פון׳ם שוצענגעל, אָדער און דער זע־פערזיכערונגס־געזעלשאַפט טריטאָן, געשריבען ? האָט פאלק געפרעגט, איז דאָס נישט געוועזען קעגען דיין אייגענער איבערציי־גונג ?

— איבערצייגונג ? איך האָב נישט קיין איבערצייגונג !

—האסטו טאקע נישט ?

— ניין ! נאר נארישע מענשען האבען איבערצייגונגען.

— ביזטו אנמאראליש, איגבערג ?

— ניין ! זעהסטו, ווען א נארישער מענש, האט עפעס א געדאנק, פון זיך אדער פון א אנדערען, מאכט ער דעם געדאנק באר זיין איבערצייגונג, ער האלט זיך אזוי פעסט מיט דעם און בעריהמט זיך מיט דעם ; נישט ווייל ס'איז אן איבערצייגונג, נאר ווייל ס'איז ז י י ן איבערצייגונג, די פערזיכערונגס געזעלשאפט איז טאקע א געמיינער שווינדעל, זי בעשווינדעלט פיעלע מענשען, אבער צו דער זעלבער צייט אבער, טוט זי גוטעס צו די דירעקטארען און צו די וואס ארבייטען ביי זיי, נו טוט זי דאך פיעל גוטעס אויך.

— פריינד ! האסטו דען פערלארען אלע בעגריפען פון עה־רע ? !

— מען מוז אלצדינג צו זיין פליכט אפפערען.

— יא, דאס גיב איך צו !

— דעם מענשענס ערשט און גרעסטע פליכט איז, צו לעבען — לעבען אום יעדען פרייז ! דער געטליכער געזעץ פאדערט : דער מענשליכער געזעץ פאדערט עס !

— די עהרע אבער דארף מען נישט אפפערען.

— ביידע געזעצען פאדערען עס, אזוי ווי כ'האב געזאגט. מען דארף מיט אלץ אפפערען !

— דו האסט נישט קיין גוטע מיינונג פון'ם לעבען !

— פון וואנען זאל איך עס האבען ?

— יא, דאס איז אמת !

— רעהנהעלם האט מיר א בריעף געשריעבען, ווען דו ווילסט וועל איך דיר א פאר שטעלען פארלעזען.

— ווי כ'האב געהערט, איז ער צום טהעאטער געגאנגען.

— יא, ווי עס זעהט אבער אויס איז ער דארט אויף גוטע צרות.

איגבערג האט ארויסגענומען א בריעף פון זיין בוזעם־קעשענע און נעהמענדיג א שטיקעל צוקער אין מויל אריין האט ער געעל־זען.

— „ווען ס'איז דא ערגעץ אין דער צווייטער וועלט א גיהנם, אין וועלכען איך צווייפעל זעהר . . .“

— דער בחור איז געווארען א פריידענקער !

— „קיין גיהנם קען נישט ערגער זיין ווי איך האָב עס איצט“.
שוין צוויי מאָנאַט בין איך ביים טהעאַטער, און מיר דאַכט זיך, אַז ס׳זענען שוין צוויי יאָהר, א טייוועל, וואָס איז פריהער געווען, א זאַטעל־מאַכער געזעלען, און איז איצט טהעאַטער דירעקטאָר, ער האָט איצט מיין שיקזאַל אין דער האַנד, און טוט מיט מיר וואָס ער וויל. ער האָט דעם קאָנטראַקט אזוי טייוויליש פאַרזיכטיג געשריבען, אז ווען איך זאָל ווער לען אוועק פון איהם, וועט ליידען די עהרע פון מיינע עלטערן.“

„שטעל דיר נאָר פאָר, יעדען אָוועגד מוז איך אַלס שטאַטיסט אויפטרעטען און איך האָב נאָך קיין וואָרט נישט אויסגערעדט, צוואַנציג אָווענטען כסדר, האָב איך מיר געמוזט מיין פּנים פערשמירען, אָנטהאָן קליידער וועלכע פּאַסען נישט צו מיין פיגור און פאַרשטעלען א ציגיינער, כ׳האָב זיך געמוזט אויף די ביהנע אוועקשטעלען, גאָר נישט זאָגען, נאָר לאָזען יעדען פון מיר לאַכען“.

„ס׳זעהט אויס, אַז ער האָט מיך בלויז צוגענומען צו זיין פריי־וואָט פערגעניגען נישט פאַר׳ן טהעאַטער, כ׳האָב איהם אמאָל אויפ־מערקזאַם געמאַכט, אַז ער זאָל מיר געבען א ראָליע צום רעדען. ווייל איך מוז דאָך אויך רעדען אויסלערנען, האָט ער מיר געענטפערט „אַז צוערשט מוז מען קריכען איידער מען קען געהן“! ווען איך האָב איהם געענטפערט, אַז איך קען שוין געהן, האָט ער געזאָגט אַז ס׳איז א ליגען און האָט געפרעגט : אויב איך דענק, אַז די שוי־שפּיעלער־קונסט, די שעהנסטע קונסט פון אַלע, פאָדערט נישט קיין שולע ? ווען איך האָב איהם געענטפערט אז דאָס איז מיין מיי־נונג און אַז זאָל זיך קוק שוין ארויס ווען איך וועל אַנפאַנגען צו לער־נען אין דער שולע, האָט ער געזאָגט, אז איך בין אַן אַנגעבילדעטער הונד און ער וועט מיך ארויסוואַרפען.

„דאָס ערגסטע איז אָבער פון דעם אַלעם, וואָס איך האָב פער־לוירען די זכטונג פאַר דיעזען קונסט, וואָס איז געווען דער חלום און די ליעבע פון מיין יוגענד, קען איך דען ליעב האָבען א קונסט, ווען איך זעה, אַז ס׳קומען מענשען פון גאַס אָהן ערציהונג אָהן בילדונג, אָהן בעגייסטערונג און פערשטאַנד, און נאָך א פּאָר וואָכען קריגען זיי כאַראַקטער ראָלען, היסטאָרישע ראָלען און שפּיעלען זיי פערדאַמט שלעכט, זיי ווייסען גאָר נישט דעם כאַראַקטער וואָס זיי שטעלען פאָר, פערשטעהט גאָר נישט אין וואָס פאַר א צייט די

דראמע האָט זיך געשפּיעלט, בלויז זיי רעדען ווערטער, גראָב און וואולגאריש, און איך מוז דאָס אַלץ צו זעהען שפּיעלען דעם פּעריסטעטען קאָמישען ציגיינער און קיין וואָרט אויף דער ביהנע נישט אויסריידען".

„קענסט דיר פאַרשטעלען, ליעבער פריינד, וואָס איך לייד עס דאכט זיך מיר איינפאַך, אז דער טייוולישער דירעקטאָר וויל מיך ביסלעכווייז טויטען.

ס'איז אָבער דאָ איין ליכטיגער פּונקט אין דער דאָזיגער טונקעלהייט: איך בין פערליעבט. דאָס מיידעל איז פון ריינעם גאָלד, זי ווערט נאַטירליך אונטערדריקט און ווערט געטרעטען, זייט זי האָט מיט שטאָלץ און פעראַכטונג דעם רעזשיסאָר צוריקגעוויזען זיין שענדליכען פערלאַנג, זי איז די איינציגע פרוי מיט א לעבעדיגע נשמה צווישען די אַלע חיות וואָס קריכען דאָ ארום אין שמוץ, און זי ליעבט מיך מיט איהר גאַנצער נשמה, איך בין איצטער מיט איהר אין געהיים פערלאָבט, און איך וואַרט נאָר בלויז אויף דעם טאָג ווען איך וועל האָבען ערפאָלג, וועל איך בעטען איהר האַנד: אָבער ווען? מיר האָבען שוין פיעל מאָל געקלערט צוזאַמען צו שטאַרבען, קומט אָבער די בעטריגערישע האָפנונג און רעדט אונז איין, מיר זאָלען ווייטער אין דעם עלענעד לעבען! איך מוז זעהן, ווי דאָס אנשטענדיגע מיידעל ליידעט און שעהמט זיך ווען זי איז געצוואונגען, אין אונאַנשטענדיגע קאָסטיומס אויף דער ביהנע אויפצוטרעטען, דאָס איז מעהר ווי איך קען ערטראָגען.

איך קען דיך גריסען פון אַלע, אויך פון לונדעל! אַלע האָט זיך אזוי פערענדערט, ער איז אין א נייע מאָדנע פילאָזאָפיע אריינגעקומען, אזעלכע וואָס רייסט אַלצדינג ארונטער און בעדרעהט אַלץ מיט'ן קאָפּ אראָב. ס'איז זעהר אינטערעסאַנט צו צוהערען און אָפטמאָל דאכט זיך אז ס'איז אמת, אָבער שפּעטער מוז עס געפעהרליך ווערען, איך גלויב, אז דיעזע אידעען האָט ער, ווייל ער פערקעהרט מיט א היגען שווישפּיעלער, וועלכער איז זעהר א גוטער קאָפּ און בעזיצט גרויסע קענטניסע, אָבער ער איז זעהר אונמאָראליש, איך ליעב איהם און האָס איהם צו דערזעלבער צייט, ער איז א זאָנדערבארער מענש האָט א גוט הארץ, אָפּפערט זיך פאר זיינע פריינד, מיט א י י ן וואָרט איך קען קיין איינציגע שלעכטע אייגענשאַפט אין איהם נישט געפינען—ער איז אָבער אונמאָראליש, און אָהן מאָראַל איז דאָך דער מענש עלענד, נישט אמת?

איצט מוז איך אויפהערען שרייבען, ווייל איך זעה מיין מלאך, מיין גוטען גייסט קומען: איצט וועל איך ווידער א גליקליכע שטונדע האָבען: אלע בייזע גייסטער וועלען פערשווינדען און איך וועל ווידער זיין א בעסערער מענש. גרויס פאלק'ן און בעט איהם ער זאָל אין מיין מזל דענקען ווען עס געהט איהם שלעכט.

דיין פריינד רעהנהעלם".

— נאָ, וואָס זאָגסטו צו דעם?

— דאָס איז די אלטע געשיכטע פון'ם קאמפף מיט ווילדע חיות. דו ווייסט, איגבערג, איך דענק אז מען מוז ווערען א שלעכטער מענש ווען מען וויל אויף די וועלט צו עפּעס קומען.

— פּרוביר צו ווערען שלעכט! ס'איז אפשר נישט אזוי גרינג.

— האָסטו נאָך מיט שמידט'ן געשעפטליך צו טהון?

— ניין, ליידער נישט מעהר! און דו?

— איך בין געוועזען ביי איהם וועגען מיינע געדיכטע. ער האָט זיי ביי מיר אָבגעקויפט, פאר צעהן קראָנען דעם בויגען, איצ[t] קאָן ער מיך גייסטיג ערמאָרדען אזוי ווי יענער דירעקטאָר טוט ענ[…] מיט רעהנהעלם'ן: איך שרעק זיך טאַקע פאר דעם, ווייל ביז איצט האָב איך גאָרנישט געהערט וועגען מיינע געדיכטע, ער איז עפּעס צו גוט געוועזען צו מיר, און איך האָב מורא פאר'ן ערגסטען: וואָלט איך כאָטש געוואוסט וואָס ס'וועט קומען! אָבער וואָס איז דיר? דיין פּנים איז דאָך אינגאנצען וויים געוואָרען.

— יאָ, דו זעהסט, האָט איגבערג געענטפערט אָנהאלטענדיג זיך אי-צוים, שוין זייט צוויי טעג האָב איך נישט מעהר נאָר די דאָזיגע פינף שטיקלעך צוקער געגעסען. איך גלויב, אז איך ווער אָנמעכטיג.

— ווּעסטו מיט עסען זיין געהאָלפען, איז גוט! צום גליק האָב איך געלד ביי מיר.

— זיכער וועט עס מיר העלפען, האָט איגבערג שטיל מיט א מידער שטימע געזאָגט.

ס'איז אָבער נישט געווען אזוי, ווען זיי זענען געקומען אין רעסטאָראנט און האָבען אָנגעפאנגען עסען, איז איגבערג וואָס אמאָל שוואכער געוואָרען, פאלק האָט איהם געמוזט נעהמען אונטער די אָרעמס און האָט איהם אהיים געפיהרט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

ס'איז געווען אן אלט איינשטאקיג הויז, אוים האלץ, וועלכעס ס'האט געוואלט אויפ'ן בארג ארויפקלעטערען, נאר ווייל ס'האט קיין כח ניט געהאט איז עס אין דער מיט געבליבען שטעהען. ס'איז געווען אבגעריסען, ניט געפארבט, ס'האט עלענד און ארעם אויסגע־זעהען.

נעבען דעם הויז זיינען געוואקסען אזעלכע גראזען וואס בעגלייט־טען שטענדיג דעם ארימאן; קינדער מיט גרויסע מאגענס און בלאסע פנים'ער אויסזעהענדיג אזוי ווי מען זאל זיי בלויז מיט וואסער ערנעהרען וואלגערען זיך ארום אינ'ם זאמד, שעלטען און שימפפען איינס דאם אנדערע.

פאלק און איגבערג זיינען ארויפגעגאנגען אויף וואקלענדיגע טרעפ און זיינען געקומען אין א גרוים צימער וואס איז געווען אין אבטהיי־לונגען. אין איין זייט האט א סטאליער ביי זיין ווארסטאט גע־ארבייט, אין דעם צווייטען צימער א שוסטער און דאס דריטע האט געדיענט פאר די וואהנונג פון דער פאמיליע, ווען די קינדער זיינען אריינגעקומען, און דאס האבען זיי געטהון יעדער פיערטעל שעה, איז דער סטאליער אין כעס געווארען און האט אנגע־פאנגען שילטען, דער שוסטער האט איהם געענטפערט מיט שפריכען פון די הייליגע ביבעל, אבער דעם סטאליערס נערוועז זיינען אזוי שטארק פון דעם שטענדיגען געשריי און קריעגערייען געווען אנגעגרי־פען, אז ער איז נאך מעהר אין כעס געווארען און האט געשאלטען דעם שוסטער מיט די ביבעל צוזאמען, אזוי איז דער סטאליער דעם גאנצען טאג אין כעס געווען, צום ערגסטען איז עס אבער געווען, ווען ער האט די פרוי געפרעגט: „פאר וואס די טייוולישע ווייבער ברענ־גען אזוי פיעל קינדער אויף דער וועלט“ דאן איז געקומען די פרויען־פראגע אויפ'ן טיש, און די פרוי איז איהם קיין ענטפער ניט שולדיג געבליבען. דאס דאזיגע צימער האבען פאלק און איגבערג געמוזט דורכגעהן, כדי צו קומען אין דעם צימערל וואו איגבערג האט גע־וואהנט, כאטשע זיי זיינען גאנץ שטיל דורכגעגאנגען האבען זיי דאך צוויי קינדער אויפגעוועקט, די מוטער האט זאפארט אנגעפאנגען זינ־גען א וויעג־ליעד און דער סטאליער איז באלד אין כעס געווארען.

— שוויינ, ווייב!

— שוויינ אליין! קען ער די קינדער נישט לאזען שלאפען?

— געה צום טייוועל מיט די קינדער צוזאמען! זיינען דאס מיי־

נע קינדער ? דארף איך ליידען וואָס אנדערע זענען פּאסקודניאקעס געווען ? וואָס ? בין איך אפשר אליין א פּאסקודניאק ? האָב איך דען קינדער ? האלט דאָס מויל, אָדער איך וועל דיר דעם הובעל וואר־פען אין קאָפּ אריין !

— הער אויף, מיינסטער ! האָט דער שוסטער גענומען דאָס ווארט : מען דארף אזוי נישט רעדען וועגען קינדער : גאָט שיקט די קינדער אויף דער וועלט.

— דאָס איז א ליגען, שוסטער ! ניין, דער טייוועל שיקט זיי ! דער טייוועל שיקט זיי, דערנאָך זאגען די חזיר׳שע עלטערען, אז גאָט איז שולדיג ! אָ, איהר מעגט אייך שעהמען !

— מיינסטער ! מיינסטער ! מען טאָר נישט אזוי פיעל פלוכען. די שריפט זאָגט, אז צו די קינדער געהערט דער הימעל.

— אזוי, אין הימעל זיינען אויך דאָ ווילדע רוחות !

— גאָט, ווי ער רעדט ! — האָט די צארענדיגע מוטער אויסגע־רופען — ווען ער אמאָל אליין קינדער האָבען, וועל איך פאר איהם בעטען, אז זיי זאָלען זיין קראנקע און געלעהמטע; איך וועל בעטען, אז זיי זאלען זיין שטום, טויב און בלינד; איך וועל בעטען, אז זיי זאָלען דארפען קומען אין דער פערבעסערונגס־אנשטאלט און פון דארט צום גאלגען, דאס וועל איך.

— יא, יא, זאָלסט עס נאָר טהאָן, דו חזיר׳שע שטיק ווייב ; איך דענק קיין קינדער אויף דער וועלט נישט צו ברענגען, וואס זאלען זיך אזוי ווי די הינט ארומרייסען, מען דארף אייך אין משוגעים־הויז אריינזעצען, פאר וואָס איהר האָט צו אזאלכע עלענדע בעשעפּענישען דאָס לעבען געגעבען, ווען איהר זענט פערהייראט, מ ו ז ט איהר אזאלכע חזרים זיין ? וואָס ?

— מיינסטער, מיינסטער ! גאָט שיקט די קינדער !

— דאָס איז א ליגען, שוסטער ! איך האָב אין א בלאט געלעזען, אז די פערדאמטע קארטאפעל זיינען שולדיג וואָס די אָרימע האָבען אזוי פיעל קינדער, ווייל איהר זעהט, אין די קארטאפעל זיינען דאָ צוויי מאטעריאלען, וואס רופען זיך: זויער־שטאָף און שטיק־שטאָף; ווען דאָס קומט זיך צוזאמען אין א געוויסע צוזאמענזעצונג, ווערען פון דעם די ווייבער פרוכטבאר.

— אבער ווי אזוי קען מען דאס ענדערען? — האט די מוטער געפרעגט ווערענדיג אביסעל בערוהיגט דורך די וויסענשאפטליכע ער־קלערונג.

— איהר זאלט מעהר קיין קארטאפעל ניט עסען, בעגרייפט איהר דאס?

— וואס דען זאל מען עסען, ווען נישט קארטאפעל?

— זאלסט ביפשטיק עסען, ווייב! ביפשטיק מיט ציבעלעס, אין „פאטערלאנד“ איז געשטאנען, אז א פרוי האט געגעסען „מוטער־קארן“ איז דאס קינד פון איהר מוטער ערגעץ פערשוואונדען. דאס זאלסטו עסען, ווייב!

— וואס רעדט ער? — האט די מוטער פערוואונדערט גע־פרעגט.

— ביזטו גייגעריג? וואס?

— איז דאס טאקע אמת, מיט די מוטער־קארן? — האט דער שוסטער געפרעגט.

— יא, דאס יאגט אפילו ארויס די לונג מיט די לעבער, און עס קומט שטראף דעם וואס עסט דאס, און ס'איז אויך רעכט אזוי!

— רעכט איז עס? — האט דער שוסטער געפרעגט מיט א שטי־לען קול.

— זיכער, ווער ס'איז חזיר'ש, דער זאל בעשטראפט ווערען, האסט געמאכט א קינד, טאהרסטו עס נישט טויטען.

— א קינד, אבער דאס איז דאך נאך קיין קינד נישט, — האט די מוטער זיך פערביטערט אנגערופען. אבער וואו קריעגט מען דעם שטאף פון וואס דער מיינסטער האט גערעדט?

— אהא, דו ווילסט נאך קינדער מאכען, כאטש דו ביזט אן אלמנה מיט פינף קינדער, היט דיך פאר'ן שוסטער, כאטש ער רעדט שטענ־דיג מיט גאט, איז ער אבער זעהר געפעהרליך פאר א פרוי...

— איז אמת'דיג דא אזא קרויט...?

— ווער האט דען געזאגט, אז ס'איז קרויט? האב איך דען גע־זאגט, אז ס'איז קרויט? דאס איז א זאלאגישער שטאף, אלע שטאפען ווערען אין כעמישע און זאלאגישע איינגעטיילט, דער שטאף הייסט אויף לאטייניש: „קארניטיקום סעצאליאס“ און ער קומט פון אויס־לאנד, פון דעם קאלאברישען האלב־אינזעל.

— איז דער שטאף זעהר טייער, מיינסטער? — האט דער

שוסטער געפרעגט.

— טייער! — האָט דער סטאָליער איבערגע׳חזר׳ט, — ער איז שרעקליך טייער!

פאלק האָט מיט גרויס אינטערעס זיך צוגעהערט צו דעם געשפּרעך; איצט האָט ער אזוי ווי א ציטער געטהאָן, הערענדיג דורכ׳ן פענסטער א וואגען צופאָהרען און צוויי פרויען־שטימען רעדען, וועלכע ער האָט דערקענט:

— דאָס הויז זעהט גוט אויס.

— זעהט גוט אויס? — האָט די עלטערע דאמע געפרעגט, — ס׳זעהט שרעקליך אויס.

— איך מיין, אז פאר אונזער צוועק זעהט עס גוט אויס, ווייסט איהר אפשר, קוטשער, אויב ס׳וואָהנען אין דעם הויז ארעמע?

— איך וויים נישט, אבער איך דענק אזוי, — מען דערקענט אינ׳ם הויז, מען קען שווערען.

— שווערען איז א זינד! איהר וועט דאָ אויף אונזווארטען, ביז מיר וועלען ארויפגעהן און טהאָן אונזער פליכט.

— הער נאָר, עוגיניע, לאָמיר ערשט דאָ אונטען רעדען מיט די קינדער — האָט פרוי האַמאַן געזאָגט צו פרוי פאלק און איז געבליבען שטעהן.

— יא, דאָס קענען מיר טהאָן. קום אהער מיין ליעב אינגעל! ווי הייסטו?

— אלבערט, — האָט דער קליינער זעקס יעהריגער אינגעל געענטפערט.

— קענסטו יעזוס׳ן, מיין אינגעלע?

— ניין! — האָט דער קליינער געענטפערט לאכענדיג און האָט ארייגעשטעקט א פינגער אין מויל.

— דאָס איז שרעקליך, — האָט פרוי פאלק געזאָגט, נעהעמנדיג איהר נאָטיץ־ביכעל, איך שרייב: „קאטהארינע־געמיינדע, ווייסע בערג, טיעפע גייסטיגע פינסטערניש צווישען די קינדער“ קען מען זאָגען פינסטערניש? — ווילסטו יעזוס׳ן נישט קענען? — האָט זי דעם אינגעל ווייטער געפרעגט.

— ניין!

— ווילסטו א געלד־שטיק, מיין קינד?

— יא.

ס'איז דאָ א שרעקליכער גערוך, לאָמיר ווייטער געהן, עוגיניע, — האָט פרוי האָמאַן געבעטען.

זיי זיינען אויף די טרעפּ ארויפגעגאנגען און זיינען אריינגעגאנגען אינ'ם גרויסען צימער, ניט אַנקלאָפּענדיג.

דער סטאָליער האָט גענומען דעם הובעל און האָט אָנגעפאנגען א ברעט צו הובלען מיט אזא גערויש, אז די דאמען האָבען געמוזט הויך שרייען כדי מען זאָל זיי הערען.

— איז ווער דאָ דורשטיג נאָך גאָט'ס ווארט און זיין גענאַדע?
— האָט פרוי האָמאַן געשריען.
— איהר ווילט דאָ גאָט'ס ווארט זאגען? — האָט דער סטאָליער געפרעגט, אונטערברעכענדיג זיין ארבייט, פון וואנען האָט איהר דאָס גענומען? איז דען דאָס ערגעץ דאָ? וואָס?
— איהר זייט א רויער מענש און איהר וועט אמאָל זיין פערדאמט, — האָט פרוי האָמאַן געענטפערט.
פרוי פאלק האָט געשריבען אין נאָטיץ־ביכעל און האָט געזאָגט:
— דער איז גוט פאר אונז.
— רעדט איהר — האָט פרוי האָמאַן געזאָגט.
— דאָס קען איך! אפשר ווילט איהר רעדען מיט מיר וועגען רעליגיאָן, מיינע דאמען? איך קען איבער אלעם רעדען, ווייסט איהר, אז מיט הונדערטער יאָהרען צוריק איז דער הייליגער גייסט אויפגענומען געוואָרען פאר דעם בעסטען ארטיקעל פון גלחים און נאראָנים.
— ניין, דאָס ווייסען מיר נישט, מיין גוטער מאַן!
— פאר וואס רופסטו מיך גוטער? קיינער איז ניט גוט נאָר גאָט אליין, — אזוי זאָגט די ביבעל; נא, איהר ווייסט ניט וואס אמאָל איז געווען, מיינע דאמען? ווי אזוי קען מען דען אנאנהערען לערנען, אז מען ווייסט אליין נישט. נא, ווען איהר ווילט עטוואס וואהלטהעטיגעס טהאָן, טהוט עס ווען איך וועל זיך מיט'ן רוקען צו אייך קעהרען, דען די אמת'ע וואָהלטהעטיגקייט געשעהט אין געהיים, טהוט דאָס מיט די קינדער, ווייל זיי קענען זיך ניט פערטיידיגען; אבער אונז לאָזט צופריעדען, גיט אונז בעסער ארבייט, ווען איהר ווילט, לערענט זיך די ארבייט גוט צו בעצאָהלען, וועט איהר ניט דארפען אהער קומען מיט אייער וואהלטהעטיגקייט, ניט אמת, שוסטער?
— קען מען שרייבען „גרויסער אונגלויבען איננאָנצען פערהאר־

— קען מען שרייבן „גרויסער אונגלויבען אינגאנצען פערהאר־טעוועט“, עוועלינע? — האָט פרוי פאלק געפרעגט.

— פערפינסטערט איז בעסער, ליעבע עוגיניע.

— וואָס שרייבט איהר אויף, מיינע דאמען? אונזערע זינד? פאר דעם איז דאָס ביכעל זיכער צו קליין.

— „די פרוכט פון די אזוי געגאַנטע ארבייטער פעראיינען“.

— זעהר גוט, — האָט פרוי האָמאן געזאָגט.

— היט אייך פאר די ארבייטער פעראיינען, — האָט דער סטאָ־ליער געזאָגט, — הונדערטער יאָהרען זיינען מיר געגען די רעגיערונגען און זייערע קעניגע געגאנגען, איצט האָבען מיר ענטדעקט, אז ס'איז נישט זייער שולד, דאָס נעקסטע מאָל וועלען מיר ארויסגעהען געגען די ליידיג־געהער, וואָס לעבען פון פרעמדע פראצע, דאמאָלס וועלען מיר עפּעס דערלעבען!

— שטיל, שטיל! — האָט דער שוסטער געזאָגט.

די מוטער האָט א פּויזע בענוצט און האָט געפרעגט:

— ענטשולדיגט, זייט איהר נישט די פרוי פאלק?

— ניין, דאָס בין איך נישט — האָט פרוי פאלק מיט אזא זיכער־הייט געענטפערט, אז פרוי האָמאן האָט עס פערדראָסען.

— אָבער מיין גאָט, ווי עהנליך איהר זענט צו יענער, איך האָב איהר פאָטער געקענט, ווען ער איז נאָך געווען א מאטראָז.

— דאָס איז זעהר שעהן, ס'געהערט אבער נישט דאָ אהער, וואהנט נאָך ווער דאָ אין הויז, וואָס דורשט נאָך גאָט'ס ווארט?

— ניין, — האָט דער סטאָליאר געענטפערט, — גאָט'ס ווארט דארפען זיי נישט, אבער עסען און קליידער דארפען זיי, און נאָך מעהר א ר ב י י ט, גוט בעצאָהלטע ארבייט, דאָס דארפען זיי! ס'איז אבער בעסער, אז די דאמען זאָלען דאָרט נישט אריינגעהן, ווייל איינער האָט פּאָקען...

— פּאָקען! — האָט פרוי האָמאן געשריגען: — און מען האָט אונז קיין וואָרט פון דעם נישט געזאָגט! קום עוגיניע, מיר וועלען די פּאָליציי אהערשיקען! פוי, וואָס פאר א מענשען דאָס זענען.

— אָבער די קינדער! צו וועמען געהערען די קינדער? ענטפערט!

— האָט די פרוי פאלק געזאָגט און געסטראשעט מיט די בלייפעדער.

— מיר, גוטע פרוי, האָט די מוטער געענטפערט.

— אבער דער מאן! וואו איז דער מאן?

— דער ווייזט זיך שוין מעהר נישט, — האט דער סטאליער זיך אנגערופען.

— מיר וועלען שיקען נאך איהם די פאליציי, מיר וועלען איהם אריינגעבען אין ארבייטס־הויז. דא מוז אנדערש ווערען. — דאס איז אמת'דיג א גוט הויז פאר אונז, אזוי ווי איך האב דיר געזאגט, עווע־לינע!

— ווילען די דאמען זיך ניט זעצען? — האט דער סטאליאר געפרעגט. — עס רעדט זיך בעסער ווען מען זיצט, מיר האבען נישט קיין שטוהלען, אבער דאס מאכט נישט; מיר האבען אויך נישט קיין בעטען, די בעשטיירונג פאר גאז בעלייכטונג האבען ביי אונז די בעטען צוגענומען, כדי איהר זאלט ניט דארפען געהן ביינאכט פון דעם טהעאטער אין דער פינסטער, מיר האבען נישט קיין גאז־בעלייכ־טונג, אבער דאס מאכט נישט, די ארימע זיינען נישט קראנק צו לע־בען אין דער פינסטער... מיר האבען נישט קיין וואסער־לייטונג; ביי אייך איז שוין פערהאנען, כדי אייערע גענעדיגע דיענסטען זאלען נישט דארפען געהן אויף די טרעפ. מיר מוזען קרענקען אין דער היים! ווייל אייערע לומפיגע זיהן דארפען די שפיטעלער...

— קום עוגיניע! אום גאטעס ווילען! קום! ס'איז שוין נישט צום אויסהאלטען.

—איך פערזיכער אייך, מיינע דאמען, אז דא איז שוין טאקע נישט צום אויסהאלטען, — האט דער סטאליאר ווייטער געזאגט, — ס'וועט אבער קומען א טאג ווי ס'וועט זיין נאך ערגער; דאמאלס אבער וועלען מיר קומען פון די ווייסע בערג, צו די שינדער ארונטער, מיט א גרויסען גערויש ווי א וואסערפאל און מיר וועלען פאדערען אונזע־רע בעטען צוריק! פאדערען? ניין, נעהמען! און איהר וועט מוזען שלאפען אויף די ווארשטאטען, אזוי ווי איך האב געמוזט טהאן, און איהר וועט מוזען עסען קארטאפעל, ביז אייערע בייכער וועלען ווי א קעסעל־פויק געשפאנט ווערען.

די דאמען זיינען פערשוואונדען געווארען, צוריקלאזענדיג א גאנצען פאק בראשורען.

— פוי, צו אל־די רוחות, ווי עס פיהלט זיך נאך פארפיום! פונקט אזוי ווי נאך פראסטיטוטקעס! — האט דער סטאליאר בעמערקט,— דאס אלץ איז א שמעק־טאבאק ווערט, שוסטער!

מיט די בלויע שירץ האט ער זיך דעם שטערען פון שוויים אב־

געוואַשט און האָט זיך ווידער גענומען צו דער אַרבייט, די אַנדערע האָבען זיך פערטראַכט...

איגבערג, וואָס האָט זיך אין דער צייט אויסגעשלאָפען, האָט איצט ערוואַכט און האָט זיך געמאַכט גרייט אַוועקצוגעהן מיט פאַלק'ן. דורכ'ן פענסטער האָט זיך נאָך געהערט פרוי האָמאַן'ס שטימע:

— וואָס האָט זי געמיינט מיט'ן מאַטראָז? דיין פאַטער איז דאָך קאַפּיטאַן?

— מען רופט איהם אַזוי, אבער קאַפּיטאַן איז מיין פאַטער דאָך. געפינסטו נישט אַז דאָס איז אַן אונפערשעהמטע באַנדע? איך וועל שוין קיינמאָל נישט אַהערקומען. אבער אַ גוטער בעריכט וועט עס זיין! — צום רעסטאַראַנט „האַזעל באַקען", קוטשער!

## זיעבצעהנטעס קאַפּיטעל.

## נ אַ ט ו ר...

פאַלאַנדער איז איינמאָל אַ נאָכמיטאָג געזעסען אין דערהיים און האָט שטודירט אַ ראָלע, אַלס אַ שטיל קלאַפּען האָט זיך געהערט ביי טיר, ער איז שנעל אויפגעשפּרונגען אַנגעטהאָן זיין ראָק און האָט געעפענט.

— אַגנעס! — דאָס איז אַ זעלטענער בעזוך!

— יאָ, איך האָב געמוזט דיך זעהן, ס'איז פערדאַמט לאַנגווייליג!

— ווי דו רעדסט!

— לאָז מיך אַזוי רעדען; אַזוי איז שעהן!

— הם! הם!

— גיב מיר אַ ציגאַרעט, איך האָב זעקס וואָכען לאַנג נישט גערויכערט. די דאָזיגע ערציהונג מאַכט מיך משוגע.

— איז ער דען אַזוי שטרענג?

— ער זאָל זיין פערפלוכט!

— פוי, אַגנעס, ווי דו רעדסט!

— איך דאַרף נישט מעהר רויכערען, נישט מעהר פלוכען, נישט מעהר פונש טרינקען, אין די אָווענדען נישט מעהר אַרויסגעהן, אבער לאָז מיך ערשט פערהייראַט זיין! דאַן!

— איז דאָס טאַקע זיין פולער ערענסט?

— זיין פאָלקאָמענער! זעה נאָר דאָס טאַשען־טיכעל!

— אַ. ר. מיט אַ קרוין און ביין קוגלען?

— מיר האָבען די גלייכע שטעלען און איך האָב געמוזט זיין

שאבלאָן טיטעל אננעהמען! איז דאָס נישט פיין?

— יאָ, דאָס איז פיין, אזוי ווייט איז עס שוין געקומען?

דער מלאך אין בלויען זיידען קלייד האָט זיך שטאָלץ א וואָרף געטהאָן אויף די סאפע און האָט געלאָזט א שטארקען רויך פון דעם ציגארעט. פאלאנדער האָט בעטראכט איהר קערפּער מיט אזעלכע בליקען, אזוי ווי ער זאָל וויסען דעם ווערט פון א שטיקעל וואַרע.

— ווערסט טרינקען א גלאָז פונש?

— יאָ, זעהר גערען!

— האָסטו ליעב דיין פערלאָבטען?

— ער געהערט נישט צו די סאָרט מענער וועלכע מען קען ליעב האָבען. איבעריגענס וויים איך דאָס נישט. ליעבען? וואָס איז דאָס אייגענטליך?

— יאָ, וואָס איז דאָס?

— אָ! דו ווייסט עס שוין!... ער איז זעהר אכטענס ווערט, זאָנאָר שרעקליך! אבער, אבער, אבער...

— אבער?

— ער איז אזוי ארענטליך!...

זי האָט מיט אזא שמייכעל געקוקט אויף פאלאנדער'ן, ווען איהר חתן וואָלט עס געזעהן, וואָלט ער גערעטעט געוואָרען פון איהר ליעבע.

— איז ער נישט גענוג ארענטליך געגען דיר? — האָט פאלאנדער געפרעגט מיט א נייגעריגען און אונרוהיגען טאָן.

— פערקעהרט, שוין צופיעל...

זי האָט אויסגעטרונקען דאָס גלאָז פונש און האָט קינסטלעריש טהעאטערמעסיג א זיפץ געטהאָן.

פאלאנדער איז מיט איהר ענטפער צופריעדען געווען, ס'איז איהם געוואָרען לייכטער אויפ'ן הארץ, ער האָט ווייטער געפרעגט.

— ס'קען נאָך לאַנג דויערן, ביז ער וועט מיט דיר חתונה האָבען. ער האָט נאָך דערווייל קיין איינציגע ראָלע נישט בעקומען.

— ניין, דאָס וויים איך.

— וועט דיר נישט לאַנגווייליג ווערען?

— מען מוז האָבען געדולד.

— מען מוז דאָ שטארקערע פראגען שטעלען — האָט געטראכט פאלאנדער.

— דו ווייסט דאָך, אז זשעני איז איצט מיין געליעבטע.

— די אלטע העסליכע שטיק נבלה!

איהר פּנים איז געוואָרען רויט און ווייס און אין איהר האַרץ האָט עס געשטורמט ווי אין א קעסעל.

— זי איז נישט אזוי אלט, האָט פּאלאנדער קאלטבלוטיג געזאָגט.

—האָסטו געהערט, אז דער קעלנער פון ראַטס־קעלער וועט אין דעם נייעם שטיק שפּיעלען די ראָלע אלס „דאָן־דיעגאָ" און רעהנהעלם אלס זיין דיענער. דער קעלנער וועט זיכער ערפאָלג האָבען, ווייל די ראָלע שפּיעלט זיך אליין. דער ארימער רעהנהעלם נעביך, וועט פאר שאנדע צושמעטערט ווערען.

— גאָט אין הימעל! וואס זאגסטו?

— אזוי איז עס.

— דאָס וועט נישט געשעהען!

— ווער קען עס דען פערהינדערען?

זי איז אויפגעשפּרונגען פון דער סאפע, האָט אויסגעטרונקען א גלאָז פונש, האָט אַנגעפאנגען הויך צו וויינען און האָט מיט ביטערקייט געזאָגט:

— אָ! ווי ביטער די וועלט איז, ווי ביטער! ס'איז אזוי ווי עפּעס א בייזע מאכט גיט אכטונג אויף אונזערע וואונשען, כדי אונז אין אלעם צו שטערען. שפּיאָנירט אונזערע האָפנונגען, כדי זיי צו פערניכטען; ווייסט אונזערע געדאנקען, כדי זיי צו דערשטיקען; מען וואָלט זיך געדאַרפט אליין עטוואס שלעכטעס טהאָן כדי אבצונאַרען די דאָזיגע טייפלישע מאכט!..

— זעהר אמת, מיין ליעבע! און טאקע דורכדעם דאַרף מען פריהעראויס זעהן, אז ס'וועט זיך שלעכט ענדיגען, דאָס איז אָבער נאָך נישט דאס טרויעריגסטע, איך וועל דיך טרייסטען, דו ווייסט. יעדעס גליק וואס דו האסט, געשעהט שטענדיג אויף די קאסטען פון אן אנדערען, ווען דו בעקומסט א ראָלע, וועט דיזעלבע די צווייטע נישט קריגען, דאַדורך איז יענע אונגליקליך און דו האסט אונדירעקט עטוואס שלעכטעס געטהאָן; אלזא אפילו דאָס גליק אליין איז פערגיפטעט, דיין טרייסט איז אונגליק, זאָל זיין, ווען דיר איז שלעכט. העלפסטו אין דער זעלבער צייט אן אנדערען זאָל גוט זיין, נישט ווילענדיג טהוסטו א גוטע זאַך, און אָט דאס גוטע וואס מיר טהאָן איז דער איינציגער ריינער גענוס וואס מיר האָבען.

— איך וויל נישט קיין גוטעס טהאָן! איך וויל נישט קיין ריי־נעם געוויסען! איך האָב פונקט אזוי דאָס רעכט צו האבען ערפאלג ווי אנדערע! און איך ו ו ע ל ה א ב ע ן ערפאלג! — פאר יעדען פרייז?

— יא, פאר יעדען פרייז מוז איך אויפהערען צו שפּיעלען די ראָ־לען פון א דיענסט ביי דיין געליעבטע!

— אהא! דו ביזט אייפערזיכטיג! — לערען מיט געשמאק, דעם נישט ערפאָלג האָבען, דאָס איז גרעסער — און פיעל אינטערע־סאנטער.

— זאָג מיר נאָר דאָס איינע! האָט זי דיך ליעב?

— איך האָב מורא, אז זי האָט זיך צו ערענסט אין מיר אָנגע־האנגען.

— און דו?

— איך? איך וועל קיינמאָל קיין אנדערע נישט ליעב האָבען נאָר דיך, אגנעס.

ער האָט גענומען איהר האנט.

זי איז אויפגעשפרונגען פון די סאפע, אז מען האָט איהרע נאָ־קעטע פיס געקענט זעהן.

— גלויבסטו, אז ס'איז דאָ אזעלכעס, וואס מען רופט ליעבע?

— האָט זי געפרעגט אָנקוקענדיג איהם מיט איהרע גרויסע שווארצע אויגען.

—איך גלויב, אז ס'איז דאָ פערשיעדענע ליעבעס.

זי איז איינמאָל דורכגעגאנגען דורכ'ן צימער און איז געבליבען שטעהן ביי די טיר.

— ליעבסטו מיך אינגאנצען, אינגאנצען אזוי ווי איך בין? — האָט זי געפרעגט און האָט איהר האנט געלעגט אויפ'ן שלאָס פון די טיר.

— דיין זעלע איז בייז, און איך האָב נישט ליעב דאָס בייזע,— האָט ער געענטפערט נאָך א מינוט קלערענדיג.

— איך קימער זיך נישט פאר די זעלע, ליעבסטו מיך? מיך?

— יא, אזוי טיעף!...

— פאר וואס האָסטו מיר רעהנהעלם'ן צוגעשיקט?

— ווייל איך האָב געוואָלט פּיהלען, ווי אזוי ס'וועט זיין ווען איך וועל דיך נ י ש ט בעזיצען.

— דו האָסט ליגען געזאָגט, ווען דו האָסט געזאָגט, אז דו ביזט שוין זאט געווארען פון מיר?

— יא, כ'האָב ליגען געזאָגט!

— אָה! דו טייוועל!

זי האָט ארויסגענומען דעם שליסעל פון די טיר, און ער האָט די פאָרהאנגען ארונטערגעלאָזט....

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

## אכטצעהנטעס קאפיטעל.

### ניהיליזמוס.

ווען פאלק איז אין א רעגענדיגע סעפּטעמבער נאכט א היים גע־גאנגען און זייענדיג נישט ווייט פון זיין הויז, האָט ער דערזעהן אז דאָס פענסטער פון זיין צימער איז בעלויכטען, ווען ער איז נעהנטער געקומען און האָט פון אונטען געקענט ווארפען א בליק אין זיין צי־מער אריין, האָט ער אויפ'ן באַלטען געזעהן א שאָטען פון א מאַן, וואָס איז איהם געוועזען בעקאנט און האָט זיך איצט גראד נישט גע־קענט דערמאָנען, ווער דאָס איז, עס איז געוועזען א בעטריבטער שאָ־טען, וואָס נעהענטער פאלק איז געקומען, טרויעריגער האָט דער שאָ־טען אויסגעזעהן.

ווען פאלק איז אין צימער אריינגעקומען, איז שטראווע געזעסען ביים שרייב־טיש, זיין קאָפּ אויף די הענט שטיצענדיג. זיינע קליידער זיינען געוועזען נאָס פון רעגען און זיי האָבען שווער געהאנגען אויף זיין קערפּער; אויפ'ן באָדען האָבען זיך וואסער לוזשקעלעך געבילדעט, און זיי זיינען געראָנען צווישען די שפּאַלטען פון די ברעטער. זיינע האָר זיינען אזוי ווי נאסע בערשטלעך פון קאָפּ אראָבגעהאנגען, און זיין שטענדיג שטייפע ענגלישע באָרד איז אראָבגעהאנגען ווי נאסע פלאקס־האָר איבער זיינע נאסע קליידער. אויפ'ן טיש איז געלעגען זיין נאסער הוט. ארומגענומען מיט א ברייטע שווארצע באנד און האָט אויסגעזעהן ווי עפּעס א געפאלענער, וואָס האָט אין די יונגענד זיין שטייפקייט פערלוירען.

— גוטען אווענט, — האָט פאלק איהם בעגריסט, עפּעס זעהר א הייבער בעזוך!

— פעראכט מיך נישט, — האָט שטראווע געבעטען.

— פאַר וואָס זאָל איך דיך נישט פעראכטען? איך ווייס נישט פאַר וואָס איך זאָל דאָס נישט?

— אזוי, דו ביזט אויך פארטיג!

— יא, קענסט זיך אויף דעם פערלאַזען; באלד וועל איך אויך ווערען קאנזערוואטיעוו! איך זעה, אז דו האסט טרויער: האפענטליך קען איך דיר גראטולירען.

— איך האַב א זוהנדעלע פערלוירען.

— נא, וועל איך איהם גראטולירען, בעסער מען שטארבט אלס קינד.. אבער זאג מיר, וואס ווילסטו אייגענטליך פון מיר? דו ווייסט דאך, אז איך פעראכט דיך! און איך דענק אז דו טהוסט דאס אליין אויך נישט אמת?

— יא, דאָס איז טאקע אמת! אבער הער נאָר מיין פריינד, איז דאָס לעבען נישט גענוג ביטער, אָהן דעם מען זאל זיך עס איינס ס'אנ־דערע נאָך מעהר פערביטערען? ווען א גאָט, אדער עטוואס אנדערש, אמוזירט זיך מיט דעם אומגליק פון'ם מענשען, דארף דען דער מענש אויך דאָסזעלבע טהאָן?

— דאָס איז א פערנינפטיגער גערדאנק; ער מאכט דיר כבוד! ווילסטו נישט מיין שלאָפראק אנטהאָן ביז דיין ראק וועט זיך אויס־טרוקענען; דיר איז זיכער קאלט.

— איך דאנק דיר, כ'מוז אָבער באלד אוועקגעהן.

— א, דו קענסט אביסעל ביי מיר בלייבען, וועלען מיר זיך קענען וועניגסטענס אביסעל אויסרעדען.

— איך רעד נישט גערען פון מיין אומגליק.

זאָלסטו רעדען פון דיין פערברעכען.

— איך בין קיין פערברעכען נישט בעגאנגען.

—אַ גרויס פערברעכען ביזטו בעגאנגען! דו האָסט דיין שווערע האנט אויף די אונטערדריקטע ארויפגעלעגט, דו האסט אויף די פער־וואונדעטע געטרעטען, די עלענדע האָסטו אויסגעלאכט, דערמאנסטו דיך פון'ם לעצטען סטרייק? דו האסט דיך געשטעלט אויף די זייט פון געוואלט.

— דו מיינסט פון'ם געזעץ, ברודער.

— האהא, געזעץ! ווער האָט דאס געזעץ פאר די ארימע גע־שריבען, דו נאר! די רייכע! דאָס הייסט דער הערר פאר'ן שקלאַף.

— דאָס געזעץ האָט דאס גאנצע פאלק, דער אלגעמיינער בע־וואוסטזיין פון רעכט געשריבען, דאָס האָט ג א ט געשריבען.

— ערשפּאר דיר דיינע גרויסע ווערטער, ווען דו רעדסט מיט מיר.

ווער האָט דאָס געזעץ פון 1734 געשריבען? הערר קראַנשטעדט! ווער האָט דאָס לעצטע געזעץ וועגען קערפּערליכע בעשטראַפונג געשריבען? דאָס איז געוועזן אבערשט זאַבעלמאַן — ס׳איז געוועזן זיין אנטראָג — און דורך זיינע בעקאַנטע, וועלכע זיינען דאמאָלס געוועזן די מאַיאָריטעט, איז דער שענדליכער אנטראַג דורכגעגאַנגען. אבערשט זאבעלמאן איז נישט דאָס פאָלק, און זיינע בעקאַנטע זיינען נישט דער אלגעמיינער בעוואוסטזיין פון רעכט. ווער האָט די געזעצען איבער דעם רעכט פון אקציען־געזעלשאַפטען געשריבען? ריכטער, שווינדלער! ווער האָט די נייע רייכסטאַג־אָרדענונג געשריבען? דער אסעסאר וואלאניוס! ווער האָט איינגעפיהרט דאָס געזעץ פון „געזעצליכען שוץ" דאָס הייסט: צו בעשיצען די רייכע געגען די געדרעכטע פערלאנגען פון די אָרעמע? דער גרויס־הענדלער געווירצקרעמער! האלט דיין מויל; איך קען דיינע פראזען! ווער האָט די נייע געזעצען געגען ארבייט און ארבייטער געשריבען? פערברעכער! ווער האָט געשריבען דאָס געזעץ פון די רעגירונגס־וועלדער? גנבים! ווער האָט געשריבען דאָס נאטען־געזעץ פון פריוואט באנקען? שווינדלער! און דו בעהויפּטעסט, אז גאָט האָט דאָס געשריבען? ארעמער גאָט!

— דארף איך דיר א ראַטה געבען, א ראַטה פאר׳ן לעבען, וואס די ערפאהרונג האָט מיך געלערענט? ווען דו ווילסט אין די וועלט צופריעדען לעבען, און נישט אויף אַלץ מיט א פאנאטיש ראדיקאלען בליק קוקען, דאן זאלסטו די וועלט בעטראַכטען, ווי א פויגעל־בליק פון דער הויך, דו וועסט זעהן ווי בעדייטונגסלאָז און קליין אלצדינג איז, בעטראַכט אלץ אזוי ווי א גרויסע קופּע מיסט, די מענשען זיינען דער אבפאל, אייער־שאָלען, אראבגעפאלענע בלעטער, שמאטעס, און דו וועסט קיינמאָל נישט דאָס זאגען וואס דו האסט פריהער געזאגט, וועסט שוין מעהר דיינע פאנטאסטישע בילדער, פון שעהנהייט און ערהאבענהייט, נישט האָבען, פערקעהרט, דו וועסט פון אלץ צופריעדען זיין, בעטראכטענדיג אזוי די מענשען און די וועלט, ווען דו וועסט אמאָל עטוואס גוטעס זעהן, וועסטו צופריעדען זיין. מיט איין וואָרט, געוואוין דיך צו א רוהיגע שטילע פעראכטונג געגען די וועלט, דו דארפסט זיך נישט שרעקען, דו וועסט דורכדעם נישט ווערען קיין שלעכטער מענש.

— דיין ערפאהרונג האָב איך נאָך נישט, דאָס איז אמת, אבער געוויסע פעראכטונג צו די וועלט האָב איך טיילווייז, דאָס איז אבער

אויך מיין אונגליק, ווען איך זעה אמאָל אַן אייגציגען בעוויין פון גוטען און פון ערעלען, ליעב איך ווידער די מענשען און איבערשעצ זיי, און איך ווער ווידער אַבגענארט.

— ווער אַן עגאָאיסט, לאָז דער טייוועל נעהמען אלע מענשען!

— איך האָב מורא, אז איך וועל נישט קענען.

— זוך דיר אויף אַן אנדערע בעשעפטיגונג, געה צוזאַמען מיט דיין ברודער, ווי עס שיינט, האָט ער גליק אויף דער וועלט, איך האָב איהם נעכטען געזעהן ביים קירכען־ראט פון די ניקאָלאַי־געמיינדע.

— ביים קירכען־ראט?

— יא, דער מאַן האָט א צוקונפט, דער אויבער־פּאסטאר פּרי־מאַריוס, האָט איהם בעגריסט, ער וועט באלד ווערען שטאָדט־ראט, אזוי ווי אלע גרונד־בעזיצער.

— רעד נישט מעהר וועגען דעם מאַן.

— אבער ער איז דאָך דיין ברודער.

— איז דאָס זיין פערדיענסט, וואס ער איז מיין ברודער? נא, האָבען מיר שוין איבער אלץ גערעדט, איצט זאג מיר וואס דו ווילסט.

— אך, איך האָב מארגען בעגרעבעניש, און איך האָב נישט קיין פראק....

— דו קענסט איהם ביי מיר קריגען.

— איך דאנק דיר, ברודער, דו העלפסט מיר פון א גרויסע פער־לעגענהייט, דאָס איז עס געווען, אבער נאָך עטוואס פערלאנג איך פון דיר.

— פאר וואס האָסטו מיך גראד אויסגעקליבען, דיין פיינד?

— ווייל דו האָסט א גוט הארץ.

— פערלאָז דיך נישט מעהר דארויף. אבער ווייטער, וואס ווילסטו נאָך?

— דו ביזט אזוי נערוועז געוואָרען, אז דו ביזט גאנץ אנדערש געוואָרען ווי פריהער, דו ביזט דאָך געווען אזא גוטער.

— דאָס האָב איך דאָך אליין געזאָגט, אז איך בין אנדערש, אבער זאָג! וואָס ווילסטו?

— איך האָב דיך געוואָלט פרעגען צו דו וועסט מיטגעהן אויף דעם בית־עולם?

— הם! איך! פאר וואס בעטסטו נישט דיינע קאָליעגען פון די „גרוי־הויבע“?

— וועגען א געוויסע פערהעלטניש, איך קען עס דיר זאגען: איך בין נישט פערהייראטה.

— נישט פערהייראטה? דו, וואס פערטיידיגט דעם אלטאר און די זיטען, דו האסט דאָס הייליגע באנד צוריסען?

— ארעמקייט און נאָך אנדערע אורזאכען! איך בין אבער אזוי אויך גליקליך. מיין פרוי האָט מיך ליעב און איך האָב זי ליעב, דאָס איז אלץ. ס'איז אבער נאָך דא אן אורזאך. אוים געוויסע גרינדע איז דאָס קינד נישט געטויפט געווארען, ס'איז אלט געווען דריי וואָכען ווען ס'איז געשטארבען, דורכדעם וועט קיין גייסטליכער ביים קבר נישט רעדען, דאָס וויל איך אבער מיין פרוי נישט זאגען, און איך האָב איהר געזאגט אז דער גייסטליכער וועט דירעקט קומען אויפ'ן בית עולם, זי וועט נאטירליך בלייבען אין דער היים, דו וועסט נאָר צוויי פערזאן דארט טרעפען, איינער הייסט לעווי, דאָס איז דער אינגערער ברודער פון'ם דירעקטאר פון די געזעלשאפט „טריטאן". ער איז א ליעבליכער יונגער מאן מיט אן אויסערגעוועהנליך גוטען קאָפּ און נאָך א בעסער הארץ, דו דארפסט נישט לאכען, איך זעה, אז דו דענקסט. אז איך האָב מיר ביי איהם געלד געליהען — דאָס איז אמת — אבער ער איז א מאן וואָס דו וועסט ליעב האָבען. דער צווייטער איז מיין אלטער פריינד, דאָקטאר בארג. וואס האָט דאס קינד בעהאנדעלט, ער איז א מאן, פריי פון פאָראורטיילען, מיט איהם וועסטו גוט אויסקומען. נו, וועסטו מארגען קומען? מיר וועלען פיער צוזאמען אין וואגען פאהרען.

— יא, איך וועל קומען.

— איך מוז דיך אבער נאָך עטוואס בעטען, זעהסטו, מיין פרוי איז זעהר רעליגיעז, זי דענקט אז דאָס קינד וועט נישט קענען קומען אין הימעל אריין, ווייל ס'איז נישט געטויפט. זי פרעגט יעדען מענש וואָס מען דענקט איבער דעם, זי וועט דיך זיכער אויך פרעגען, זאָלסט זי בערוהיגען. דו מוזט צושטימען אז ס'וועט יא קומען אין הימעל אריין.

— כדי א מענש גליקליך צו מאכען, וועל איך נארישקייטען אויך רעדען. אבער דו האסט מיר נאָך נישט געזאָגט. וואו דו וואהנסט!

— ווייסטו וואו די ווייסע בערג ליגען?

— יא, דאָס ווייס איך, דו וואהנסט אפשר אין דעם אלטען הויז וואָס שטעהט אויפ'ן בארג־פעלזען?

— קענסטו דאָס הויז?

— איך בין איינמאָל דאָרט געוועזען.

— דו ביזט אפשר בעקאַנט מיט דעם סאָציאַליסט איגבערג, וואָס מאכט מיר קאַליע די מענשען דאָרט, איך בין דאָרט דער הויז־אַגענט, איך נעהם צוזאַמען דאָס געלד ביי די איינוואָהנער פון יענעם הויז, דערפאַר וואָהן איך אומזיסט, ווען זיי ווילען נישט דאָס מיטס־געלד בעצאָהלען, פלוידערען זיי נאַרישקייטען וואָס ער האָט זיי אויסגעלערענט פון „ארבייט און קאַפּיטאַל" און נאָך אַנדערע פראַזען פון די סקאַנדאַל ציימונגען...

פאַלק איז גאַנץ שטיל געוואָרען.

— דו קענסט דיעזען איגבערג?

—יא, איך קען איהם. ווילסטו איצט דעם פראַק אַנטהאָן?

נאָכדעם ווי שטראַווע האָט דעם פראַק אַנגעטהאָן און האָט אויף דעם זיין ראַק ארויפגעצויגען, האָט ער זיך ביז צום האַלז צוגעקנעפּעלט און איז געגאַנגען.

פאַלק האָט איהם ארונטערגעלויכטען די טרעפּ.

— דו האָסט ווייט צו געהן, — האָט פאַלק בעמערקט.

— יא, גאָט ווייסט, און איך האָב נישט קיין רעגען־שירם.

— אויך קיין אויבער ראָק, ווילסטו נישט מיין ווינטער מאַנטעל נעהמען?

— מיין בעסטען דאַנק, ס'איז שוין אָבער צו פיעל פון דיר — איך וועל דאָך איהם צוריק האָבען.

פאַלק איז צוריק געגאַנגען אין צימער, האָט גענומען זיין מאַנטעל און האָט איהם געגעבען צו שטראַווע וואָס איז געשטאַנען און געוואַרט אין פאָר־הויז, זאָגענדיג איהם א גוטע נאַכט איז ער צוריק ארויפגעגאַנגען.

די לופט אין צימער איז איהם פאָרגעקומען אזוי געשטאַקט, אז ער האָט דאָס פענסטער געעפענט, אין דרויסען האָט דער רעגען געגאָסען שטראָמענווייז, ער האָט געקלאַפּט געגען די דאָך רינוועס און איז אראָבגעפאַלען אויף דער שמוציגער גאַס, פון געגען איבער האָט זיך געהערט דער צאַפּפענשטרייך בלאָזען, און פון ערגעץ א נאָהנטער קירכע זענען דורכ'ן אָפענעם פענסטער, אָבגעריסענע פערזען פון'ם אוונט־געבעט אריינגעדרונגען.

פאַלק האָט זיך געפיהלט איינזאַם און מיעד, ער האָט ערוואַרטעט,

מיט א פעטרעטער פון אזעלכע אנזיכטען וואָס זענען איהם פיינדליך, זאָל ער איהם פשוט מיט ארגימענטען נידערשמעטערען, צום סוף איז יענער גאָר פערשוואונדען און האָט איהם טיילווייז בעזיעגט, וואָס וועט שטראָוועע פון איהם איצט דענקען ? אז ער איז א פייגלינג, אז ער קען אפילו ניט פערטיידיגען ד אָ ס, וואָס ער האלט פאר דאָס בעס־טע. ער האָט אָנגעפאנגען טראכטען: אפשר איז דאָס, וואָס ער נעהמט זיך אָן פאר אלע אונטערדריקטע, אין דער ווירקליכקייט גאָר נישט ווערט, אפשר איז טאקע שטראָוועע גערעכט ; אפשר איז אלץ נידעריג און געמיין און מען דארף בעסער, זיך אליין אין זין האָבען, ווערען אַן עגאָיסט אויסקלייבען אַן אנדערען וועג אין לעבען ווי שריפטשטעלעריי. פלוצלונג האָט איהם א גלייכגילטיגקייט ארומגע־נומען, אלץ איז איהם געוואָרען גלייכגילטיג, אפילו זיין צוקונפט. . .

ער האָט זיך פעררויכערט א ליולקע און האָט גענומען לע־זען דעם בריעף וואָס די ווירטין האָט איהם אריינגעברענגט, וואָס דער בריעף־טרעגער האָט פאר איהם אָבגעגעבען.

דער בריעף איז געוועזען פון אָלע מאָנטאָנוס, ער איז געוועזען זעהר לאַנג, צווישען אנדערע האָט ער פאָלגענדעס ענטהאלטען :

ליעבער פריינד !

אָבוואָהל לונדעל און איך האָבען שוין דאָ די ארבייט גע־ענדיגט און מיר וועלען באלד צוריק זיין אין שטאקהאָלם געפין איך דאָך פאר נויטווענדיג דיר עטוואָס צו שרייבען, און מיינע איינדריקע אויפצוצייכענען, ווייל זיי זענען פאר מיר און פאר מיין גייסטיגע ענטוויקלונג פון גרויסער בעדייטונג. איך בין גע־קומען צום רעזולטאט און איך שטעה ערשטוינט דאָ, ווי אַן ערשט געבוירען קליין הינדעלע וואָס איז ערשט ארויס פון דעם אייער־שאָל. דער רעזולטאט איז אמת׳דיג נישט קיין נייער; דער גרויסער פילאָזאָף פלאטא האָט שוין דאָס געזאָגט, נאָך בע־פאָר דאָס קריסטענטום איז אויף דער וועלט געוועזען. דאָס וואָס מיר זעהן, איז נאָר בלויז א שיין, א שאָטען־בילד פון די אידעען, דאָס הייסט, די ווירקליכקייט איז נישט די אידעע, די ווירקליכ־קייט איז אין דער אמת׳ןנידעריג, בעטיילונגס־לאָז און צופעליג, די אידעע איז דאָס וואָס מיר קענען אפשר קיינמאָל נישט ער־רייכען, אזוי איז עס, ליעבער פריינד.

נאָר איך וועל בעסער דיר פון מיין ארבייט שרייבען ;

אויף דער קירכען־אלטאר זענען געשטאנען צוויי בילדער אויס האלץ, איין בילד איז געווען צובראכען, דאס אנדערע אבער איז געוועזען גאנץ, און ס'האט פארגעשטעלט א פרויען־געשטאלט מיט א קרייץ אין האנט, דאס צובראכענע בילד האט מען אין 2 זעק ארייגגעלעגט און בעהאלטען, כדי צו בעשטימען וואס פאר א בילד דאס איז געווען, האט מען די שטיקלאך אוועקגעשיקט צו אן אלטערטום'ס פארשער, ער זאל אויסגעפינען און בעשטימען, וואס פאר א פיגור דאס איז געווען, אבער ער איז בלויז געקומען צו פערמוטונגען, קיין זיכערעס האט ער נישט געקענט דערגעהן.

מען האט עס ארומגעשיקט אין פערשיעדענע, קונסט אקאדעמיען און נאך אלע פערשיעדענע מיינונגען איז מען געקומען צום רעזולטאט, אז די פיגור האט פארגעשטעלט דעם אנגלויבען. ווייל די גאנצע פיגור שטעלט פאר דעם גלויבען, מיט דעם קרייץ אלס סימבאל.

מיין אויפגאבע איז געווען אז איך זאל נאך דער אידעע פון די אלע קונסט־פראפעסארען, א בילד פון אנגלויבען, קעגען דעם בילד פון גלויבען מאכען. מען האט מיר געגעבען א פלאן, איך האב נישט געצעגערט, איך האב געזוכט א מענליכען מאדעל, ווייל עס האט געמוזט זיין א פיגור פון א מאן ; איך האב געמוזט לאנג זוכען, כ'האב אבער געפונען, יא, איך דענק, אז איך האב ריכטיג דעם אנגלויבען אליין געפינען — און דאס ווערק איז מיר הערליך געלונגען.

אט שטעהט דער שוישפיעלער פאלאנדער אויף דער לינקער זייט פון'ם אלטאר, מיט א מעקסיקאנישען פיילינבויגען פון דעם שוישפיעל „פערדינאנד גארעץ" און מיט א רויבער־מאנטעל פון „פרא דיאווילא", די לייטע זאגען אבער, אז דאס איז דער אמת'ער אנגלויבען ווי ער לייגט אוועק די וואפען פאר'ן גלויבען, דער פאסטאר וואס האט געהאלטען די איינווייהונגס רעדע, האט גערעדט פון די הערליכע מתנות וואס גאט גיט די מענשען, ווי הערליך ער האט מיך בעשאנקען, און דער גראף, ביי וועמען מיר האבען געגעסען דעם איינווייהונג מאלצייט האט ערקלערט, אז איך האב א מייסטער־ווערק געשאפען, אז דאס בילד מעג שטעהן צווישען די גרעסטע קונסט־ווערק פון דער וועלט: און

געשריבען אַ געדיכט, ער האָט עס געלאָזט אָבדרוקען און צו־פיילט צווישען דעם פּובליקום.

ביז אהער האָב איך ווי אַן אמת'ער עגאָאיסט נאָר פון מיר אליין גערעדט, וואָס זאָל איך איצט איבער לונדעל'ס אלטאר־בילד זאָגען ? אזוי זעהט עס אויס : קריסטוס (רעהנהעלם) ביים קרייץ, אין הונטערגרונד אַ רויבער, (איך; דער שורקע האָט מיך נאָך העסליכער געמאַכט ווי איך בין) רעכטס : דער רוי־בער (טאקע לונדעל אליין) נעבען דעם קרייץ אויף דער ערד מאריא מאגדאלענא (מאריע; וואו מיר האָבען ביער געטרונקען) אַ רוימישער אדעלמאַן אויפ'ן פערד, (דער שוישפּיעלער פאָ־לאנדער).

ליעבער פריינד, איך קען דיר גאָרנישט פאָרשטעלען וואָס פאַר אַ שרעקליכען איינדרוק ס'האָט אויף מיר געמאַכט, ווען מען האָט נאָכ'ן פאַסטאָרס רעדע די קונסטווערקע אויפגעדעקט אלע דיעזע בעקאַנטע געזיכטער, האָבען פון די וואַנט פון'ם אלטאר, אויף די גאַנצע געמיינדע געקוקט, וועלכע האָבען זיך מיט בעגייסטערונג צום פאַסטאָר צוגעהערט, ווי הויך די קונסט איז, איבערהויפּט ווען זי דיענט דער רעליגיאָן, ס'איז מיר דאָ־מאַלס פון די אויגען אַ שלייער אראָבגעפאַלען, דאָס וואָס כ'האָב דאמאָלס געדענקט וועגען גלויבען און אַנגלויבען, וועל איך דיר אמאָל זאָגען, וואָס איך האַלט אָבער וועגען די קונסט און איהר הויכע אויפגאַבע, וועל איך אמאָל אין אַפען לאָקאַל אַ פּאָרטראַג האַלטען, ווען איך וועל צוריקקומען אין שטאָדט אריין.

איצט דענק איך, אַז איך האָב דיר שוין אַלץ געזאָגט, דאָס איבעריגע וועל איך דיר פּערזענליך זאָגען, ביז דאַמאָלס זיי מיר געזונד און לאָז דיר גוט געהן !

דיין אמת'ער פריינד,
אלע מאַנטאַנוס.

נאָכדעם ווי פאַלק האָט דעם בריעף איבערגעלעזען, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט ביים שרייבטיש, ער האָט נאָכגעקוקט אויב דער לאָמפּ איז אַנגעפילט מיט נאַפט, ער האָט זיך פערוויכערט אַ ליול־קע, ארויסגענומען אַ מאַנוסקריפּט פון'ם טישקעסטעל און האָט אַנגע־פאַנגען שרייבען.

## ניינצעהנטעם קאפּיטעל.

### פון'ם בית־עולם אין שענק אריין.

דער סעפּטעמבער נאָכמיטאָג איז געלעגען גרוי, וואַרעם און רוהיג איבער די הויפּט־שטאָדט, ווען פאָלק האָט געוואַנדערט איבער די זידליכע בערג פון דער שטאָדט, אויף דעם בית עולם פון נעבען דער קאַטהאַרינען קירכע האָט ער זיך אוועקגעזעצט אָברוהען. אַן אמת'ען פערגעניגען האָט ער געהאַט ביים אָנבליק פון די בוימ־לעך, וואָס זענען אין די לעצטע פּאָר נעכט פון די הערבסט לופט רויט געוואָרען, און ער האָט געהייסען, דעם הערבסט מיט זיין טונ־קעלהייט, זיינע גרויע וואָלקען און די אַראָבגעפאַלענע בלעטלעך, הארציג ווילקאָמען.

קיין הויך האָט זיך נישט געריהרט, עס האָט אויסגעזעהען אַזוי ווי די נאַטור רוהט זיך אָב פון די זומערדיגע ארבייט, אַלץ רוהט; די מענשען רוהען אונטער די בעגראָזטע קברים, אַזוי שטיל און צופריעדען, אַזוי ווי זיי וואָלטען גאָר קיינמאָל נישט געלעבט, און ער האָט געוואונשען, אַז אַלע מענשען, ער אַליין אויך, זאָלען דאָרט אונטען רוהיג ליגען.

דער זייגער פון דעם קירכען טורם האָט געשלאָגען דריי, ער איז אויפגעשטאַנען און איז ווייטער געגאַנגען, ער איז אַרונטער געגאַנגען מיט די גאָרטענגאַס, צו די נייע גאַס איבער'ן נייעם מאַרק, און ער איז געקומען צו די ווייסע בערג.

ביי דעם אַלטען הויז איז ער געבליבען שטעהען און האָט זיך צוגעהערט וואָס די קינדער האָבען צווישען זיך גערעדט:

— וואָס האָסטו געגעסען מיטאָג אַלבערט?

— וואָס געהט דאָס דיך אָן?

— וואָס זאָגסטו? וואָס מיך געהט אָן? ניב אַכטונג, וועסט קריגען געשלאָגען!

— דו וועסט מיך שלאָגען? דו, מיט דיינע פערקרימטע אויגען?

— האָב איך דיך נישט אַמאָל אין וואַסער אריינגעשטויסען?

— אך האַלט ס'מויל!

אַלבערט האָט געקראָגען א פּאָר קלעפּ און ס'איז ווידער שלום געוואָרען.

— האָסטו אפשר אויף'ן בית־עולם זאַכען צוגע'גנב'ט, אַלבערט? וואָס?

— האָט דיר דער לומער דאָס געזאָגט?

— איז דאמאָלס נישט די פּאָליציי געקומען?

— דו דענקסט אפשר, אז איך האָב מורא פאר די פּאָליציי? דו זאָלסט אמאָל זעהען?

— ווען דו האסט נישט קיין מורא, קום היינט אוועגט בארען גנב'נען.

— דאָרט איז דאָ גרויסע הינט, וואָס בייסען.

—אָבער דאָס מאכט נישט, פּעטער דעם קוימענקעהרערס, וועט אריבערקלעטערען איבער'ן צוים, און די הינט וועט מען שוין שטיל מאכען.

דער געשפּרעך איז געוואָרען אונטערבראָכען, א מיידעל איז ארויס געקומען און האָט אויף דער גאס פערשפּרייט פּיכטען־צווייגען.

— וואָס פאר א טייוועל בעגראָבט מען דאָס היינט?

— אך דער הויז אגענט, דער שטראַווע, האָט ווידער פון זיין ווייב א קינד בעקומען.

— אָט דער דאָזיגער שטראַווע איז א נידערטרעכטיגער טייוועל, וואָס? אנשטאט אן ענטפער האָט דער צווייטער אָנגעפאנגען פּייפען עפּעס אן אונבעקאנטע מעלאָדיע.

— מיר וועלען אנ'הרג'נען זיינע פוקסען־קינדער ווען זיי וועלען פון דער שולע קומען, און זיין אלטע איז א ביסעל געשוואָלען, דאָס קענסטו מיר גלויבען, זי האָט אונז אמאָל ארויסגעוואָרפען אין שניי ביינאכט, וויילמיר האָבען נישט אזוי שנעל פאר אונזער וואָה־נונג בעצאָהלט, מיר האָבען געמוזט אין א שטאל איבערנעכטיגען.

אויסהערענדיג דעם געשפּרעך פון די קינדער, איז פאלק אין חויז אריינגעגאנגען, ביי די טיר איז ער בעגריסט געוואָרען פון שטראַווע. וואָס האָט אויף זיך ארויפגענומען א טרויריגע מינע. ער האָט גענומען פאלקס אָרעם, אזוי ווי ער וואלט איהם וועלען עטוואָס פערטרויע־ען, אבער נישט וויסענדיג וואס ער זאָל טהאָן, האָט ער איהם ארום־גענומען.

פאלק האָט זיך געפונען אין א גרויסען צימער, מיט אן עסטיש, בופעט, זעקס שטוהלען און א טויטען קעסטעל, פאר די פענסטער זע־נען געהאָנגען ווייסע פארהאנגען, דורך וועלכע די טאגליכט האָט אזוי ווי סודות'דיג אריינגעשיינט, אויפ'ן טיש איז געשטאנען א גלאָז־שי־סעל מיט פּונש און א פּאָר גרויסע וויין־גלעזער.

שטראווע האָט אַנגענומען פאלקס האנט און האָט איהם צוגע־פיהרט צום טויטען־קעסטעל, וואו דער קליינער טויטער איז געלעגען אויף הובעל־שפּענער אין א טול איינגעהילט בעשאָטען מיט קליינע פעלד־בליהמעלעך.

— זעהסט, דאָ, דאָ!

פאלק, נישט וויסענדיג וואָס צו ענטפערען, האָט ווארעם געדריקט שטראוועס האנט, דארויף האָט שטראווע געענטפערט: — איך דאנק, דיר, איך דאנק דיר הארציג! און איז אריינגעגאנגען אין צווייטען צימער.

פאלק איז געבליבען אליין, פון הינטער דער טיר, וואו שטראווע איז פערשוואונדען האָט ער געהערט שטיל אָבער שטארק רעדען, דער־נאָך איז א ווײלע שטיל געוואָרען, באלד האָט זיך די טיר געעפענט און שטראווע איז אריינגעקומען פיהרענדיג ביי דער האנט א פרוי אין שווארצען געקליידעט מיט רויטע אויגען. שטראווע האָט פארגע־שטעלט מיט א שטאלצקייט פון א פאמיליען־פאָטער:

— מיין פרוי, הער פאלק, מיין אלטער פריינד!

פאלק האָט גענומען דער פרויס האנט, וואָס איז געווען אזוי הארט ווי בליי, זי האָט א זויערען שמייכעל געגעבען, ער האָט שנעל ארויסגעזוכט א פראזע, וואָס האָט ענטהאלטען אין זיך, „פרוי" און „מיין הארציגען ביילייד", און דאָס איז איהם אזוי גוט געלונגען, פאר וועלכען שטראווע האָט איהם בעלוינט מיט אן אומארמונג.

פרוי שטראווע, וועלכע האָט זיך אויך געוואָלט אין׳ם געשפּרעך בעטייליגען, האָט אָנגעהויבען איהר מאן׳ס רוקען צו ווישען און האָט געזאָגט:

— ס׳איז דאָך שרעקליך ווי דו האָסט זיך אויסגעשמירט, גע־פינט איהר נישט, הער פאלק, אז מיין מאן זעהט אויס ווי א חזיר?

אויף די דאָזיגע ליעבע פראגע, האָט דער ארמער פאלק נישט גע־דארפט צו ענטפערען, ווייל הינטער דעם רוקען פון פרוי שטראווע האָ־בען זיך געצייגט, צווייי רויטע קעפּלעך און האָבען נייגעריג געקוקט אויף איהם.

די מוטער האָט זיי צערטליך ביי די קעפּלעך געגלעט און האָט געזאָגט:

— האָט איהר שוין געזעהען די העסליכע אינגלאָך, הער פאלק? זעהען זיי נישט אויס ווי די יונגע פוקסען?

אין דער אמת'ן האָבען זיי טאַקע אזוי אויסגעזעהען, פאַלק אָבער, כדי העפליך צו זיין, האָט עס אָבגעלייקענט.

די הויז טיר האָט זיך געעפענט און צוויי הערען זענען אריינ־געקומען. דער ערשטער איז געווען, א ברייט פּלייצעדיגער דרייסיג־יעהריגער מיט א פיערעקיגען קאָפּ, פון וועלכען די פּאָדערשטע זייט האָט פאַרגעשטעלט דאָס פּנים; דאָס פּנים האָט אויסגעזעהען ווי א האַלב פערפּוילט ברעט, וואו די ווערים האָבען זיך נעסטען געמאכט; דאָס מויל איז געווען ברייט און שטענדיג אָפען, און די פיער פאָ־רענדיגע געלע צייהן האָבען זיך ארויסגעזעהען, ווען ער האָט געלאכט האָט זיך דאָס פּנים אזוי ווי אין צווייען געשפּאַלטען און ס'האָבען זיך אויך א פּאָר באַק־צייהן געזעהען, קיין הערעלע פון א באָרד, האָט זיך אויף דעם אונפּרוכטבאַרען באָדען נישט געוויזען, די נאָז האָט אויס־געזעהן אזוי ווי זי זאָל זיין צוגעטשעפּעט און האָט זיך ארויפגעצויגען כמעט ביז צום קאָפּ.

שטראַווע, וועלכער האָט א טבע געהאַט יעדער זאַך גרעסער צו מאַכען ווי ס'איז אין דער ווירקליכקייט געווען, האָט דעם קאַנדידאַט פאַרגעשטעלט אלס : דאָקטאָר באַרג.

דער צווייטער איז פאַרגעשטעלט געוואָרען, אלס הער לעווי, ער איז געווען א לאַנג אויסגעוואַקסענער בחור, אראָבגעלאָזטע אַקסלען. אזוי ווי צוויי ריגוועס, געבויגענע פיס און א גרויסע לאַנג־געבויגענע נאָז.

דער קאַנדידאַט, באַרג, איז געבליבען שטעהען ביי די טיר, ער האָט די הענטשקעס אויסגעטאָן, דעם שטעקען אוועקגעשטעלט. ער האָט זיך אויסגעשנייצט, דאָס טאַשענטיכעל צוריקגעלעגט אין קעשענע, נישט צוהערענדיג זיך צו די פאַרשטעלונג פון שטראַווע, ער האָט אָבער זיין הוט ארונטערגענומען, ער האָט א פּאָר מאָל מיט די פיס געשאַרט און איז אין צימער אריינגעגאַנגען.

גוטען טאָג, דזשעני ! ווי געהט עס ? האָט ער געזאָגט און האָט גענומען די האַנד פון פרוי שטראַווע, מיט אזא וויכטיגקייט, אזוי ווי ס'זאָל איהר געהען אין לעבען, דערנאָך האָט ער זיך לייכט פערבויגען פאַר פאַלק'ן, מיט א גרימאַסע פון א הונד ווען ער זעהט א פרעמדען הונט אויף זיין מיסט.

דער יונגער הער לעווי, האָט אלעס נאָכגעטון דעם דאָקטאָר באַרג, ער האָט געלאַכט ווען יענער האָט געלאַכט, אלץ צוגעגעבען וואָס יענער

האט געזאגט און ער האט אינגאנצען אויסגעזעהען ווי עפעס א שקלאוו וואס האט זיך צום בעל־הבית פערקויפט.

פרוי שטראווע האט ארויסגענומען א פלאש רהיין־וויין און האט אנגעגאסען די גלעזער, שטראווע האט גענומען זיין גלאז און האט די געסט געהייסען ווילקאמען, דער דאקטאר האט אויפגעמאכט זיין ברייט מויל, האט דעם אינהאלט פון׳ם גלעזעל ארויפגעשיט אויפ׳ן צונג, ער האט זיך געקרומט אזוי ווי ער וואלט בעדארפט א מעדע־צין איינגעהמען און האט ער אריינגעשלונגען.

— דער וויין איז שרעקליך זויער און שלעכט, האט פרוי שטראווע געזאגט, אפשר וואלט איהר בעסער געטרונקען א גלאז פונש, העגריק?

— יא, עס איז זעהר שלעכט, האט דער דאקטאר צוגעגעבען און לעווי האט אויך מיטגעשטימט.

מען האט אנגעפאנגען טרינקען פונש, בארג׳ס פנים האט זיך אויסגעלייטערט, ער האט זיך אומגעקוקט פאר א שטוהל, גלייך האט הער לעווי צוגעבראכט א שטוהל.

די געזעלשאפט האט זיך ארומגעזעצט ארום דעם עס־טיש, און האבען אנגעפאנגען איבער פערשיעדענעם צו פלוידערען.

פון דער גאס האט זיך געהערט א וואגען צופאהרען, אלע האבען זיך אויפגעהויבען חוץ דעם דאקטאר. שטראווע האט געזאגט מיט א שטילע שטימע, אזוי ווי ער זאל עפעס האבען אנאנגענעהמעס מיט צוטיילען:

— לאמיר זיך אין ארדנונג מאכען.

זיין פרוי איז צוגעגאנגען צום טויטען־קעסטעל, זי האט זיך ארונטערגעבויגען און האט שטארק געוויינט, ווען זי האט זיך ווידער אויפגעהויבען, האט זי געזעהען איהר מאן שטעהענדיג גרייט מיט׳ן דעקעל פון׳ם קעסטעל און זי האט ארויסגעבראכען אין א געוויין.

— נא, נא, בערוהיג זיך! האט שטראווע געזאגט איילענדיג זיך דאס דעקעל אויפ׳ן קעסטעל ארויפצולעגען, אזוי ווי ער זאל עפעס וועלען בעהאלטען. בארג האט זיך ווידער אנגעגאסען א גלאז פונש און ארייננגיסענדיג עס אין זיין ברייט מויל, האט ער אויסגעזעהן ווי א פערד ווען עס גענעצט.

הער לעווי האט געהאלפען שטראוו׳ן דאס דעקעל פערמאכען, און ער האט עס מיט אזא שנעלקייט געטהאן אזוי ווי ער זאל עפעס א שטי־קעל ווארע פערפאקען.

מען האָט אָבשיעד גענומען פון פרוי שטראָווע, זיי האָבען די איבערציהערס אָנגעטון; די פרוי האָט געבעטען די הערען, אַז זיי זאָ־לען אכטונג געבען אויף די טרעפּ; ווייל זיי זיינען זעהר אַלט און שלעכט.

שטראָווע איז פריהער ארויסגעגאנגען מיט׳ן טויטען - קעסטעל קומענדיג אויפ׳ן גאס און אָנטרעפענדיג א קליינע פערזאמלונג פון קינ־דער, האָט ער זיך געפיהלט געעהרט און איז געוואָרען שטאָלץ, ער האָט זיך געבייזערט אויפ׳ן קוטשער, פאר וואָס ער האָט דאָס טירעל פון וואָגען נישט געעפענט, און כדי גרעסער צו מאַכען דעם עפעקט, האָט ער דעם קוטשער געזאָגט דו, דער קוטשער האָט איילענדיג מיט׳ן הוט אין האנט, געעפענט דאָס טירעל.

די וואָגען־טיר האָט זיך אונטער די פיער צוגעמאַכט און פאָלגענ־דער געשפּרעך האָט זיך ענטוויקעלט צווישען די אינגלאך וואָס זענען אין גאס געשטאַנען :

— הער נאַר, האָסט געזעהען דאָס טויטען־קעסטעל ?

— יאָ, זיכער, אָבער האָסטו געזעהען, אז ס׳איז אויפ׳ן שילד גאָר קיין נאָמען נישט געשטאַנען ?

— איז טאַקע קיין נאָמען נישט געשטאַנען ?

— ניין, דאָס האָט מען דאָך געקענט זעהען.

— וואָס בעדייט דאָס דען ?

— ווייסטו דען נישט ? ס׳איז דאָך געווען א הורען־קינד !

צום גליק האָט די בייטש געגעבען א קנאַק און דער וואגען איז אוועקגעפאָהרען.

פאלק האָט געוואָרפען א בליק צום פענסטער ארויף, די פרוי איז געשטאַנען און האָט אויסגעבלאָזען די ליכט ; נעבען איהר זע־נען געשטאַנען דיביידע אינגלאך מיט די רויטע קעפּלעך און יעדעס האָט געהאַלטען א גלאָז וויין.

דער וואָגען איז געפאָהרען פון איין גאס צו דער אנדערער און קיינער האָט נישט געמאַכט קיין פערזוך צו רעדען, שטראָווע זיצענ־דיג מיט׳ן טויטען־קעסטעל אויף די קניהען האָט אויסגעזעהען אַזוי ווי פערשעהמט, און ס׳איז נאָך ליכטיג געווען, אַז ער וואָלט זיך אַם ליעב־סטען ערגעץ בעהאַלטען.

ביז צום בית־עולם איז געווען א לאַנגער וועג, אָבער דאָך האָט עס אַן ענדע גענומען.

פאר דעם טויער איז געשטאַנען א לאַנגע רייהע וועגען, וואַרטענדיג אז ס'זאָל זיי ווער דינגען, די פיער האָבען געקויפט בלומען־קראַנצען. דער טויטען־גרעבער האָט צוגענומען דאָס טויטען־קעסטעל און נאָך א לאַנגען שפּאַצירגאַנג איז די קליינע פּראָצעסיאָן געבליבען שטעהען אויף א זאַמדיגען פעלד ביי א קליין קבר'ל.

דער טויטען־גרעבער האָט דאָס קעסטעל אוועקגעשטעלט.

דער דאָקטאָר האָט קאָמאַנדירט:

— פעסטהאַלטען! אַראָבלאָזען! אוועקשטעלען!

און דער קליינער אָהן א נאָמען, איז פערשוואונדען געוואָרען דריי איילען טיעף אין ד'ערד.

ס'איז געוועזען א שטילע פּויזע, אַלע האָבען געהאַלטען די קעפּ אַרונטער געלאָזט און האָבען אין קבר אריינגעקוקט, אזוי ווי זיי זאָלען אויף עפּעס וואַרטען.

שווער און גראָה איז דער הימעל געהאַנגען איבער דעם גרויסען, וויסטען זאַמד־פעלד, וואו ס'זיינען געשטאַנען די קליינע ווייסע מצבה־לעך פון די קינדער וואָס האָבען יונגערהייט אהער פערבלאָנזשעט. די שטילסטע ווינטעל האָט זיך נישט געהערט.

אָבער באַלד האָט זיך געהערט א שטימע, צו ערשט, ציטערענדיג, דערנאָך אָבער קלאָהר און זיכער, אזוי ווי פון עפּעס אן איבערצייגטען מענש: לעווי האָט זיך אוועקגעשטעלט מיט'ן בלויזען קאָפּ און האָט גערעדט:

— „פון גאָט טריי בעשיצט, רוהענדיג אין דעם שאָטען פון זיין מאַכט, צום אייביגען זאָג איך: דו גרויסער גאָט! וואָס דו ביזט אייביג און זיכער! גאָט, אויף וועלכען איך פערלאָז מיך, וויל דיר קדיש זאָגען — הער! אַלמעכטיגער גאָט, גיב, אז דיין נאָמען זאָל אויף דער גאַנצער וועלט גרויס און געהייליגט ווערען, דו וועסט די וועלט אמאָל בענייען, דו וועסט די טויטע אויפוועקען און צו א נייעם לעבען רופען, דו זאָלסט מיט אייביגע פריעדען אויף דער ערד אזוי ווי אויף די הימלען הערשען, שענק אונז און דעם גאַנצען פאָלק ישראל פריעדען: אָמן."

„שלאָף רוהיג, קינד, וואָס דו האָסט קיין נאָמען נישט בעקומען! ער! וואָס קען יעדען וועט דיך שוין מיט א נאָמען רופען; שלאָף גוט אין די ערבסט נעכט, קיין בעזע גייסטער וועלען דיר נישט שטע־רען, כאָטשבע דו האָסט דאָס הייליגע וואַסער נישט געקראָגען; פרי־

דיך אז דו ווערסט נישט דאַרפען קעמפּפען מיט דעם לעבען, זיינע פריידען קענסטו מוחל זיין; גליקליך ביזטו, וואָס דו ביזט אוועק איידער דו האָסט די וועלט דערקענט; רייןֿ, אָהן אַ פלעק, האָט די נשמה דיין אַנשולדיגען קערפּער פערלאָזען, מיר וועלען דיר נישט קיין ערד נאָכוואַרפען, ווייל ערד פערגעהט; מיר וועלען דיך מיט בלומען בעשיטען, ווייל בלומען וואַקסען פון דער ערד אַזוי וועט אויך דיין נשמה אויס דעם טונקעלען קבר צו די ליכט זיך אויפהויבען, ווייל פון גייסט ביזטו געקומען און גייסט געהסטו צוריק!"

ער האָט אַריינגעוואָרפען זיין קראַנץ בלומען שטעהן בלייבענדיג ביים קבר. שטראַווע איז צוגעגאַנגען, ער האָט גענומען לעווי'ס האַנט און האָט זי וואַרעם און האַרציג געדריקט, דער דאָקטאָר האָט זיין קראַנץ אויך אַריינגעוואָרפען און האָט באַלד אָנגעפאַנגען אוועקצו־געהן, די אַנדערע זענען איהם נאָכגעגאַנגען.

פאַלק איז אָבער נאָך געבליבען שטעהן, קוקענדיג אין קבר אַריין. זיין מח האָט זיך אָנגעפילט מיט געדאַנקען, פון דער טונקעלהייט פון'ם קבר, האָט זיך איהם אויסגעוויזען, אַז ער זעהט דעם שפּיעגעל פון'ם לעבען, דעם שפּיעגעל ווי אַלץ וואָס לעבט שפּיעגעלט זיך אָב, ס'האָט זיך איהם אויסגעוויזען אַזוי ווי אַ ליכט זאָל פון'ם קינדס טויטען קער־פּעריל צו דער זון אַרויפשטייגען, ער האָט אַריינגעוואָרפען דעם קראַנץ. ס'האָט זיך געהערט אַ פערשטיקטער קלאַפּ און דאָס ליכט איז פער־שוואונדען.

ער האָט זיך אַרומגעדרעהט און איז נאָכגעגאַנגען די אַנדערע.

ביים וואָגען האָט מען געקלערט וואו מען זאָל פאָהרען, באַרג האָט געמאַכט אַ קורצען פּראָצעס און האָט קאָמאַנדירט: — צום רעסטאָראַנט „נאַרבאַקאָ".

אַ פּאָר מינוטען שפּעטער זענען זיי שוין געווען אין'ם גרויסען זאַל פון'ם רעסטאָראַנט; זיי זיינען אויפגענומען געוואָרען פון אַ מיידעל, וועלכע באַרג האָט בעגריסט מיט אַ קוש און האָט איהר אַרומ־גענומען, דערנאָך האָט ער זיין הוט געוואָרפען אונטער אַ סאָפע און האָט בעפוילען לעווי'ן, ער זאָל פון איהם דעם מאַנטעל אַרונטערנעה־מען, און האָט בעשטעלט אַ קאַן פּונש, פינף־און־צוואַנציג סיגאַרען אַ האַלבע ליטער קאָניאַק און פּאָר פונט צוקער. צו ענדע האָט ער זיך אויך אויסגעטון דעם ראָק און איז געבליבען זיצען אין די בלויזע העמד־אַרבעל אויף דער איינציגער סאָפע וואָס איז געווען אין זאַל.

שטראוווער'ס פנים האָט אָנגעפאַנגען צו שטראַהלען זעהענדיג די פּאַרבעריייטונגען צום טרינקען און ער האָט פערלאַנגט מוזיק. לעווי האָט זיך אוועקגעזעצט ביים קלאַוויער און האָט געשפּיעלט אַ וואַל־צער. שטראַווע האָט פאַלק'ן גענומען אונטער'ן אָרעם און האָט מיט איהם שפּאַציערט אויף און אַב רעדענדיג מיט איהם איבער דעם לע־בען אין אַלגעמיין, איבער ליידען און פריידען, איבער די נישט גלייכע נאַטור פון די מענשען, און געענדיגט האָט ער, אַז ס'איז אַ זינד, צו טרויערען אויף דעם וואָס גאָט נעהמט צו. „ער האָט געגעבען און ער האָט גענומען".

די דאָזיגע בעטראַכטונג, האָט אויסגעוויזען צו זיין אַ מין טעקסט צו די מוזיק, ווייל ווען דאָס מיידעל איז אריינגעקומען מיט'ן פּונש, האָט ער זי גענומען טאַנצען, עפּעס אַזוי ווי אַ פּאָרטזעצונג צום גע־שפּרעך.

בארג האָט אָנגעגאָסען די גלעזער, ער האָט צוגערופען לעווי'ן האָט איהם דערלאַנגט אַ גלאָז און געזאָגט:

— איצט וועלען מיר טרינקען אויף ברודערשאַפט, כדי מיר זאָלען שפּעטער זיך קענען איינס דאָס אַנדערע גראָב בעהאַנדלען...

לעווי האָט אויסגעדריקט גרויס פרייד איבער דעם כבוד.

— לחיים, איזאַק, האָט בארג געזאָגט.

—איך הייס נישט איזאַק...

דו דענקסט אפשר אַז מיך קימערט אַ סך ווי אַזוי דו הייסט? איך רוף דיך איזאַק, און דו ביזט מיין איזאַק!

— דו ביזט אַ לוסטיגער טייוועל...

— אַ טייוועל! שעהמסטו דיך נישט, דו אידען יונג?

— מיר האָבען דאָך געוואָלט גראָב זיין...

— מיר? א י ך האָב געוואָלט גראָב זיין געגען דיר!

שטראַווע האָט געדענקט אַז ער מוז זיך אריינמישען.

— איך דאַנק דיר, ברודער לעווי, פאַר דיינע שעהנע ווערטער. וואָס פאַר אַ געבעט איז דאָס געוועזען, וואָס דו האָסט געזאָגט ביים קבר?

— דאָס איז געווען אונזער קדיש.

— עס איז זעהר שעהן געווען!

— עס איז נאָר געווען בלויז פּראָזע, האָט זיך בארג אריינגע־

מישט, דער אַנגלויביגער הונט האָט נאָר געבעטען פאר די אידען ס׳איז נישט געווען פאר׳ן טויטען קינד.

— אַלע די וואָס ווערען נישט געטויפט, געהערען צו די אידען, האָט לעווי געענטפערט.

— נאַ, אלזאַ, האָסטו די הייליגע טויפע בעליידיגט, האָט בארג ווייטער געשריגען, איך לייד נישט, אז ס׳זאָל ווער אונזער הייליגקייט בעליידיגען — דאָס קענען מיר א ל י י ן טון! איך לייד נישט אז אַן אנדערע זאָל אונזער רעליגיאָן בעליידיגען, דו הערסט, דו אי־דען־הונט!

— בארג האָט רעכט, האָט שטראַווע געזאָגט, מיר טאָרען נישט איינס דאָס אנדערע אונזערע הייליגקייטען אַנגרייפען; און איך פערלאַנג, אז אַזעלכע געשפּרעכען זאָלען היינט אַוועקט אויסגעמידען ווערען.

— דו פערלאַנגסט? — האָט בארג געשריגען, וואָס הייסט, דו פערלאַנגסט? — אָבער, איך פערצייה דיר, ווען דו וועסט דאָס מויל האַלטען. שפּיעל עפּעס, איזאַק! מוזיק! „פאַר וואָס איז די מוזיק שטום ביי צעזאַרום פעסט“? מוזיק! אָבער שפּיעל מיר נישט קיין אַלטעס, ניי מוז עס זיין!

לעווי האָט זיך צוריקגעזעצט צום קלאַוויר און האָט געשפּיעלט אַן אַווערטשורע פון די אָפּערא „דעמאָן“.

— אַזוי איצט וועלען מיר פלוידערען, האָט בארג געזאָגט, איהר זעהט אויס טרויריג, הער פאַלק; קומט אַהער און מיר ווע[ל]ען טרינ־קען.

פאַלק פיהלענדיג זיך בעקלעמט אין בארג׳ס אַנוועזענהייט, האָט אָבער זיך נישט געוואָלט ענטזאָגען און איז צוגעגאַנגען, צו קיין צו־זאַמען־רעדען איז אָבער נישט געקומען.

שטראַווע האָט ווי א פליעג ארומגעבלאָנקעט, זוכענדיג עפּעס פערגעניגען און נישט געפינענדיג איז ער צוריקגעגאַנגען, צום פונש־טיש, א פּאָר מאָל האָט ער געפּרוואווט צו טאַנצען, איינבילדענדיג זיך, אז ס׳איז לוסטיג, יום־טוב׳דיג, ס׳האָט אָבער גאָר נישט געהאָלפען.

לעווי האָט ארומשפּאַצירט צווישען דעם קלאַוויר און דעם טיש, ער האָט אויך געפּרוואווט א לוסטיג ליעד צו זינגען, איז עס אָבער געווען אַזוי אַלט, אז קיינער האָט עס נישט געוואָלט הערען.

בארג האָט געשריגען, כדי ארייננצוקומען אין דער ש ט י־

מ ו נ ג, ס׳האָט אָבער גאָר נישט געהאָלפען, ס׳איז אַלץ געוואָרען שטילער און שטילער, ביז ס׳באַלד שרעקענדיג געוואָרען.

פאַלק איז שווייגענדיג אויף־און־אָב געגאַנגען און זיין פּנים האָט אויסגעזעהן ווי וואָלקען פאַר א געוויטער.

אויף בארג׳ס בעפעהל, האָט מען דערלאַנגט אווענד־עסען, מורא׳דיג און שווייגענדיג, האָט מען זיך אוועקגעזעצט ביים טיש, שטראָווע און בארג האָבען זיך גענומען צום שנאַפּס, בארג׳ס געזיכט האָט אויס־געזעהען ווי א שמוציגע קיך שמאַטע, מיט רויטע פלעקען און געלע אויגען, שטראָוועס פּנים האָט אויסגעזעהען ווי אַן אַלטער לומבור־נער קעז, אין גאַנצען געל־רויט, פאַלק און לעווי האָבען אפּנים גע־האָט אין זייער געזעלשאַפט, אַזוי ווי קינדער וואָס עסען דעם לעצטען מאָל־צייטביי ריעזען.

— גיב דעם סקאַנדאַל־שרייבער דעם לאַקס, האָט בארג קאָ־מאַנדירט לעווי׳ן.

לעווי האָט שטראָוו׳ן דערלאַנגט די שיסעל, שטראָווע האָט זיך די ברילען ארויפגערוקט אין דער הויך און האָט אָנגעפאַנגען שפּריצען מיט גיפט:

— שעהמסטו דיך נישט, דו שמוציגער איד, — האָט ער געשרי־גען מיט כעס און האָט איהם געוואָרפען די סערוועט אין פּנים אריין.

בארג האָט ארויפגעלעגט זיין שווערע האַנט אויף שטראָוו׳ס גלאַ־טיגען קאָפּ און האָט געזאָגט:

— שמיל דו לומפּ!

— אין וואָס פאַר א געזעלשאַפט בין איך דאָ אריינגעפאַלען! איך מוז אייך זאָגען, מיינע העררען, אַז איך בין שוין צו אַלט, אַז איך זאָל מיך לאָזען בעהאַנדלען ווי א נאַריש אינגעל, — האָט שטראָווע געזאָגט מיט א ציטערענדיגע שטימע, פערגעסענדיג זיין שטענדיגע גוטמוטיגקייט.

בארג, וועלכער איז שוין איצט זאַט געווען, האָט זיך אויפגע־שטעלט און געזאָגט:

— פוי, צום טייוועל! אַזא געזעלשאַפט! בעצאָהל, איזאַק! איך וועל דיר שפּעטער צוריקגעבען! איך געה פאַראויס!

ער האָט זיך אָנגעטהאָן דעם מאַנטעל מיט׳ן הוט, האָט זיך אָנ־געגאָסען א גלאָז פּונש געמישט מיט קאָניאַק, מיט איין ציה האָט ער עס אויסגעטרונקען, ביים דורכגעהן האָט ער אויסגעלאָשען א פּאָר

ליכט און צובראכען א פּאָר גלעזער, א פולע האנט מיט ציגארען און א שאכטעל שוועבעלעך האָט ער בעהאלטען אין קעשענע און האָט זיך ארויסגעוואקעלט.

— א שאדע, אז אזא זשעניע זאָל אזוי פיעל טרינקען, — האָט לעווי ערענסט געזאָגט.

א מינוט שפּעטער איז בארג ווידער אריינגעקומען, ער איז צוגע־גאנגען צום טיש, פערדרויכערט ביים ליכט א ציגאר און האָט דעם רויך געבלאָזען שטראווע'ן אין פּנים אריין, ער האָט ארויסגעשטעקט די צונג, געצייגט די באק־צייהנער, די ליכט אויסגעלאָשען און איז ווידער אוועקגעגאנגען. לעווי איז געלעגען אויפ'ן בויך און האָט גע־שריגען פאר ענטציקען.

— וואָס איז דאָס פאר אן אויסוואורף, מיט וועמען דו האסט מיך צוזאמענגעפיהרט? — האָט פאלק ערענסט געפרעגט.

— אָ, מיין ליעבער, ער איז איצטער שכור, אבער ער איז דער זוהן פון'ם שטאבס־ארצט, דעם פּראָפעסאָרס..

— איך האָב דיך נישט געפרעגט, ווער זיין פאָטער איז; נור ווער ער א ל י י ן איז? פארוואס לאָזט דיך טרעטען פון אזא הונט? קענסטו מיר אויף די פראגע ענטפערען? פאר וואס פערקעהרסטו מיט איהם?

— איך בעהאלט מיר די ערקלעהרונג!

— יא, בעהאלט דיר אלע נארישקייטען פון דער וועלט, אבער גאָר פאר דיר אליין!

— וואָס איז דיר, ברודער לעווי? — האָט שטראווע גוטמוטיג געפרעגט, — דו זעהסט אזוי ערענסט אויס.

— עס איז זעהר א שאדע, אז אזא גרויסער זשעניע ווי בארג זאָל אזוי שרעקליך טרינקען,—האָט לעווי געענטפערט.

— וואָס פאר א זשעניע איז ער? — האָט פאלק געפרעגט.

— מען קען זיין א זשעניע כאטשע מען שרייבט נישט קיין פערזען, — האָט שטראווע שפּיציג געענטפערט.

— איך גלויב אויך אזוי, פערזען שרייבען צייגט נאָך נישט קיין זשעני, אבער נאָך וועניגער, אז מען פיהרט זיך אויף ווי א בהמה. — האָט פאלק געזאָגט.

— וועלען מיר נישט בעצאהלען, — האָט שטראווע געזאָגט און האָט זיך ארויסגעשאַרט.

פאלק און לעווי האבען בעצאהלט, ווען זיי זיינען ארויסגעקו־מען, האט געדעגענט און דער הימעל איז געווען שווארץ. נאר דער גאז־שיין פון די שטאדט האט זיך פון דערווייטענס געזעהען ווי א רוי־טער וואלקען. דער וואגען איז שוין אוועקגעפאהרען און ס'איז זיי נישט אנדערש געבליבען נאר זיי זאלען זיך אויפשטעלען די קעלנער און געהן אהיים צו פוס.

זיי זיינען נאך נישט ווייט אוועקגעגאנגען, האבען זיי געהערט א שרעקליך געשריי אין די לופט.

— פלוך! — האט עס געשריגען איבער זייערע קעפ, איצט האבען זיי דערזעהן בארג'ן אין דער הויך אויף א בוים שטעהענדיג.

— א! דאס איז גרויסארטיג! — האט לעווי געשריגען, — דאס איז גרויסארטיג!

— קום אהער! איזאק, האט בארג געשריגען, — קום אהער, דו אידען הונט! מיר וועלען זיך איינס־אנדערע געלד לייהען.

— וויפיעל ווילסטו האבען? — האט לעווי געפרעגט און האט איהם געוויזען זיין געלד־טאש.

— איך לייה מיר נישט ווייניגער פון א פינפציגער.

אין דעם זעלבען אויגענבליק איז בארג פון'ם בוים ארונטער־געשפרונגען און האט בעהאלטען דעם פופציג קראנען שיין וואס לע־ווי האט איהם געגעבען.

דערנאך האט ער זיך דעם מאנטעל אויסגעטהאן.

— טהו דיר צוריק דעם מאנטעל אן! — האט שטראווע בע־פוילען.

— וואס זאגסטו? איך זאל איהם צוריק אנטהאן? ווילסטו מיר בעפעהלען? וואס זאגסטו? איך ז א ל? האסטו אזוי גע־זאגט? אפשר ווילסטו דיך מיט מיר שלאגען?

ביי דעם האט ער מיט זיין הוט א קלאפ געגעבען אינ'ם בוים, אז ער איז אזש אין שטיקער צופלויגען, ער האט זיך אויסגעטהאן דעם ראק און די וועסט און דער רעגען איז געפאלען אויפ'ן הוילען העמד.

— קום אהער, דו לומפ, מיר וועלען זיך שלאגען!

ער האט שטראווע'ן אנגענומען ביים קערפער און האט זיך מיט איהם אזוי ווייט געבורעט, ביז זיי זיינען ביידע אין רינשטאק אריינ־געפאלען.

פאלק איז אזוי שנעל ווי ער האט געקענט, פון'ם פלאץ אנטלא־

פען און לאנג האָט ער נאָך הינטער זיך געהערט, ווי לעווי האָט גע־לאכט און געשריגען: דאָס איז געטליך, דאָס איז גרויסאַרטיג! — דאָס איז גרויסאַרטיג! און בארג'ס שיכור'ע שטימע: פעררעטער! פעררעטער!

## צוואַנציגסטעס קאַפּיטעל.

### אויף דעם אלטאַר.

דער זייגער פון'ם ראַטס־קעלער פון קעפּינג האָט איין און אַקטאַ־בער אָוועגט געקלונגען זיעבען, ווען דער דירעקטאָר פון'ם שטאָדט־טהעאַטער איז אַריינגעקומען, ער האָט שטראַהלענדיג אויסגעזעהן, פּונקט ווי א קרעט זעהט אויס, ווען זי האָט אַבגעגעסען א גוטען מאָהל־צייט, ער האָט פרעהליך אויסגעזעהען, אבער די מוסקלען פון זיין געזיכט זיינען נישט געווען געוואָהנט צו דעם, און די פרעהליכ־קייט האָט נאָך העסליכער געמאַכט זיין פּנים. ער האָט מיט גענאַדע בעגריסט דעם דאַרען קעלנער וואָס איז געשטאַנען אונטער'ן שענק־טיש און האָט געצעהלט די געסט.

— ווי געהט עס? — האָט דער דירעקטאָר געשריגען.

— א שעהנעם דאַנק — האָט דער קעלנער געענטפערט.

— נו, וואָס זאָגט איהר צו גוסטאַוו'ן? איז ער נישט געווען אויסגעצייכענט און דאָן דיאַגאָ? וואָס? איך גלויב, אז איך קען איינעם מאַכען פאַר א שוישפּיעלער, וואָס!

— יאָ, דאָס מוז איך צוגעבען, הערר דירעקטאָר, ס'איז פיעל גרינ־גער צו מאַכען א טאַלאַנט אוים א מענש וועלכען די נאַרישע ביכער האָבען נישט פערדאָרבען.

— ביכער פערדאָרבען, דאָס ווייס איך צום בעסטען! איבע־ריגענס, ווייסט איהר, קעלנער, וואָס אין ביכער שטעהט? איך ווייס עס! איהר וועט זעהן, ווען דער יונגער רעהנהעלם וועט שפּיעלען האָראַציאָ, ווי ער וועט זיך בענעהמען, דאָס וועט זיין אינטערעסאַנט! איך האָב איהם געגעבען די ראָלע, ווייל ער האָט מיך אזוי פיעל געבע־טען; איך האָב איהם אבער אויך געזאָגט, אז איך וועל איהם נישט העלפען; איך וועל פאַר זיין דורכפאַל נישט זיין פעראַנטוואָרטליך, איך האָב אויך געזאָגט, אז ער האָט בעקומען די ראָלע, כדי ער זאָל זעהן, ווי שווער עס איז פאַר דעם צו שפּיעלען, וועלכען די נאַטור האָט מיט טאַלאַנט נישט בעשענקט, אַ! איך וועל איהם שוין אַנלער־נען, ער זאָל שוין דערנאָך פערזאָגען א צעהנטען קיין ראָלע נישט צו

פערלאנגען, דאס וועל איך טהאן! אבער נישט וועגען דעם האב איך געוואלט רעדען! האט איהר צוויי צימערען פריי?

—יא, דיביידע קליינע צימערען?

—יא, טאקע די מיין איך.

—זיי זיינען פאר אייך, הערר דירעקטאר.

— איהר זאלט אנגרייטען א נאכט־מאל פאר צוויי, אבער א גר־טען! אכט א זייגער! איהר אליין זאלט בעדיענען.

די לעצטע ווערטער האט ער שוין געזאגט שטיל, דער קעלנער האט זיך פערנייגט צום צייכען, אז ער האט פערשטאנען.

אין דעם זעלבען אויגענבליק איז פאלאנדער אריינגעקומען און נישט בעגריסענדיג דעם דירעקטאר, האט ער זיך אוועקגעזעצט אויף זיין אלטען פלאץ. דער דירעקטאר האט זיך באלד אויפגעהויבען און פערבייגעהענדיג דעם שענק־טיש, האט ער שטיל געזאגט: גערענקט, אכט א זייגער: און איז אוועקגעגאנגען.

דער קעלנער האט אוועקגעשטעלט א פלאש אבסינטה, נעבען פא־לאנדער, און ווייל פאלאנדער האט נישט געמאכט קיין מינע, א גע־שפרעך אנצופאנגען, האט דער קעלנער גענומען ווישען דעם טיש, און ווען דאס האט אויך נישט געהאלפען, האט ער אנגעפילט דאס שאכ־טעל מיט שוועבעלעך און האט געזאגט:

— נאכט־מאל היינט אווענט: אין די קליינע צימערען! הם!

— פאר וועמען?

— הם! פאר דעם וואס איז ערשט ארויסגעגאנגען.

— אה, אזוי, דער! דאס איז אונגעוועהנליך פון איהם ער איז דאך אזא קארגער! געוויס איז עס בלויז פאר א י י ן פערזאן?

— ניין, צוויי, — האט דער קעלנער געזאגט און האט א וואונק געטהאן מיט די אויגען. — אין די קליינע צימערלעך, הם!

פאלאנדער האט די אויערען אויפגעשטעלט, ר'האט זיך אבער באלד פערשעהמט, פאר וואס ער הערט זיך צו צו רכילות, און ער האט געלאזט פאלען די טעמא; דעם קעלנער האט עס אבער נישט געפאלען.

—איך וואלט וועלען וויסען, ווער דאס קען זיין! זיין פרוי איז דאך קראנק און...

— וואס געהט עס אונז אן מיט וועמען די חיה וועט נאכט־מאל עסען. האט איהר אן אווענט צייטונג?

דער קעלנער האט שוין נישט גערארפט ענטפערען, ווייל רעהנ־

העלם איז אריינגעקומען, שטראַהלענדיג ווי א קינד ווען ס'דערזעהט א ליכט.

— לאָז אב דעם אבסינטהה היינט אוועט,— האָט ער געזאָגט — און זיי מיין גאסט. איך בין אזוי פיעל מיט פרייד, אז איך וואָלט אַזש געוויינט!

— וואָס איז געשעהן? — האָט פאַלאַנדער ענגסטליך געפרעגט:

— דו האסט אפשר געקראָגען א ראָלע?

— יאָ, דו פעסימיסט, איך האָב בעקומען די ראָלע פון „האָראַציאָ"...

פאַלאַנדער'ס פּנים איז געוואָרען פינסטער.

— און זי האָט בעקומען אָפעליאַ! — האָט פאַלאַנדער מיט א ציטעריגער שטימע געזאָגט.

— פון וואנען ווייסטו דאָס?

— איך רעכען אזוי!

— ס'איז גאָר נישט אזוי שווער צו טרעפען! פערדיענט זי עס אפשר נישט? האָבען זיי אין גאנצען טהעאטער א בעסערע?

— ניין, דאָס גיב איך צו, נאָ, האָסטו ליעב האָראַציאָ?

— אָ, ער איז אזוי הערליך!

— ס'איז דאָך מערקווירדיג, ווי פערשיעדען די אנזיכטען קענען זיין!

— וואָס איז דען דיין אנזיכט?

— איך געפין, אז ער איז דער גרעסטער שורקע פון אלע הויפּ־לייט; צו אלץ זאָגט ער יאָ: „יאָ מיין פּרינץ; יאָ מיין גוטער פּרינץ". ווען ער איז זיין פריינד מוז ער דאָך אמאָל זאָגען נ י י ן און איהם נישט שטענדיג צושטימען אזוי ווי אלע אנדערע חנופה'ניקעס.

— מוזטו מיר אויך דאָס פערניכטען?

— איך וויל דיר אלעס פערניכטען! ווען קענסטו זאָגען, אז אלץ איז גרויס און הערליך וואס די מענשען האָבען געשאַפען? ווען אין אלץ וואס איז דאָ, זעהסטו פאָלקאָמענהייט און הערליכקייט, ווי קענסטו דערנאָך שטרעבען צו אמת פאָלקאָמענהייט? גלויב מיר, אז דער פעסעמיזם איז דער אמת'ער אידעאַליזם, און דער פעסימיזם איז א קריסטליכע לעהרע, ווען דאָס זאָל דיין געוויסען בערוהיגען, ווייל דאָס קריסטענטום לערענט אונז, אז מיר זאָלען זיך פון דעם עלענדען ערדישען לעבען דורכ'ן טויט בעפרייען.

— קענסטו מיך נישט לאָזען גלויבען, אז די וועלט איז שעהן? דארף איך נישט דאנקען דעם, וואס גיט אונז אלעס גוטע, און מיך נישט פרעהען איבער דעם וואס דאָס לעבען גיט מיר?

— דאָך דאָך, פריי דיך, מיין פריינד, פריי דיך, גלויב און האָף! אלע מענשען יאגען זיך נאָך די זעלבע זאך — גליק. נא, דאכט זיך דיר אז דו האסט עס שוין ערדייכט... איז דאָס גליק, וואס דו האסט היינט ערדייכט? הייסט דאָס גליק וואס דו האסט בעקומען א שלעכטע ראָ־לע, און וועלכע דו וועסט גאר נישט קענען מאכען? איז דאָס אלע ווערט, די ערנידערונגען וואס דו האסט געליטען ביז איצט? ווייסטו שוין זיכער, אז דו וועסט סוקסעס מאכען? — איך וויל דיר נישט מאכען צו גלויבען, אז איך זאג, אז דו וועסט דורכפאלען. ביזטו זי־כער, אז...

ער האָט געמוזט דעם אטעם כאפען.

— אז אנגעס וועט האָבען אן ערפאָלג מיט אָפעלוא, אפשר וועט זי די זעלטענע געלעגענהייט אויסנוצען און וועט מאכען צופיעל קונ־צען מיט די ראָלע ווי זי דארף געוועהנליך זיין... אבער עס טהוט מיר באנק פאר וואס איך האָב דיך טרויעריג געמאכט, און איך בעט דיך, ווי שטענדיג, גלויב נישט וואס איך זאג, מען קען נישט וויסען אויב ס'איז אמת.

— ווען איך זאָל דיך נישט קענען, וואלט איך געדענקט, אז דו ביזט מיך מקנה.

— ניין, מיין פריינד, איך ווינש דיר ווי אלע מענשען, אז דו זאָלסט אזוי שנעל ווי מעגליך זעהען, אז דיין וואונש איז ערפילט, כדי דו זאָלסט דיינע געדאנקען א בעסערע ריכטונג געבען; און נאר דאָס דארף זיין דער אמת'ער זין פון'ם לעבען.

— דאָס זאגסטו אזוי רוהיג, ווייל דו האסט שוין לאנג ערפאָלג געהאט.

דער זייגער האָט אזוי הויך געשלאָגען אכט, אז ס'האָט אנגע־קלונגען איבער'ן גאנצען זאָל. פאלאנדער האָט זיך האסטיג אויפ־געהויבען פון שטוהל אזוי ווי ער זאָל וועלען אוועקגעהן, ער האָט מיט די האנד א גלעט געטהאָן איבער'ן שטערען און האָט זיך צוריק אוועק־געזעצט.

— איז אגנעס היינט אוועקט ביי די טאנטע? — האָט ער מיט א גלייכגילטיגען טאָן געפרעגט.

— ווי אזוי ווייסטו דאָס?

— אָ, דאָס קען איך מיר פארשטעלען, ווען דו זיצסט דאָ אזוי רוהיג, זי האָט געוואלט איהר די ראָלע פארלעזען, נישט אמת?

— יא! האסטו זי היינט אוועגט אפשר געטראָפען? ווען דו ווייסט דאָס אויך?

— ניין, אויף מיין עהרען־ווארט ווי ניין! איך קען מיר קיין אנדרען גרונד נישט פארשטעלען, פאר וואס אין אן אוועגט ווען מען שפיעלט נישט, זאָל זי נישט פערברענגען מיט דיר.

— נו, האסטו טאקע געטראָפען. און זי האָט מיך געבעטען, אז איך זאָל אויסגעהען און מיר געזעלשאפט זוכען, ווייל איך בין אזוי לאנג אין הויז געזעסען. זי איז אזוי צערטליך און גוט צו מיר דאָס ליעבע מיידעל.

— יא, זי איז זעהר צערטליך!

— נאָר איין איינציגען אוועגט האט זי מיך געלאָזט אומזיסט ווארטען, ווען מען האָט איהר ביי די טאַנטע אויפגעהאלטען, און האט מיר נישט געלאָזט וויסען. איך האָב געדענקט, אז איך וועל משוגע ווערען און די גאנצע נאכט האָב איך נישט געשלאָפען.

— דאָס איז געווען דעם 6טען יולי, נישט אמת?

— דו דערשרעקסט מיך! דו שפּיאָניערסט?

— צו וואס זאָל איך דאָס טהאָן? איך קען דאך אייער פער־העלטניס און איך שטים צו צו אייערביידענס פערבינדונג, נאָר פאר וואס איך וויים, אז דאָס איז געווען דינסטאג דעם 6טען יולי, דאָס האסטו דאך אליין פיעל מאָל געזאגט.

— דאָס איז אמת!

איינינע מינוטען איז געבליבען שטיל.

— ס'איז מערקווירדיג — האָט רעהנהעלם אונטערבראָכען דאָס שווייגען, — ס'איז מערקווירדיג, ווי דאָס גליק קען איינעם טרויעריג מאכען, איך בין היינט אווענט אזוי אונרוהיג און איך וואלט בעסער געוועזען מיט אגנעס'ן צוזאמען, לאָמיר געהן אינ'ם קליינעם צימער און מיר וועלען שיקען נאָך איהר, זי קען דאך זאגען, אז ס'איז ווער פון דער פרעמד געקומען איהר בעזוכען.

— דאָס וועט זי קיינמאָל נישט טהאָן: זי קען נישט קיין ליעגען זאגען.

— אָ, דאָס איז נישט אזוי געפעהרליך! דאָס קענען אלע פרויען!

פאלאנדער האט אויף רעהענהעלם אזוי מאָדנע געקוקט, אז יענער האט נישט געוואוסט וואס דאָס קען בעדייטען.

— יא, האט פאלאנדער געזאָגט, איך וועל ערשט נאָכזעהן, צו די קליינע צימערלעך זיינען פריי, דערנאָך וועלען מיר דאָס טהאָן.

— יא, יא, טהו עס!

פאלאנדער האָט איהם צוריקגעהאלטען, ווען ער האט געזעהן אז ער וויל אויך מיטגעהן, און ער איז אליין געגאנגען.

אין צוויי מינוט שפּעטער איז ער שוין געווען צוריק, זיין פּנים איז געוועזען וויים אבער רוהיג און ער האָט נאָר געזאָגט:

— זיי זיינען פערנומען!

— ווי פערדריסליך!

— נו, וועלען מיר זיך אליין אונטערהאלטען אזוי גוט ווי מיר וועלען קענען.

און זיי האָבען זיך אונטערהאלטען, זיי האָבען געגעסען און גע־טרונקען, זיי האָבען גערעדט פון לעבען און פון די ליעבע... פון די שלעכטקייט פון די מענשען; זיי זיינען געווארען זאט און אנגעטרונ־קען זיינען זיי אהיים געגאנגען שלאָפען.

איינאונצוואנציגסטעס קאפּיטעל.

## אנשמה האט זיך דערטרונקען.

דעם אנדערען מארגען האט רעהנהעלם ערוואכט, ווייל ס'האט זיך איהם געדאכט אז מען האט גערופען זיין נאָמען. ס'איז ערשט געווען פיער א זייגער פאר טאג, ער האָט זיך אויפגעזעצט אין בעט און האט געהארכט — ס'איז שטיל געווען, ער האט אויפגעצויגען די פארהאנגען און האָט געזעהן א גרויען הערבסט מארגען, רעגנעריש און ווינדיג, ער האָט זיך צוריקגעלעגט און האט געפּרואווט ווידער איינ־צושלאָפען, האָט ער אבער נישט געקענט, עפּעס זאָנדערבארע שטימען האט ער געהערט אין'ם ווינט; זיי האָבען עפּעס פערקלאָגט און גע־ווארענט איהם, שטיל געוויינט און געיאמערט; ער האט געפּרואווט וועגען עטוואס אנגענעהמעס צו דענקען: אין זיין גליק. ער האָט גענומען זיין ראָלע און האָט אנגעפאנגען צו לערנען, אבער די גאנצע ראלע איז נאָר געוואָרען „יא, מיין פּרינץ“, ער האָט געטראכט וועגען פאַ־לאנדער'ס ווערטער און ער האָט אויסגעפונען, אז צום טייל האט ער רעכט. ער האט געפּרואווט נאָכצודענקען, ווי אזוי ער וועט אויס־זעהען אויף די ביהנע אין די ראָלע פון האראציא. ער האָט זיך גע־

פּרוּאווט פאַרשטעלען, אַגנעס'ן אַלס אָפעליא, און ער האָט געזעהען
אין איהר א הייכלערישע אינטרעגאנטין, וואס וויל אויף דעם בעפעהל
פון פּאָלאָניוס'ן, האַמלעט'ן אין איהר נעץ אַריינבעקומען, ער האָט
געפּרוּאווט דאָס דאָזיגע בילד פון זיך צו פערטרייבען און אַנשטאָט
אַגנעס'ן האָט ער געזעהען דאָס גאַלאַנטע פרייליין יאַקוועט, וועלכע
האָט צולעצט געשפּיעלט אָפעליא אין שטאָדט־טהעאַטער.

אומזיסט האָט ער געפּרוּאווט דיזע אונאַנגענעהמע בילדער פון
זיך צו פערטרייבען, זיי האָבען איהם פערפאָלגט ווי די פליגען, מיעד
ווערענדיג פון דעם גייסטיגען קאַמפּף איז ער איינגעשלאָפען, אבער
אויך אין שלאָף האָט ער אַזאַלכע חלומות געזעהען, ער האָט זיך פון
שלאָף אויפגעריסען, און איז באַלד ווידער איינגעשלאָפען, און ווידער
האָט ער דיזעלבע חלומות געהאַט. אַרום ניין אַזייגער אין דער
פרי האָט ער ערוואַכט מיט א געשריי, ער איז אַראָבגעשפּרונגען פון
בעט אַזוי ווי ער זאָל וועלען אַנטלויפען פאַר בייזע רוחות וואָס האָבען
איהם פערפאָלגט. ווען ער איז צום שפּיעגעל צוגעגאַנגען האָט ער
געזעהען אַז ר'האָט געוויינט, ער האָט זיך שנעל אָנגעטהאָן. און ווען
ער האָט געהאַלטען ביי די שיך, איז נעבען איהם אויפ'ן באָ־
דען א שפּין דורכגעלאָפען, ער איז פרעהליך געוואָרען, ווייל ער האָט
געגלויבט, אַז שפּינען בעדייטען גליק, ער איז געוואָרען גוט געלוינט און
האָט צו זיך געזאָגט: אַז מען וויל גוט שלאָפען טאָר מען אין די
אָווענטען קיין לאַבסטערס נישט עסען. ער האָט געטרונקען זיין קאַ־
פע און האָט געלאַכט איבער דעם רעגען און דעם ווינט אין דרויסען.
ס'האָט זיך געהערט א קלאַפּען אין טיר. ער האָט זיך אַביסעל דער־
שראָקען, ווייל היינט האָט ער מורא געהאַט פאַר א שלעכטען נאַכ־
ריכט. ער האָט נישט געוואוסט פאַר וואָס, ער האָט זיך דערמאַנט
אין דער שפּין און האָט רוהיג געעפענט.

ס'איז געווען פּאָלאַנדערס דיענסטמיידעל, וועלכע האָט איהם
געבעטען, אַז פּונקט צעהן א זייגער זאָל ער וועגען א העכסט וויכ־
טיגער אַנגעלעגענהייט זיין ביי פּאָלאַנדער'ן.

ער איז ווידער געוואָרען פון דיזעלבע אַנגסט בעפאַלען וואָס האָט
איהם געקוועהלט דעם גאַנצען פריהמאָרגען, ער האָט געפּרוּאווט די
שטונדע ביז צעהן צו פערטרייבען, ס'איז אבער געווען אונמעגליך, ער
האָט זיך שנעל אָנגעטהאָן און איז מיט א קלאַפּענדיג הארץ געלאָפען
צו פּאָלאַנדער'ן.

פאלאנדער האט איהם פריינדליך אויפגענומען, און רעהנהעלם האט איהם בעשטורמט מיט פראגען, פאלאנדער האט איהם אבער גע־ענטפערט, אז פאר צעהן א זייגער קען ער איהם גאר נישט זאגען. רעהנהעלם איז געווארען אונרוהיג און האט געוואלט וויסען, צי ס'איז נישט עפעס אונאנגענעהמעס, פאלאנדער האט געענטפערט, אז דאס איז בלויז ווי אזוי מען פערשטעהט עס און מיט וואס'ערע אויגען מען קוקט אויף יעדער זאך, און ער האט איהם ערקלעהרט, אז ס'איז דא פיעלע זאכען וואס קומען פאר אונערטרעגליך, מען קען זיי אבער זעהר לייכט אריבערטראגען, ווען מען איבערשאצט זיי נישט.

אזוי האבען זיי פערטריבען די צייט ביז צעהן א זייגער. ס'האט זיך געהערט צוויי שטילע קלעפ אין די טיר, און ווען די טיר איז גלייך געעפענט געווארען, איז אגנעס אריינגעקומען, נישט קוקענדיג אויף די אנוועזענדע, האט זי ארויסגענומען דעם שליסעל פון דרויסען, און האט פערשלאסען פון אינעווייניג. איהר פערלעגענהייט, ווען זי האט זיך אומגעדרעהט און דערזעהען צוויי אנשטאט איינעם, האט בלויז געדויערט א סעקונדע און זי איז אנגענעהם איבערראשט געווארען רעהנהעלם'ן דא צו טרעפען. זי האט שנעל פון זיך דעם רעגענמאנטעל אראבגעווארפען און איז איהם אנטקעגען געלאפען. ער האט זי גענומען אין זיינע ארעמס און האט זי שטארק צוגעדריקט צו זיין ברוסט, אזוי ווי ער זאל איהר נישט געזעהן א גאנץ יאהר.

—דו ביזט אזוי לאנג נישט געווען, אגנעס!

— לאנג? וואס מיינסטו מיט דעם?

— איך גלויב, אז איך האב דיך שוין אן אייביגקייט נישט גע־זעהען, דו זעהסט היינט אזוי גוט אויס! האסטו גוט געשלאפען?

— געפינסטו, אז איך זעה היינט בעסער אויס ווי אלע מאל?

— יא, דאס געפין איך; דו ביזט אזוי רויט און דו האסט קליינע גריבעלעך אין די באקען! ווילסטו פאלאנדער'ן נישט בעגריסען?

פאלאנדער איז געשטאנען רוהיג און האט זיך צוגעהערט צום געשפרעך, אבער זיין פנים איז געווען וויים ווי גיבס. ס'האט אויסגע־וויזען אז ער איבערלעגט עטוואס.

— זעהסטו אבער אויס אנגעגריפען, האט אגנעס געזאגט א שפרונג טהוענדיג איבער'ן צימער מיט א בעוועגונג פון א יונגע קאץ.

פאלאנדער האט נישט געענטפערט, אגנעס האט איהם גענויער בעטראכט, און האט מיט אמאל פערשטאנען זיינע געדאנקען, איהר

פּנים האָט זיך פּערוואַנדעלט אין וואַסער־פּלאַכע ווען דער ווינט בלאָזט דאַרויף, אַבער דאָס האָט בלויז געדויערט אַ סעקונדע; אין נעכסטען אויגענבליק איז זי שוין געוועזען רוהיג, וואַרפענדיג אַ בליק אויף רעהנהעלם'ן און פערשטעהענדיג די סיטואַציע, האָט זי זיך צו אַלצדינג געפּאַסט.

— קען מען ערפאַהרען, וואָס פאַר אַ וויכטיגע אַנגעלעגענהייטען דאָס זיינען, וועלכע האָבען אונז אַזוי פריה אַהערגערופען? — האָט זי געפרעגט מונטער און האָט פּלאַנדער'ן אַ קלאַפּ געטהאָן אין די פּלייצע.

— יאַ, — האָט פּלאַנדער פעסט און ענטשלאָסען געענטפערט אַזש אַגנעס איז בלייך געוואָרען, אין דעם זעלבען אויגענבליק האָט ער צוריקגעוואָרפען זיין קאָפּ, ווי ער וואָלט וועלען זיינע געדאַנקען אין אַנאַנדער ווענדונג ריכטען. — מיין געבורטסטאָג איז היינט און איך לאַדען אייך איין צום פריהשטיק.

אַגנעס, וואָס האָט געזעהען אַז פּאַלאַנדער האָט געמיינט זי, איז פּלוצים גערעטעט געוואָרען, זי האָט אויסגעבראַכען אין אַ קלינגענדען לאַכען און האָט פּאַלאַנדער'ן אַרומגענומען.

— ווייל איך האָב אַבער דעם פריהשטיק ערשט אויף עלף אַזייגער בעשטעלט, וועלען מיר מוזען אַזוי לאַנג וואַרטען. ביטע, זעצט אייך!

עס איז געוואָרען שטיל, אונהיימליך שטיל.

— ס'געהט אַ מלאך דורכ'ן צימער, — האָט אַגנעס געזאָגט.

— דאָס ביזטו געוועזען, — האָט רעהנהעלם געזאַגט, קושענדיג מיט ליידענשאַפטליך איהר האַנט.

פּאַלאַנדער האָט אויסגעזעהען, אַזוי ווי איינער וואָס איז פון פערד אַראָבגעפאַלען, אַבער ער שטרענגט זיך אָן ווידער אַרויף צו־קריכען.

— איך האָב היינט אין דער פריה אַ שפּין געזעהען, — האָט רעהנהעלם געזאָגט, — דאָס בעדייט גליק.

— „אַראַזשינע מאַטין: כאַרזשין“ האָט פּאַלאַנדער געזאָגט, קענסטו דאָס נישט?

— וואָס בעדייט דאָס? — האָט אַגנעס געפרעגט.

— אַ שפּין אין מאָרגען, איז קומער און זאָרגען.

— הם!

ס'איז ווידער שטיל געווארען, און דער רעגען וואס האט געגען פענסטער געפּאטשט, האט זיך געהערט, אנשטאט רעדען.

— לעצטע נאכט האב איך אזא אינטערעסאנטען טרויעריגען בוך געלעזען, — האט פאלאנדער ווידער אנגעפאנגען, אז איך האב כמעט די גאנצע נאכט נישט געקענט שלאפען.

— וואס פאר א בוך איז דאס געוועזען — האט רעהנהעלם גע־פרעגט, פיהלענדיג זיך אונרוהיג.

— ס'הייסט „פיעררע קלעמענט" און ס'האנדעלט פון די גע־וועהנליכע ווייבערישע געשיכטען, ס'איז אבער אזוי לעבעדיג פאר־געשטעלט, אז ס'האט אויף מיר געמאכט א לעבהאפטען איינדרוק.

— וואס מיינט מען דאס געוועהנליכע ווייבער־געשיכטען? — האט אגנעס געפרעגט.

— אונטרייע און פאלשהייט נאטירליך.

— און דיעזער פיעררע קלעמענט? — האט אגנעס ווייטער געפרעגט.

— איז זעלבסטפערשטענדליך בעטראגען געווארען. ער איז גע־ווען א יונגער מאלער וואס האט געליעבט אן אנדערענס געליעבטע...

— איצט דערמאן איך זיך, אז איך האב דעם ראמאן געלע־זען, האט אגנעס געזאגט, ער האט מיר זעהר געפאלען, האט זי זיך נישט פערלאבט דערנאך מיט איינעם וועלכען זי האט ווירקליך גע־ליעבט? יא, אזוי איז עס געווען, און צו דער זעלבער צייט האט זי די אלטע פערבינדונגען נישט איבערגעריסען, מיט דעם האט דער פערפאסער געוואלט צייגען, אז די פרוי קען אויף צוויי ארטען ליע־בען, און דער מאן נאר אויף איין ארט. דאס איז זעהר ריכטיג, נישט אמת?

— געוויס! דאן איז אבער געקומען דער טאג ווען איהר פער־לאבטער האט געגעבען א בילד צו דער אויסשטעלונג — קורץ און גוט — זי האט זיך איבערגעגעבען צום הויפּט דירעקטאר פון דער אויס־שטעלונג... כדי ער זאל איהר פערלאבטענס בילד מיט די ערשטע פרייז בעלוינען... פיעררע קלעמענט איז געווארען גליקליך, ער האט דעם ערשטען פרייז געוואונען — און האט געקענט הייראטען.

— מיט דעם וויל דער פערפאסער צייגען, אז די פרוי קען פאר דעם מאן וואס זי ליעבט אלץ אפּפערען, דער מאן אבער...

— דאָס איז דאָס שענדליכסטע וואָס כ'האָב אמאָל געהערט!
— האָט פּאַלאַנדער אויסגעשריגען.

ער איז אויפגעשטאַנען און איז צוגעגאַנגען צו זיין שרייב־טיש, האָט אויפגעעפענט האַסטיג א שיפלאַד און האָט פון דאָרט ארויסגע־נומען א שווארצען קאַסטען.

— דאָ האָסטו! — האָט ער געזאָגט און האָט אָנגעם'ן דער־לאַנגט דעם קאַסטען, — גיי אהיים און בעפריי די וועלט פון א שמוץ!...

— וואָס איז דאָס? — האָט אגנעס לאַכענדיג געזאָגט, זי האָט געעפענט דעם קאַסטען און האָט ארויסגענומען א זעקסלויפענדיגען רעוואָלווער — וואָס איז דאָס פאַר א שעהנע זאַך, האָסטו איהם נישט בענוצט אַלס קאַרל מאַר? יאַ, געוויס! איך דענק, אז ער איז גע־לאַדען.

זי האָט אויפגעהויבען דעם רעוואָלווער, האָט געציעלט געגען די וואַנט און האָט אויסגעשאָסען. דער שאָס האָט דומפּף אבגעקלונגען, רעהנהעלם האָט זיך דערשראָקען...

— בעהאַלט איהם צוריק, דאָס איז נישט קיין שפּיעלעכעל, מיי־נע פריינד!

רעהענהעלם איז געזעסען שטום, ער האָט אַלץ פערשטאַנען ער האָט אבער נישט געקענט קיין וואָרט ארויסרעדען. ער איז געווען אזוי פער'כושף'ט פון דער מיידעל, אז ער האָט צו איהר קיין שום פיינדליכען געפיהל נישט געקענט געפינען. יעדענפאַלס האָט ער גע־וואוסט, אז מען האָט איהם א מעסער אין האַרצען אריינגעשטאָכען, אבער דער שמערץ האָט נאָך קיין צייט נישט געהאַט, זיך איינצור־געפינען.

— ווילען מיר נאָך נישט געהן? — האָט אגנעס געזאָגט און האָט זיך פאַר'ן שפּיעגעל די האָר גוט געמאַכט.

פּאַלאַנדער האָט געעפענט די טיר און האָט געזאָגט:

— גיי! און נעהם מיט מיין קללה; דו האָסט די זעלען־פריע־דען פון אן עהרליכען מאַן פערניכטעט.

— פון וואָס פלוידערסטו? פערשליס נישט די טיר, ס'איז דאָ וואַרעם.

— אזוי, איך מוז מיט דיר דייטליכער רעדען? וואו ביזטו נעכ־טען אָווענט געוועזען?

— דאָס ווייסט העלמאר, און דאָס געהט דיך נישט אַן!

— דו ביזט נישט געווען ביי דיין טאַנטע; דו האסט צוזאמען מיט'ן הונטעשען דירעקטאר נאכטמאַל געגעסען!

— דאָס איז נישט אמת!

— ניין א זייגער האָב איך דיך אין ראטסקעלער געזעהען!

— דו זאגסט ליעגען! אין דער צייט בין איך געוועזען אין דער היים, דו קענסט פרעגען די טאַנטעס דיענסטמיידעל, זי האָט מיך אהיים געפיהרט!

— אזעלכעס האָב איך פון דיר נישט ערווארטעט!

— קענען מיר נישט דעם געשפּרעך ענדיגען, כדי מיר זאָלען שוין אמאָל אוועקגעהן! דו דארפסט בייגאכט נישט לייענען אזאלכע נארישע ביכער, ווייל בייטאג ביזטו אזוי ווי משוגע, טוהט זיך אָן די מאנטלען!

רעהנהעלם האָט זיך געמוזט ביים קאָפּ אָננעהמען, כדי צו פיהלען אויב ער זיצט נאָך אויפ'ן זעלבען ארט. דאָס גאנצע צימער האָט זיך מיט איהם געדרעהט אזוי ווי מיט א שיכור. ער האָט זיך איבערצייגט, אז אלץ איז אמת. ער האָט געזוכט א קלאָהרען געדאנק. עס זאָל איהם די פראגע אויפקלעהרען, ער האָט אבער נישט געפונען.

— וואו ביזטו געוועזען דעם 6טען יולי? — האָט פאלאנדער געפרעגט מיט א שטרענגע מינע פון א ריכטער.

— וואָס פאר א נארישע פראגען דו שטעלסט מיר, ווי אזוי קען איך זיך דערמאָנען, וואס ס'איז פאר דריי מאָנאטען געשעהען?

— דו ביזט געוועזען ביי מיר, און העלמאר'ן האָסטו געזאגט, אז דו ביזט געוועזען ביי דיין טאַנטע.

—הער איהם נישט, העלמאר, — האָט אגנעס געזאָגט גלעטענדיג רעהנהעלם'ן, —ער פלוידערט אזוי פיעל נארישקייטען.

אין זעלבען אויגענבליק, האָט זי רעהנהעלם אנגעכאפּט ביים האלז און שטיקענדיג זי, האָט ער איהר געגעבען א ווארף צום אויווען צו, זי איז געפאלען אויף א הויפען האלץ און איז אונבעווועגליך שטיל געבליבען ליגען.

ער האָט געכאפּט זיין הוט, פאלאנדער האָט איהם געמוזט העלפען דעם מאנטעל אנטהאָן, אזוי שטארק האָבען אלע זיינע גליעדער געציטערט.

— קום, לאָמיר געהן, — האָט ער געזאָגט, און אויסשפּייענדיג אויף די שטיינער פון׳ם אויוועז איז ער אוועקגעגאַנגען.

פּאַלאַנדער האָט אַן אויגענבליק געצעגערט, ער האָט אונטער־זוכט אַגנעס׳עס דעפּק און איז רעהנלעם׳ן נאָכגעגאַנגען, אונטען אין פאָרהויז האָט ער איהם דעריאָגט.

— איך בעוואונדער דיך, — האָט פּאַלאַנדער געזאָגט צו רעהנ־העלם׳ן, — דיין מוטה איז איבער אַלע ערוואַרטונגען.

— איך בעט דיך, רעד נישט מעהר פון דעם, מיר האָבען שוין נישט צופיעל צייט צוזאַמען זיך צו פרעהען, איך פאָהר מיט׳ן נעקס־טען צוג אַ היים, כדי צו ארבייטען און פערגעסען. לאָמיר געהן אין ראַטסקעלער, כדי מיר זאָלען זיך בעטויבען, אַזוי ווי דו רופסט עס.

קומענדיג אין ראַטסקעלער, האָבען זיי גענומען אַ פּריוואַט־צי־מער, אבער די קליינע צימערלעך האָבען זיי נישט געוואָלט.

באַלד זיינען זיי געזעסען ביי אַ גוט־בעזעצטען טיש.

— בין איך גרוי געוואָרען? — האָט רעהנהעלם געפרעגט, אָנ־נעהמענדיג זיך ביי די האָר, וואָס זיינען פייכט איבער׳ן שטערען אַראָבגעהאַנגען.

— ניין, מיין פריינד, גרוי ווערט מען נישט אַזוי שנעל, איך בין עס אויך נישט.

— האָט זי זיך עטוואָס צושלאָגען?

— ניין!

— אין דעם צימער איז דאָס געוועזן — צום ערשטען מאָל.

ער איז אויפגעשטאַנען פון טיש, ער איז צוגעגאַנגען צו דער כאַפּע, איז דאָרט געפאַלען אויף די קניה; ער האָט געלעגט זיין קאָפּ אויף די סאַפּע און האָט אויסגעבראָכען אין אַ געוויין, ווי אַ קינד וואָס וויינט אויף די מוטערס שויס.

פּאַלאַנדער האָט זיך געזעצט נעבען איהם און האָט גענומען זיין קאָפּ צווישען די הענט. רעהנהעלם האָט געפיהלט, אַזוי ווי עטוואָס אַ הייסער פייער־פונק איז געפאַלען אויף זיין האַלז.

— וואו איז די פילאָזאָפיע, מיין פריינד? אהער דאַמיט! איך טרענק זיך! אַ שטרוי גיב אהער! אַ שטרוי!

— אָרעמער, אָרעמער אינגעל!

— איך מוז איהר זעהען! איך מוז זי בעטען פערצייהונג! איך ליעב זי! נאָך אַלעמען! נאָך אַלעמען! האָט זי זיך עטוואָס צושלאָ־

גען? גאט אין הימעל, ווי קען מען לעבען און אזוי אונגליקליך זיין, ווי איך בין?!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דריי אזייגער נאך מיטאג, איז דעהנהעלם אוועקגעפאהרען מיט דעם צוג קיין שטאקהאלם, פאלאנדער אליין האט די וואגאן־טיר צו־געמאכט הינטער איהם.

## צוויי-און-צוואנציגסטעס קאפיטעל.

### שלעכטע צייטען.

דער הערבסט האט אויף פאר זעלען׳ן גרויסע ענדערונגען גע־בראכט. זיין הויכער בעשיצער איז געשטארבען, און אלע עראינע־רונגען אין איהם זענען פערטיליגט געווארען, אפילו די עראינערונגען אין זיינע טהאטען זאלען אויף איהם ניט איבערלעבען. דאס געהאלט וואס זעלען האט בעקומען, פערשטעהט זיך, איז געווארען צוריקגעצויגען, בעטען, האט ער נישט געוואלט געהן, ער האט געמיינט, אז נאכדעם ווי מען האט איהם שוין אמאל די האנט געגרייכט, דארף ער שוין נישט קיין אונטערשטיצונג. ער האט אבער אויך געמוזט צו־זעהען אז נישט בלויז איז זיין נשמה פערלאשען געווארען נאר אויך די קליינע פלאנעטען זיינע פערטונקעלט געווארען; כאטש ער האט אין דער צייט פון׳ם זומער דורך שטרענגען שטודיום זיין טאלאנט פערבעסערט, האט איהם אבער דער דירעקטאר פון דער אקאדעמיע ערקלעהרט, אז ער האט זיך פערערגערט, און זיין ערפאלג פון פריהלינג איז בלויז געווען א צופאל; דער פראפעסאר, פאר לאנדשאפטס־מא־לעריי, האט איהם אלס פריינד געזאגט, אז ער וועט קיינמאל גאר ניט ווערען; אויסערדעם, איז ביי די וואס האבען זיינע בילדער געקויפט, די אונוויסענדע־איינגערעדטע קונסט־פערשטעהער, ביי די קליינקע־פיגע רייכע, דער געשמאק אנדערש געווארען און עס האט זיי שוין זעלען׳ס בילדער ניט געפאלען.

ס׳זיינען געקומען שווערע צייטען פאר זעלען׳ן. ער האט זיך געדונגען אן אויפגעגעבענעם, פאטאגראפישעס אטעליער ערגעץ אין דער הויף אויף די רעגיערונגס־שטראסע, וועלכעס איז בעשטאנען, איין צימער מיט א פערפוילטען באדען און א לעבערדיגען דאך, — די לעכער זיינען אבער איצט ווינטער געווען פון שנעע פערדעקט. דאס פריהעריגע טונקעל־צימער, האט איצט געקענט נוצען פאר קוילען און האלץ, ווען ס׳איז געווען פאר וואס צו קויפען. דאס מעבעל איז

בעשטאַנען, פון א גארטען באנק, פון וועלכע ס'האָט זיך ארויסגע־זעהן די טשוועקעלעך, דיזעלבע באנק האָט אויך פאר דעם בעזיצער געגוצט אלס בעט, דאָס בעטצייג איז בעשטאַנען: פון א קאלדרע און אלטע שטיק לייווענט וואו א מאַפּ איז געווען אויסגעמאָהלען, ערגעץ אין א ווינקעל איז געווען א קראן אריינגעזעצט, דאָרט איז געווען די וואסער־לייטונג און דער אבגאס — דאָס האט גענוצט פאר די „טואַ־לעטע".

אין א קאלטען נאָכמיטאג, קורץ פון ווייגאכטען, איז זעלען גע־שטאַנען פאר זיין מאלער־געשטעל און האָט שוין געמאָהלען צום דריי־טען מאָל א נייע בילד אויף אן אלט שטיק לייווענט, ער איז ערשט פון זיין הארטען בעט אויפגעשטאַנען, די דיענסט איז נישט גע־קומען און האט נישט איינגעהייצט דעם אויווען, ערשטענס, ווייל ער האָט קיין דיענסט נישט געהאט, און צווייטענס, האָט ער נישט געהאט מיט וואָס צו הייצען, אויך זיי־נע קליידער האָט די דיענסט נישט אבגעפּוצט, און זי האָט איהם אויך נישט געברענגט קיין קאַפע. פון דעסטוועגען איז ער געשטאַנען פרעהליך און פייפענדיג א ליעדעל, האָט ער די פארבען אויף'ן ליי־ווענט געלעגט און האָט א בריאַליאַנטענעם זונען־אונטערגאנג גע־מאהלען. ס'האָט זיך געהערט פיער קלעפּ אין טיר, זעלען האָט נישט געצעגערט און האָט באלד געעפענט, אלע מאונטאַנוס איז אריינגע־קומען, זעהר איינפאך און לייכט אנגעטהאָן אָהן א מאַנטעל.

— גוט מארגען, אלע! ווי געהט עס? האסטו גוט געשלאָפען?

— איך דאנק דיר פאר'ן נאָכפרעגען!

— ווי שטעהט עס מיט דיין מעטאל געלד?

— אָ, שלעכט!

— און מיט די פּאַפּיער נאָטען?

— נאָך ערגער! נישטאָ מעהר!

—גלויבסטו אז עס ועט ווערען א שטרענגער ווינטער?

—איך האָב היינט אין דער פריה זעהר פיעל קראהען געזעהען, דאָס בעדייט א קאלטער ווינטער.

— דו האסט א מארגען־שפּאציער געמאַכט?

— די גאנצע נאכט בין איך ארומגעגאנגען, נאָכדעם ווי איך בין ביז צוועלף א זייגער געזעסען אין רויטען צימער.

— אזוי, דו ביזט נעכטען אוועגד דאָרט געוועזען?

— יא, און איך האב צוויי נייע בעקאנטשאפטען געמאכט: דאק־טאר בארג און לעווין.

— איך קען זיי. פאר וואס האסטו ביי זיי נישט געשלאפען?

— זיי זיינען געווען אביסעל שטאלץ געגען מיר, ווייל איך האב נישט קיין אויבער־ראק און איך האב זיך געשעהמט; א, איך בין אזוי מיעד, איך וועל זיך אויף אן אויגענבליק לעגען אויף די סאפע! איך בין דורך די גאנצע שטאדט געלאפען; היינט וועל איך ביי דעם מצבה־שלעגער ארבייט אננעהמען, אז נישט וועל איך שטארבען.

— איז דאס אמת, אז דו האסט אריינגעטרעטען אין דער ארבייטער־פעראיין „נארדשטערען"?

— יא, ס'איז אמת, זונטאג וועל איך ביי זיי האלטען א פאר־טראג, איבער שווערען.

— דאס איז זעהר א גוטע טהעמא!

— ווען איך וועל דא אויף די סאפע איינשלאפען, זאלסטו מיך נישט אויפוועקען, איך בין שרעקליך מיעד.

— שטער דיר נישט! שלאף נאר!

אין א פאר מינוטען ארום איז אלע געלעגען אין א טיעפען שלאף און האט געשנארכט.

— ארעמער טייוועל! — האט זעלען געזאגט, און האט איהם צוגעדעקט מיט דער איינציגער שאל וואס ער האט פערמאגט.

—איצט האט מען אויפ'ם נייע געקלאפט אין די טיר, זעלען האט זיך נישט געאיילט צו עפענען, מען האט שטארקער געקלאפט און זעלען האט געעפענט, ס'זיינען אריינגעקומען דאקטאר בארג און לע־ווין. בארג איז געווען דער ווארטפיהרער:

— איז פאלק דא?

— ניין!

— וואס פאר א האלץ־זאק ליעגט עם דא? — האט בארג גע־פרעגט און האט מיט זיינע שנעע־שטיוועל געציייגט אויף אלע'ן.

— דאס איז אלע מאנטאנוס.

— א, דאס איז דער שעהנער מענש וואס פאלק האט נעכ־טען אווענט געהאט ביי זיך. שלאפט ער נאך?

— יא, ער שלאפט.

— האט ער דא איבערגענעכטיגט?

— יא.

— פארוואס האָסטו נישט איינגעהייצט? דאָ איז שרעקליך קאַלט.

— ווייל איך האָב קיין האָלץ נישט.

— נו, לאָז ברענגען! וואו איז די דיענסט וועל איך זי שיקען נאָך האָלץ.

— איך האָב קיין דיענסט נישט.

— וועק אויף דעם אָקס, וואס שלאָפט דאָ, וועל איך איהם שיקען.

— ניין, לאָז איהם שלאָפען, — האָט זעלען געבעטען. — ער איז שרעקליך מיעד.

— נו, וועל איך דיך עפּעס אנדערש לערנען, איז אונטער די פּאדלאָגיע דאָ ערד, אדער שטיינדלעך?

— אויף דעם פערשטעה איך זיך שוין נישט — האָט זעלען גע־ענטפערט, זיך פארזיכטיג אוועקזעצענדיג אויף א פּאָר פּאפּיער טאָור־לען, וואס זיינען געלעגען אויפ'ן באדען.

— האָסטו נאָך אזא טאוועל?

— יאָ, וואס וועט זיין? — האָט זעלען געפרעגט אביסעל רויט ווערענדיג.

— איך דארף עס האָבען, און א פייער־צוואנג האָסטו אויך?

בארג האָט דאס פערלאנגטע בעקומען פון זעלען'ען, נישט ווי־סענדיג וואס יענער וויל טהאָן, האָט ער זיך אוועקגעזעצט אויף זיין מאהלער־שטוהל וואס איז געשטאַנען אויף די פּאפּיער־טאָוולען. בארג האָט אויסגעטהאָן זיין ראק, ער האָט מיט א צוואנג אויפגעבראכען אַ פערפוילט שטיק ברעט פון'ם באדען.

— דו ביזט דאָך א פערפלוכטער קערל! — האָט זעלען גע־שריגען. אזוי האָב איך אויף דער אוניווערזיטעט אין אופּסאלא גע־טהאָן — האָט בארג געזאגט.

— אבער אין שטאקהאָלם טהוט מען נישט אזוי!

— צום טייוועל מיט שטאקהאָלם! איך ווער געפרוירען און איך מוז האָבען פייער!

— נו, ברעכזשע נישט אויף דעם באדען אין מיטען צימער! דאס וועט מען דאָך באלד זעהען!

— וואס געהט עס מיך אָן אז מען וועט זעהען, איך וואהן דאָך דאָ נישט! אבער דאס איז צו הארט.

ער איז נעהנטער צוגעגאנגען צו זעלען׳ען און האָט איהם אומגע־וואָרפען מיט די שטוהל; ביים פאַלען האָט זעלען מיטגעשלעפּט די פּאַפּיער־טאַוולען, און ס׳האָט זיך ארויסגעזעהען דער צובראָכענער באָדען.

— אַזאַ שורקע! האָט דאָ אַ גאַנצען אוצר פון האָלץ און זאָגט גאָר נישט.

— דאָס האָט דער רעגען געמאַכט.

— ס׳גערט מיך נישט אָן, ווער ס׳האָט דאָס געמאַכט; איצט וועלען מיר פייער מאַכען.

מיט אַ פּאָר שטאַרקע ציה האָט ער אַ פּאָר שטיק ברעטער ארויסגעריסען און באַלד האָט אַ פייער געברענט אין אויווען.

לעווין איז איבער דער גאַנצער צייט געווען שטיל און העפליך, בארג האָט זיך אוועקגעזעצט ביים אויווען און האָט גליהענדיג גע־מאַכט די צוואַנג.

ווידער האָט עס געקלאַפּט אין די טיר, דריי מאָל קורץ און איינ־מאָל לאַנג.

— דאָס איז פאַלק, — האָט זעלען געזאָגט און האָט געעפענט. פאַלק איז אריינגעקומען, ער האָט אויסגעזעהען אביסעל צורודערט.

— דאַרפסטו געלד? — האָט בארג געפרעגט דעם אריינקומענ־דען, שלאָגענדיג זיך אויף די ברוסט־קעשענע.

— וואָס מיינסטו? — האָט פאַלק געענטפערט צווייפעלהאַפט.

— וויפיעל דאַרפסטו? איך קען עס דיר פערשאַפען.

— איז דאָס ערנסט? — האָט פאַלק געפרעגט, און זיין פנים איז געוואָרען העלער.

— ערנסט? הם! וויפיעל? די סומע זאָג! די ציפער!

— אַ זעכציג קראָנען וואָלט איך נעטיג געדאַרפט!

— אַזוי ווייניג? — האָט בארג בעמערקט און האָט זיך גע־ווענדעט צו לעווין׳ען.

— יאָ, דאָס איז זעהר ווייניג — האָט לעווין געזאָגט — נעהם מעהר אַזוי לאַנג דער בייטעל איז אָפען.

— ניין, דאָס וויל איך נישט! איך דאַרף נישט מעהר און איך קען זיך קיין גרעסערע שולד נישט מאַכען. איבעריגענס, איך ווייס נישט ווען איך וועל קענען בעצאָהלען.

— צוועלף קראָנען יעדער זעקס מאָנאַט, פיער־און־צוואַנציג

קראַנקע א יאהר אין צוויי ראַטען, — האָט בארג מיט בעשטימט־הייט געענטפערט.

— דאָס איז א ביליגע בעדינגונג, — האָט פאלק געזאָגט — וואו קריגט איהר דאָס געלד?

— אין די גארבעריי־באַנק! גיב אהער פּאַפּיער און טינט, לע־ווין.

לעווין האָט שוין ביי זיך געהאַט א וועקסעל, פּעדער און טינט, דאָס וועקסעל איז שוין געווען אויסגעשטעלט, ווען פאלק האָט גע־זעהען די צאָהל אכט הונדערט, — האָט ער א ווייִלע געצעגערט.

— אכט הונדערט קראָנען? — האָט ער פערוואונדערט גע־פרעגט.

— נעהם מעהר ווען דו ביזט נישט צופריעדען.

— ניין, איך וויל נישט; אין דער אמת'ן איז עס דאך אלץ איינס ווער ס'בעקומט דאס געלד, ווען ס'ווערט נאָר ריכטיג בע־צאָהלט, אבער קריגט איהר דאָס געלד אויף אזאלכע פּאַפּירען אָהן א זיכערהייט?

— אָהן זיכערהייט? דו האסט דאך אונז פאר גוט־זאָגער— האָט לעווין געענטפערט.

— איך וויל נישט זיין דאנגען, איך וועל אייך דאנקען וואס איהר זאגט גוט פאר מיר, איך גלויב אבער, אז ס'וועט נישט דורכגעהן.

— א, עס איז שוין בעוויליגט, — האָט בארג געזאָגט און האָט געצייגט פאלק'ן א בעוויליגונג־שיין — אלזא שרייב אונטער.

פאלק האָט אונטערגעשריבען זיין נאָמען, בארג און לעווין האָ־בען אזוי ווי פּאָליציי געקוקט אויף איהם.

— געריכט־אסעסאר, — האָט בארג דיקטירט.

— ניין, איך בין א ליטעראַט, — האָט פאלק געענטפערט.

— דאָס טויג נישט, דו ביזט אנגעמאָלדען אלס אסעסאר, און אלס אזעלכער שטעהסטו נאָך אין אדרעסען־בוך איינגעשריעבען.

— האָט איהר דאָס נאָכגעזעהען?

— אין אזעלכע זאכען מוז מען זיין שטרענגס, — האָט בארג ערענסט געזאָגט.

פאלק האָט אונטערגעשריבען.

— קום אהער, זעלען, וועסט זיין אן עדות! — האָט בארג בעפוילען.

—איך ווייס נישט, אויב איך מעג עס טהאָן, — האָט זעלען געענטפערט. — אין דרויטען אויף'ן דאָרף, האָב איך פיעל עלענד גע־זעהען פון אזאלכע אונטערשריפטען.

— דו ביזט נישט איצטער אין דאָרף און דו האסט נישט צו טהאָן מיט פויערן! שרייב, דו ביזט אַן עדות אַז פאלק האָט אליין זיין נאָ־מען אונטערגעשריבען, דאָס קענסטו דאָך טהאָן.

זעלען האָט אונטערגעשריבען.

— וועק אויף דעם אָקס דאָרט, זאָל ער אויך אונטערשרייבען.

ווען מען האָט אַלע'ן אומזיסט געשאָקעלט, האָט בארג גענומען די אויסגעגליהטע פייער־צוואנג, און האָט זי דעם שלאָפענדען גע־האַלטען אונטער די נאָז.

— שטעה אויף, די הונט, וועסטו קריגען צו עסען! — האָט בארג געשריגען.

אַלע איז אויפגעשפרונגען און האָט זיך די אויגען געריבען.

— דו זאָלסט אַן עדות זיין אויף פאלקס אונטערשריפט, דו פערשטעהסט?

אַלע האָט געשריעבען נאָך די דיקטאַנדע פון דיביידע גוטזאָ־גער, ער האָט זיך געוואָלט צוריקלעגען, אבער בארג האָט איהם צו־ריקגעהאַלטען.

— ניין, וואַרט נאָך, פאלק מוז נאָך שרייבען א שולד־שיין.

— שרייב נישט, פאלק — האָט אַלע געזאָגט. — דאָס געהט נישט גוט, עס מאַכט זאָרגען.

— שטיל, דו הונט! — האָט בארג געברילט, — קום אהער, פאלק! מיר האָבען פאַר דיר גוט געזאָגט, איצט זאָלסטו אונז א שולד־שיין געבען, אַז דו מוזט די אכט הונדערט קראָנען ביז דאמאָלס און דאמאָלס בעצאָהלען, דאָס הייסט עס איז נאָר בלויז אזוי פארמעל, דו ריזיקירסט גאָר נישט ביי דעם.

פאלק האָט אונטערגעשריבען און די ביידע עדות אויך.

בארג האָט פּינקטליך צוזאַמענגעלעגט די אונטערגעשריבענע פּאַפּירען און האָט זיי איבערגעגבען לעווין'ען, יענער האָט זיך באלד געווענדעט צו דיר טיר.

— אין א שטונדע מוזטו צוריקקומען מיט'ן געלד, — האָט בארג געזאָגט — אַז נישט וועל איך דיך מיט פּאָליציי לאָזען אויפזוכען.

ביי דעם איז ער אויפגעשטאַנען און האָט זיך צופריעדען אוועקגעלעגט אויף די סאפע וואו אלע איז פריהער געלעגען.

אלע איז צוגעגאנגען צום אייווען, האָט זיך ארונטערגעלאָזען אויפ'ן באָדען און האָט זיך איינגעקאָרטשעט ווי א הונט.

א ווײַלע האָט געהערשט א שווייגען.

— הער נאַר, אַלע, ווען מיר זאָלען אזא פּאַפּיער אונטערשרייבען.

— וועט איהר געהן אין רינדא, — האָט בארג געזאָגט.

— וואס איז דאָס רינדא? — האָט זעלען געפרעגט.

—דאָס איז א שטראָף־אַנשטאַלט.

— איך מיין ערענסט, — האָט פאלק געפרעגט — וואס געשעהט ווען מען בעצאָהלט נישט אין צייט?

— דאַן לייהט מען זיך אויפ'ס נײַי אין די שניידער באַנק — האָט בארג געענטפערט.

— פאַר וואס לייהט איהר נישט אין די רייכסבאַנק? — האָט פאַלק ווייטער געפרעגט.

— ווייל די באַנק איז נישט גוט.

— פערשטעהסטו דאָס? — האָט אלע געזאָגט צו זעלען'ען.

— נישט א וואָרט! — האָט זעלען געענטפערט.

— איהר וועט עס אמאָל לערנען, ווען איהר וועט זיין אין דער אקאַדעמיע און אייער נאָמען וועט שטעהן אין אַדרעסען־בוך!...

דריי-און-צוואַנציגסטעס קאַפּיטעל.

## אַ ד ו ע נ צ ע ן.

אין א פריה־מאָרגען, א טאָג פאַר ווייהנאַכטען איז ניקאָלאוס פאלק געזעסען אין זיין קאַנטאָר. ער איז שוין געוועזען אביסעל פערענדערט. די צייט האָט זיינע בלאַנדע האָר פון'ם קאָפּ אביסעל ווייס געמאַכט, און די נישט ערפילטע עהרגייציגע ליידענשאַפטען, האָבען איבערגעלאָזט צייכענס אויף זיין פּנים. ער איז געזעסען איבער א שמאָל ביכעלע א פערטראַכטער און האָט מיט א שרייב־פעדער געשטאָכען אויף פּאַפּיער אזוי ווי ער זאָל וועלען עפּעס א צייכנונג אויסשטעכען.

עס האָט געקלאַפּט אין טיר. ער האָט שנעל בעהאַלטען דאָס ביכעל און האָט זיך גענומען די מאָרגען־צייטונג און ווען זיין פרוי איז אריינגעקומען איז ער געווען פערטיעפט אין לעזען

— זעץ דיך — האט פאלק געזאגט.

— ניין, צו דעם האב איך קיין צייט נישט! האסטו געלעזען די מארגען־צייטונג?

— ניין!

— אט לייענסטו דאך.

—איך האב טאקע ערשט אנגעפאנגען!

— האסטו שוין אודאי געלעזען די אנצייגע וועגען ארווידס גע־דיכטע?

— יא, כ'האב געלעזען.

— ער איז זעהר געלויבט געווארען.

— דאס האט ער אליין געשריבען.

— דאס האסטו נעכטען אויך געזאגט, ווען דו האסט געלייענט די „גרויהויבע".

— וואס ווילסטו אייגענטליך?

— איך האב ערשטע געטראפען די פרוי ארמיראלין, זי דאנקט פאר די איינצאהלונג און פרעהט זיך זעהר, וואס זי וועט זיך צוזאמענ־טרעפען מיט דעם יונגען דיכטער.

— האט זי דאס געזאגט?

— יא, אזוי האט זי געזאגט?

— הם! מ'קען אמאל א טעות האבען, איך האב גאר נישט גע־מיינט אזוי ווען איך האב עס געזאגט; דו ווילסט אודאי ווידער געלד האבען?

— ווידער? ווען האב איך דען די לעצטע צייט געקראגען?

— דא האסטו! אבער איצט געה! און פאר ווייהנאכט זאלסטו שוין מעהר קיין געלד נישט פערלאנגען, דו ווייסט, ס'איז געווען א שלעכט יאהר.

— ניין, דאס ווייס איך איבערהויפט נישט! אלע מענשען זא־גען, אז ס'איז געווען א גוט יאהר.

— פאר דעם לאנד־ווירט, אבער נישט פאר די פערזיכערונגס־געזעלשאפטען. אדיע!

פרוי פאלק איז אוועקגעגאנגען און ס'איז אריינגעקומען פריטץ לעווין. ער איז פארזיכטיג אריינגעקומען, אזוי ווי ער זאל פאר עפעס זיך שרעקען.

— וואס ווילסטו? — האט איהם פאלק בעגריסט.

— אַ, גאַרנישט, כ׳בין פערבייגעגאַנגען, האָב איך דיר געוואָלט זאָגען גוט מאָרגען.

— דאָס איז גוט, איך האָב געוואָלט גראָד מיט דיר רעדען.

— אַך, אַזוי!

— דו קענסט דעם יונגען לעווי׳ן?

— יאָ, זיכער!

— לעז דאָס פּאַפּיער הויך!

לעווין האָט הויך געלעזען:

„גרויסאַרטיגע נדבה“

אין דער איצטיגער צייט אַ זעלטענהייט, דער גרויסהענדלער, קאַרל ניקאָלאַוס פאַלק האָט געשענקט, פאַר די קינדער־קריפּעל אינס־טיטוט בית־לחם 20,000 קראָנען, איין העלפט איז גלייך אויסגע־צאָהלט געוואָרען, און די צווייטע, וועט בעצאָהלט ווערען נאָך זיין טויט, די נדבה איז פון אַ זעהר גרויסען ווערטה, ווייל די פרוי פאַלק איז געוועזן איינע פון די גרינדער פון דעם אנשטאַלט.

— טויג דאָס צו עטוואָס? האָט פאַלק געפרעגט:

— אויסגעצייכענט, צו ניי־יאָהרע וועסטו קריעגען אַ אָרדען.

— דו וועסט איצט געהן צו די דירעקציאָן, דאָס הייסט צו מיין פרוי, מיט דער אנצייגע און מיט׳ן געלד, דערנאָך וועסטו מיר אויפזוכען דעם יונגען לעווי, פערשטעהסט?

— זיכער!

פאַלק האָט איהם דערלאַנגט די אַנצייגע, געשריבען אויף האַרטע פּאַפּיער, און די סומע.

צעהל נאָך אויב ס׳איז ריכטיג דאָ, האָט פאַלק געזאָגט.

לעווין האָט אויפגעריסען אַ פּאַק פּאַפּיער, און האָט געמאַכט גרויסע אויגען. ס׳איז געוועזן פינפציג גרויסע בויגען מיט ליטאָגראַפישע אַרבייט פון פערשיעדענע פאַרבען.

— איז דאָס געלד? האָט ער געפרעגט.

— דאָס איז ווערטהפּאַפּיערען, האָט פאַלק געענטפערט, פינפ־ציג אַקציעס צו 200 קראָנען פון די געזעלשאַפט טריטאָן, און דאָס שענק איך פאַר די קריפּעל אינסטיטוט בית־לחם.

— אהא, זיי וועלען איצט פאַלען, ווייל די שיפען זוילען מעהר די פּרעמיומס נישט בעצאָהלען.

דאָס האָב איך נישט געזאָגט, האָט פאָלק געענטפערט מיט א בייזען שמייכעל.

— און ווען יאָ, וועט די אינסטיטוט זיך מוזען ערקלערען אין באַנקראָט.

— וואָס געהט מיך אָן און דיך נאָך ווענינער. איצט נאָך עפּעס. דו מוזט — דו ווייסט, וואָס איך מיין, ווען איך זאָג, דו מוזט . . .

— איך ווייס, איך ווייס, — כ'בין דאָך עפּעס דיין בעל חוב... נאָר ווייטער, ווייטער !

— דו מוזט זעהען, אז ארוויד זאָל אהער קומען צו דעם באַנ־קעט וואָס איך מאַך דעם דריטען פרייטאָג פון היינט.

— כ'וואָלט גיכער געקענט אהער ברענגען דעם טויטען קער־פּער פון א ריעז, זעהסטו שוין, ווי גוט ס'איז געווען וואָס איך האָב דאמאָלס נישט געזאָגט וואָס דו האָסט מיך געהייסען, האָב איך נישט געזאָגט, אז אזוי וועט זיין ?

—האָסטו אזוי געזאָגט ? האַלט דיין מויל, צום טייוועל ! און טו וואָס איך הייס דיר ! נאָך עטוואָס, איך האָב ביי מיין פרוי בעמערקט געוויסע סימפּטאָמען פון חרטה, פאר וואָס מיר זיינען ברוגז מיט איהר משפּחה, זי האָט זיך אודאי צוזאמענגעטראָפען מיט איהר מוטער אָדער שוועסטער, איצט איז עפּעס אזא שטימונגס־צייט זיי קענען זיך נאָך איבערבעטען, געה דאַרט אהיען און הייץ אונ־טער.

— דאָס איז נישט קיין אנגענעהמער אויפטראַג . . .

— מאַרש ! דער נעכסטער מאַן . . .

לעווין איז אוועקגעגאַנגען, און דורך א זייטען טיר : איז אריינגעקומען, דער מאַגיסטראַטאָר ניסטרעם, איצט איז די מאָרגען־צייטונג פערשוואונדען און דאָס שמאָלע ביכעל איז שוין געלעגען אויפ'ן טיש.

ניסטרעם האָט זעהר טרויריג אויסגעזעהען, זיין קערפּער איז נאָך מאָגערער געוואָרען און זיינע קליידער זיינען געווען שטאַרק אָב־געטראָגען. ער איז געבליבען שטעהען ביים טיר, נידערגעשלאָגען, ער האָט ארויסגענומען אָן אבגענוצטע בריעף־טאַש און האָט געוואַרט.

— קלאָר ? — האָט פאָלק געפרעגט ציינענדיג מיט'ן פינגער אויפ'ן ביכעלע.

— קלאָר ! האָט ניסטרעם געענטפערט און האָט אויפגעמאכט די בריעף־טאַש.

— נומער 26, לייטנאַנט קלאַג : 1,500 קראָנען. בעצאָהלט ?

— ניין, נישט בעצאָהלט.

— וועט ווערען פערקלאָגט מיט שטראָף צינזען און פראָצענט. מוז אויפגעזוכט ווערען אין זיין הויז.

— ביי זיך אין הויז לאָזט ער קיינעם נישט צו.

— מען שטראַשעט איהם דורך די פּאָסט, אז מען וועט קומען צו איהם אין די קאַסערען — נומער 27, ריכטער דאהלבערג : 800 קראָנען, לאָז זעהען, ער איז א זוהן פון'ם גרויס הענדלער וואָס ווערט געשאַצט אויף 35000 קראָנען, ווערט פערלענגערט ווען ער וועט בע־צאָהלען די צינזען, זאָלסט איהם קוקען אויף די פינגער.

— ער וועט קיינמאָל נישט די צינזען בעצאָהלען.

—שרייב איהם אן אָפּען קאַרטעל אין געריכט אריין, — נומער 28, קאַפּיטאַן שטערנבארם : 4000 קראָנען, אָט דאָ האָבען מיר דעם בחור ! נישט בעצאָהלט ?

— נישט בעצאָהלט.

— שעהנע זאכען ! מען מוז איהם אום צוועלף א זייגער אויף די וואך אויפזוכען.

— ס'העלפט נישט, כ'בין שוין דאַרט געווען.

— ווערסטו געהן צו זיינע גוט־זאָגער.

—כ'בין שוין געווען ביי זיי, זיי האָבען מיך געשיקט צום טייוועל, זייער גוט זאָגען איז נאָר בלויז געווען א פאָרמאַלע, האָבען זיי געזאָגט.

זאָלסטו מיטוואָך נאָכמיטאָג געהן צו די דירעקציאָן פון די „טריטאָן“, נעהם מיט אנדערסאָנ'ן, וועט איהר זיין צוויי.

— דאָס איז שוין געשעהען.

— נו, ווי האָט אויסגעזעהען די דירעקציע ? האָט פאַלק גע־פרעגט און געווינקען מיט די אויגען.

—די דירעקטאָרען, האָבען זשענירט אויסגעזעהען.

— אזוי איז דאָס אמת ? און ער אליין ?

— ער האָט אונז ארויסגעפיהרט אין פאָר־הויז און האָט אונז געזאָגט, אז ער וועט בעצאָהלען, ווען מיר וועלען איהם פערשפּרעכען, אז מיר זאָלען איהם שוין דאַרט נישט אויפזוכען.

— אהא ! זיצט דארט צוויי שטונדען אין וואך און נעהמט 6000 קראנען א יאהר, ווייל ער הייסט שטערענבארסט, לאז זעהן, היינט איז שבת! דו זאלסט דארט זיין פונקט איינס א זייגער נאכמי־טאג אז דו ווערסט מיך דארט זעהען; זאלסט דיך נישט מאכען וויסענ־דיג אויב דו קענסט מיך, פערשטעהסט, האסט עפעס נייע קונדען?

— יא, פינף־און־דרייסיג.

— יא, יא, מארגען איז וויינאכטען.

פאלק האט איבערגעקוקט די נייע שולד־שיינען, א שמייכעל האט באוואויגען זיינע ליפען און איינציגעסווארט האט זיך פון זיין מויל ארויסגעריסען.

— מיין גאט ! איז מיט איהם אזוי וויט געקומען. דער — דער — וואס איז אזוי גוט געשטאנען ! יא, יא, ס'קומען שלעכטע צייטען . . . אזוי, ער דארף אויך געלד ? נא, וועל איך שוין זיין הויז קויפען . . .

ס'האט געקלאפט אין טיר, פאלק האט שנעל צוגעמאכט דעם שרייב־טיש, אלע פאפיערען זענען פערשוואונדען און ניסטרעם איז ארויסגעגאנגען דורך די זייטען טיר.

— איינס א זייגער, האט איהם פאלק שטיל נאכגערופען ! האסטו פארטיג דאס געדיכט ?

— יא, האט ניסטרעם געענטפערט.

— גוט ! האלט גרייט לעווין'ס וועקסלען. כ'וועל איהם אמאל אבלערנען, ער איז פאלש, דער טייוועל !

ער האט צורעכטגעמאכט זיי קראוואט, ער האט ארויסגערוקט די ווייסע מאשעטען פון די העמד־ארבעל און האט געעפענט די טיר צום פאר־צימער.

— זעה נאר, זעה ! הער לונדעל, גוט מארגען ! ביטע, קומט נעהנטער ! ווי געהט עס ? איך האב מיך אן אויגענבליק איינ־געשלאפען.

ס'איז ווירקליך געוועזען לונדעל, ער איז געוועזען אנגעטהאן ווי א געשעפטס־מאן, נאך דער לעצטער מאדע : א גאלדען קייטעל, א רינג, האנט־שוה און קאלאשען.

— איך שטער אייך אפשר, הער גרויסהענדלער ?

— ניין, נישט דאס מינדעסטע ! דענקט איהר הער לונדעל, אז איהר וועט עס פערטיג האבען ביז מארגען ?

— איז אזוי נויטיג, אז מאָרגען זאָל עס פאַרטיג זיין ?

— אונבעדינגט ! איך מאך א באנקעט לכבוד דער קריפּעל־אנשטאַלט בית־לחם און מיין פרוי וועט דאָס בילד אין דעם טאָג איבערגעבען כדי ס׳זאָל קענען הענגען אין עס־צימער.

— נא ! וועט קיין שטערונג זיין, האָט לונדעל געענטפערט, ער האָט פון פאַר־צימער אריינגעבראַכט א מאָהלער־געשטעל מיט א באלד פאַרטיגעס בילד, וועט איהר אן אויגענבליק זיצען, הער גרויסהענדלער, וועל איך די לעצטע שטריכען מאָהלען.

— זעהר גערן, ביטע !

פאלק האָט זיך אוועקגעזעצט אויף א שטוהל, ער האָט פער־וואָרפען איין פוס איבער׳ן צווייטען, האָט אָנגענומען די האלטונג פון א שטאַטסמאַן און האָט געמאַכט א פאָרנעהמע מינע. — איך בעט אייך, רעדט עטוואָס, הערר גראָסהענדלער, אייער פּנים איז אזוי אויך גענוג אינטערעסאַנט, אָבער כדי צו מאַכען אמת׳ע שטריכען זיי זאָלען אויסדריקען אייער כאראַקטער, איז בעסער איהר זאָלט רעדען.

פאלק האָט געהאַט פערגעניגען פון לונדעל׳ס ווערטער, זיין פּנים האָט אויפגעלייכט.

— הער לונדעל, איהר וועט זיין צו אונזער באַנקעט וואָס איך מאַך דעם דריטען פרייטאָג.

— מיין בעסטען דאַנק . . . .

— איהר וועט קענען דאָרטען שטודירען די פּנים׳ער פון די העכסטע מענער, וועלכע פערדיענען אפשר גיכער געמאָהלט צו ווערען ווי איך.

— אפשר וועל איך די עהרע האָבען זיי צו מאָהלען ?

— גאנץ זיכער, אז איך וועל נאָר א גוט וואָרט זאָגען פאַר אייך.

— וועט איהר עס אמת׳דיג טהאָן ?

— גאנץ זיכער !

— אָט זעה איך א נייעם צוג, איך בעט אייך בלייבט אזוי זי־צען, אזוי ! פאַרטרעפליך ! איך האָב מורא, אז ס׳וועט נעהמען דעם גאנצען טאָג, ווייסט איהר, הער גראָסהענדלער, אז ס׳איז נאָך דאָ פיעל קלייניגקייטען צו מאַכען, אזעלכע וואָס מען קען נאָר ביי דער ארבייט ענטדעקען, אייער פּנים האָט אזעלכע רייכע אינטערע־סאַנטע ציגע.

— נאַ, נאַ, וועלען מיר ערגעץ וואו עסען צוזאַמען, מיר וועלען מעהר צוזאַמען פערקעהרען, הער לונדעל, כדי איהר זאָלט האָבען א געלעגענהייט, מיין פּנים בעסער צו שטודירען, פאַר א צווייטעם בילד. איך מוז אייך דעם אמת זאָגען, אז ווייניג מענשען האָבען אויף מיר אזא גוטען איינדרוק געמאַכט, ווי איהר, הער לונדעל . . .

— אַ, איך דאַנק אייך, הער גרויסהענדלער !

—און איך מוז אייך זאָגען, מיין הער, אז מיינע אויגען זעהען שאַרף און איך קען אונטערשיידען פון׳ם אמת ביז צו חנופה.

— דאָס האָב איך גלייך דערקענט אין אייך, האָט לונדעל געענטפערט, מיין בערוף האָט מיך אויסגעלערנט, אז איך זאָל קענען איבער מענשען אורטיילען.

— איהר האָט א בליק; ליעבער הערר לונדעל ! אמת ניט יעדער קען מיך אורטיילען, מיין פרוי צום ביישפּיעל . . .

— דאָס קען מען פון פרויען נישט פערלאַנגען.

— ניין, נישט דאָס מיין איך ! — אָבער, אפשר וועט איהר טרינקען א גוט גלאָז וויין ?

— איך דאַנק אייך, הערר גרויסהענדלער, אָבער מיין נאַטור איז, נישט צו טרינקען ווען איך אַרבייט . . .

— דאָס איז גאַנץ ריכטיג, איך רעספּעקטיר אזא נאַטור. — אָבער ווען איך אַרבייט נישט טרינק איך גערען א גלאָז וויין.

— פּונקט אזוי ווי איך !

דער זייגער האָט געקלונגען, איינס. פאַלק איז אויפגעשפּרונגען.

— איהר וועט מיר ענטשולדיגען, איך מוז אויף א קורצע ווייַלע וועגען געשעפטס-אַנגעלעגענהייט אַוועקגעהן.

— זיכער, זיכער, געשעפטען קומען אלע מאָל צוערשט !

פאַלק האָט זיך אַנגעטהון דעם מאַנטעל און איז אַוועקגעגאַנגען, לונדעל איז אַליין געבליבען אין קאַנטאָר.

ער האָט זיך פערריכערט א ציגאַר און האָט זיך אַוועקגעשטעלט פאַר׳ן בילד, פערטראַכטענדיג זיך, ווי אַנדערש די לעצטע צייט איז געוואָרען . . .

## פיער-און-צוואַנציגסטעם קאַפּיטעל.

### איבער שוועדען.

מען האָט שוין געהאַלטען ביים צושפּייז, דער שאַמפּאַניער האָט

געפונקעלט און די גלעזער, אויף וועלכע די ליכט שטראַהלען פון די זילבערנע לייכטער האָבען געוואָרפען אויף זיי. דער גרויסער זאַל ביי ניקאָלאוס פאַלק איז געוועזן פול מיט די פאַרנעהמסטע געסט, ארוויד פאַלק, וואָס צו עהרע איהם, האָט זיין ברודער געמאכט דעם באַנקעט. איז געזעסען אזיוועז אַז, און האָט פון אלע זייטען עמפּפאַנגען האַנט־דריקען, קאָמפּלימענטען און גליק־וואונשען. אלע האָבען אנטהייל גענומען אין זיין ערפאָלג.

— אסעסאר פאַלק ! איך האָב די עהרע ! האָט געזאָגט דער פּרעזידענט פון'ם קאָלעגיום פאַר אויסבעצאָהלונג פון בעאַמטען גע־העלטער, און האָט צו איהם פריינדליך מיט'ן קאָפּ געשאָקעלט.

פאַלק האָט דעם קאָמפּלימענט רוהיג צוגענומען.

— פאַר וואָס שרייבט איהר אַזאַלכע טרויריגע ליעדער ? האָט עפרעגט א יונגע שעהנהייט, וואָס איז געזעסען אין דער רעכטער ייט פון'ם דיכטער.

— אסעסאר פאַלק ! דאַרף איך טרינקען אויף אייער געזונד, האָט דער שעף־רעדאַקטאָר פון די „גרוי־הויבע" געזאָגט און האָט זיך געגלעט זיין בלאָנדע באָרד, פאַר וואָס שרייבט איהר נישט פאַר אונזער צייטונג ?

— איך גלויב נישט, אז איהר וועט דרוקען דאָס וואָס איך שרייב, האָט פאַלק געענטפערט.

— איך וויים נישט, וואָס ס'זאָל אונז אָבהאַלטען !

— די אנזיכטען !

— אַך ! דאָס איז נישט אזוי געפעהרליך, מען גלייכט זיך אוים. מיר האָבען נישט קיין אנזיכטען.

— לחיים, פאַלק ! — האָט לונדעל געשריגען אויפגערעגט איבער'ן טיש, לחיים !

לעווי און בארג האָבען איהם געמוזט צוריקהאַלטען, ער זאָל נים קיין רעדע האַלטען. ס'איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס ער האָט זיך געפונען אין אזא געזעלשאַפט, די געלענצענדע פערזאַמלונג און די רייכע זאכען וואָס מען האָט צום טיש געגעבען האָבען איהם בע־רוישט, נאָר ווייל אלע געסט זיינען געווען גייסטיג העכער געשטימט, האָט ער גליקליכערווייזע נישט קיין אויפזעהען געמאכט מיט זיין אויפפיהרונג.

ארוויד פאַלק האָט זיך געפיהלט ווארעם ביים אנבליק פון דיע־

זע מענשען, וועלכע האבען איהם ווידער אין זייער געזעלשאפט אויפ־גענומען, אהן אן ערקלערונג און אהן א פערלאנג, אז ער זאל זיך ענט־שולדיגען פון זיין פריהריגע אויפפיהרונג, ער האט געהאט א גע־פיהל פון זיכערהייט צו זיצען אויף דיעזע אלטע שטוהלען, וועלכע זענען אמאל זיין היים געוועזען. מיט א מין וועה האט ער דערקענט די אלע גרויסע זאכען וואס זענען געשטאנען איצט אויפ'ן טיש, אזוי היימליך האט יעדער זאך צו איהם געוואונקען... אבער די פיעלע נייע מענשען האבען איהם צורודערט, ער האט זיך נישט געלאזט אב־נארען פון זייערע פריינדליכע קאמפלימענטען, זיי ווינשען איהם טא־קע נישט קיין שלעכטס, אבער דאס אלץ איז פאלש עפעס אזוי ווי זיי זאלען מוזען אזוי זיין.

חוץ דעם האט איהם דער גאנצער פעסט אויסגעזעהען ווי א מאסקען־באל, וואס פאר א געמיינשאפטליכעם האט דער פראפעסאר בארג, דער מאן מיט דעם גרויסען וויסענשאפטליכען נאמען, מיט זיין אנגעבילדעטען ברודער ? בלויז ווייל זיי בעלאנגען אין דיי־זעלבע אקציען־געזעלשאפט . . . וואס טוהט דא דער שטאלצער קא־פיטאן גילענבארסט ? איז ער אהער געקומען עסען ? אנמעגליך! און דער פרעזידענט ? דער אדמיראל ? וואס טהון זיי אלע דא ? איז דאס נישט עפעס געהיימניספולע צוגעבונדענקייט, אפשר זע־נען זיי געצוואונגענער הייט דא.

די פרייד פון אלעמען איז הויך געשטיגען, אבער דאס לאכען האט געקלונגען פאלש, מען האט געזאגט וויצען, אבער זיי זענען זויי־ער געוועזען. פאלק האט זיך שלעכט געפיהלט, קוקענדיג אויף זיין פא־טערס בילד, וואס האט געהאנגען איבער די פיאנא, האט זיך איהם גע־דאכט, אז ער קוקט בייז אראב צו דער גאנצער געזעלשאפט.

ניקאלאוס פאלק האט געשטראהלט פאר צופריעדענהייט, ער האט קיין שום אנגענעהמעס נישט געהערט און נישט געזעהען, ער האט אבער פערמידען ווי וויים מעגליך, אז זיינע בליקען זאלען זיך נישט צוזאמענטרעפען מיט זיין ברודערס, ער האט נאך מיט איהם קיין ווארט נישט ארויסגערעדט, וויל ארוויד האט אזוי געטהון ווי לעווין האט איהם געהייסען, און ער איז ערשט געקומען ווען אלע געסט זע־נען שוין געווען אנוועזענד.

דאס עסען איז שוין געווען צו ענדע, ניקאלאוס פאלק האט גע־האלטען א רעדע איבער : „די אייגענע קראפט און שטארקען ווי־

לען" וואס פיהרען דעם מענש צו זיין ציעל. „ווירטשאפטליכע־
אָנאבהענגיקייט" און געזעלשאפטליכע־שטעלונג" „דאָס אלץ" האָט
דער רעדנער געזאָגט, גיט איינעם זעלבסט־געפיהל און כאראקטער
און די פעסטקייט, אָהן וועלכע מיר קענען גאָר נישט עקזיסטירען, מיר
שטרעבען דאָך אלע צו אלגעמיינע וואָהל און צופריעדענהייט! איך
טרינק צום געזונד מיינע געעהרטע געסט, וואס האָבען היינט מיין הויז
מיט זייער אנוועזענהייט בעערט, און איך האָף אז זיי וועלען נאָך
אָפט מאָל מיר די עהרע צוטיילען!

קאַפּיטאַן גילענבאַרסט וועלכער איז שוין געווען אביסעל בע־
טרונקען האָט אויף דעם געענטפערט מיט א וויציגע רעדע, ווען ס'וואָלט
געווען אן אנדערע שטימונג, און אין אן אנדערען הויז, וואָלט מען
עס גערופען א סקאַנדאַל רעדע.

ער האָט געשימפּפט אויף דעם סוחר'שען גייסט, וואָס איז אזוי
קליינליך און פערדאָרבען און דאָך האָט ער א געוויסע מאכט אין דער
געזעלשאַפט, גראדע היינט האָט ער געמוזט אזא געשעפט ערלעדיגען
פון וועלכען ס'האָט איהם געעקעלט — פון דעסטוועגען האָט ער
זיך נישט אָבגעזאָגט פון צו זיין אויף דעם באַנקעט, און וואָס אָנ־
בעלאַנגט די איצטיגע געזעלשאַפט, איז זי אזוי גוט ווי אלע אנדערע,
און איז מיט דער מיינונג, אז ס'איז איהם אן עהרע צו זיין ביי די־
זען טיש און צו זיין א גאַסט ביי דעם גוטען בעל־הבית.

ווען ער האָט געענדיגט, האָט די געזעלשאַפט לייכטער אבגע־
אָטעמט, מען האָט געהאַט דאָס געפיהל, אזוי ווי עפּעס א שווערער
וואָלקען איז פאַראיבער געגאַנגען" האָט די שעהנע בעמערקט צו אר־
וויד פאַלק, און ער האָט צו דעם צוגעשטימט.

אזוי פיעל ליגען, אזוי פיעל פאַלשקייט האָט זיך געפיהלט אין
דער לופט, ער האָט געזעהען, אז דיזע מענשען, וואָס זענען גאַנץ
זיכער עהרליך און אכטענס־ווערט זיינען אלע אין א געהיימע קייט
פערבונדען, וואָס אָפטמאָל בייסען זיי מיט כעס און קענען זיך נישט
בעפרייען.

אויפגערעגט און אָנצופריעדען, האָט ארוויד אָנבעמערקט פערלאָ־
זען די געזעלשאַפט און איז אוועקגעגאַנגען.

אונטען אויף דער גאַס האָט געוואַרט אָלע.

— איך האָב אמת'דיג נישט געגלויבט, אז דו וועסט קומען,
ס'איז דאָך אויווען אזוי שעהן בעלייכטעט.

— אזוי, נאר דורך דעם ? איך וואלט געוועז וועלען, אז דו זאלסט געוועז זיין דאביי.

— נא, ווי קוקט אויס לונדעל אין אזא פיינע געזעלשאפט ?

— זיי איהם נישט מקנה, ער וועט שוין ביטערע טעג דערלעבען, ווען ער וועט זיין וועג געהן אלס א פאטרעטען מאהלער. אבער לאָ־מיר פון עפּעס אנדערש רעדען, איך האב אמת'דיג נאך דעם היינטיגען אָוועגט געבענקט, ווען איך וועל די ארבייטער זעהען פון דער נאָהנט. א ! איך דענק, אז ס'וועט זיין ווי פרישע לופט, נאך דער דאָזיגער שטיקעניש, מיר דאכט זיך, אזוי ווי איך זאל דארפען געהן אין א וואלד, נאך א לאנגע, לאנגע קראנקהייט . . . וועט מיר דיעזע אילוזיע אויך גערויבט ווערען ?

— דער ארבייטער געטרויעט קיינעם נישט, דו מוזט זיין פאר־זיכטיג.

— איז ער עדעל ? איז ער פריי פון קליינליכקייטען ? אדער האט איהם דער שטענדיגער דרוק, אויך פערדארבען ?

— דו וועסט זעהען. ס'איז אזוי פיעל אנדערש אויף דער וועלט ווי מען שטעלט זיך פאר.

— יא, ליידער איז אזוי !

אין א האלבער שעה שפעטער זענען זיי שוין געוועז אין דעם גרויסען זאל פון'ם ארבייטער פעראיין נארדשטערן, וואו פיעלע אר־בייטער זענען שוין געוועז פערזאמעלט. פאלקס שווארצער פראק האט נישט געמאכט קיין גוטען איינדרוק, און ער האט ערהאלטען מאנכע פריינדליכע בליקען פון פינסטערע געזיכטער.

אלע האט פארגעשטעלט פאלק'ן פאר א לאנגען, מאגערען הוס־טענדיגען מאן פון ליידענשאפטליכען אויסזעהען :

— סטאליאר עריקזאן !

— אזוי, האט יענער געזאגט, איז דאס אויך איינער וואס וויל געוועהלט ווערען אלס אבגעאָרדענטער ? פאר אזא שטעלע זעהט ער מיר אויס צו עדעל.

— ניין, ניין, האט אלע געזאגט, ער איז געקומען פאר די צייטונג.

— וואס פאר א צייטונג ? ס'גיבט פערשיעדענע צייטונגען, אפשר איז ער געקומען, כדי זיך לוסטיג צו מאכען איבער אונז ?

— ניין, האָט אַלע געענטפערט, ער איז אַן אַרבייטער־פריינד און ער וויל אַלעס פאַר אייך טהאָן.

— אזוי! דאָס איז שוין אַן אַנדערע זאַך! אָבער איך שרעק זיך פאַר אזעלכע הערען, מיר האָבען שוין געהאַט אַזאַ איינעם, ער האָט ביי אונז געוואָהנט; דאָס הייסט, ער האָט געוואָהנט אין דעמזעלבען הויז, אויף די ווייסע בערג; ער איז געוועזען דער הויז־אַגענט — שטראַווע הייסט די קאַנאַליע.

ס'האָט זיך געהערט אַ קלאַפּ פון אַ האַמער, אויף די שטוהל פון'ם פאָרזיצענדען האָט זיך געזעצט אַ מאַן פון מיטעל יאָהרען, דאָס איז געווען דער גאַרבער לעפּגרען, שטאָדט־ראַט און אַן אייגענטימער פון אַן אַרדען, לאַנגע האָר, אַ ברייט פּנים בעצירט מיט ברילען.

אין זיין זייט איז געזעסען דער סעקרעטער, און איהם האָט פאַלק דערקענט, אַ שרייבער פון שטייער־אַמט.

אויף דער ערשטער באַנק זענען געזעסען, די פאָרנעהמסטע מיטגליעדער, אָפיצירען, בעאַמטע און גרויסהענדלער, אַלע לאָיאַלע פאַרשלעגע האָבען זיי קרעפטיג אונטערשטיצט, און מיט איבערלעגטע פאַרלימענטאַרישע געזעצען האָבען זיי די ראַדיאַקלע פאַרשלעגע נידערגעשטימט.

דער סעקרעטער, האָט פאָרגעלעזען דעם פּראָטאָקאָל, און די ערשטע באַנק האָט איהם גוטגעהייסען, מען איז איבערגעגאַנגען צום טאָגעס־אָרדנונג:

„די עקזעקוטיוו ברענגט אַריין אַ רעקאָמאַנדאַציע, אַז דער אַרבייטער פעראיין נאָרד שטערען, שפּרעכט אויס זיין ענטריסטונג און זיין פּראָטעסט, געגען די פערברעכערישע און אונגעזעצליכע בעוועגונגען וואָס געהט איצט אָן אין גאַנץ אייראָפּאַ, און וואָס די סקאַנדאַל מאַכער רופען סטרייקס!"

—איז דער פעראיין אין דער מיינונג? . . .

— יאָ, יאָ, האָט די ערשטע באַנק געשריען.

— הער פאָרזיצענדער, האָט דער סטאָליאַר פון די ווייסע בערג גערופען.

— ווער מאַכט דאָרט אונטען אַזאַ ליאַרעם?

— דאָ מאַכט קיינער נישט קיין ליאַרעם. איך האָב געבעטען דאָס וואָרט, האָט דער סטאָליאַר געזאָגט.

— ווער איז דאָס דער א י ך?

— סטאָליאַר־מיינסטער עריקזאָן !

— איז ער אַ מייסנטער ? ווען איז ער געוואָרען ?

— איך בין אַן אויסגעלערנטער געזעלע, און איך האָב קיינמאָל נישט געהאַט די מיטעל, אַז איך זאָל מיר ערווערבען דאָס בירגער־רעכט, איך בין אָבער אַזוי געשיקט ווי יעדער אַנדערער און איך אַר־בייט זעלבסט־שטענדיג.

— ווייל דער סטאָליאַר־געזעלען, זיך אוועקזעצען און נישט מעהר שטערען — אַלזאָ, איז נאָכ'ן אַנזיכט פון'ם פעראיין די פראַגע מיט יאָ בעשלאָסען ?

— העד פאָרזיצענדער !

— פון וואָס האַנדעלט זיך ?

— איך בעט אַ וואָרט ! לאָזט מיך רעדען ! האָט געשריען עריקזאָן.

— געזעלען עריקזאָן — ווי אַזוי שרייבט איהר זיך, מיט אַ „עקס" אָדער מיט „ק. ס." האָט דער פאָרזיצענדער געפרעגט.

א לאַכען האָט זיך געהערט פון דער ערשטער באַנק.

— איך שרייב איצט נישט, מיינע הערען, איך וויל דאָס וואָרט. האָט דער סטאָליאַר געזאָגט מיט גליהענדע אויגען, יאָ, דאָס וויל איך ! ווען איך זאָל האָבען דאָס וואָרט אין מיין מאַכט ; וואָלט איך געזאָגט, די סטרייקס זענען גערעכטע ; ווייל ווען די מייס־טערס און די אייגענטימער ווערען פעט פון לײדיג אַרומגעהן און מאַכען זיך הוליאַנקעס און פערשידענע באַנקעטען, דאַן מוזען די אַר־בייטער מיט זייער שווייס בעצאָהלען, מיר ווייסען שוין פאַר וואָס איהר ווילט אונזער אַרבייט נישט בעצאָהלען, ווייל מען וויל אונז געבען שטימרעכט, און פאַר דעם האָט איהר מורא . . .

— העד פאָרזיצענדער !

— ריטמייסטער פאָן שפאָרן !

— און דאָס ווייסט איהר אויך גאַנץ גוט, ווער עס וואַרפט אַרויף די שטייערן אויף אונז, איהר ; די אייגענטימער, די קאַ־פיטאַליסטען ! ווען איך זאָל האָבען די מאַכט, וואָלט איך נאָך מעהר געזאָגט ס'וועט אָבער אַזוי ווייניג העלפען . . .

— ריטמייסטער פאָן שפאָרן האָט דאָס וואָרט !

הערר פאָרזיצענדער און מיינע הערען ! ס'איז העכסט אונערוואַרטעט, אַז אין אַ פערזאַמלונג ווי דיעזע, וואָס האָט זיך אַלע־

מאָל דורך איהר גוטע אויפפיהרונג א גוטען נאָמען ערווארבען, זאָל זיין ערלויבט א זעלבע לייטע אָהן דעם מינדעסטען פּארלאמענטארי־שען טאקט ווי דער סטאַליאר־געזעלען, עריקזאָן, די גאנצע ווירדיגע פערזאמלונג צו קאָמפּרעמענטירען, גלויבט מיר, מיינע הערען, אז אזעלכעס וואָלט נישט געשעהען אין א לאנד וואו מען לערענט פון די יוגענד אָן מיליטערישע דיסציפּלין, וואו מען קען איבער אנדערע און איבער זיך אליין רעגירען! איך שפּרעך די האָפנונג פאר די גאנצע פערזאמלונג, אין'ם נאָמען פון אלע רעכדענקענדע מיטגליע־דער, אז אזא שטערענדער אויפטרעטען וועט זיך ביי א ו נ ז נישט ווידערהאָלען; איך זאָג א ו נ ז — ווייל איך בין אויך אן אר־בייטער — ביי דעם אייביגען גאָט, זענען מיר אלע ארבייטער — און איך זאָג דאָס אלס מיטגליעד פון דיעזען פעראיין, אז ס'וועט זיין א טאט פון טרויער, ווען איך וועל מוזען צוריקנעהמען די ווערטער וואָס איך האָב געזאָגט ביי אן אנדערען פעראיין, די ווערטער: אז איך דענק הויך וועגען דעם שוועדישען ארבייטער!

— בראוואָ! בראוואָ! בראוואָ!

— איז די רעקאָמאנדאציע פון דער עקזעקוטיווע אנגענומען?

— יאָ, יאָ!

די שרייבער האָבען אָנגעפאנגען שרייבען, און די גאנצע פער־זאמלונג האָט אָנגעפאנגען פּלוידערען; פּונקט ווי אין רייכסטאג.

— געהט עס דאָ שטענדיג אזוי צו? האָט פאַלק געפרעגט.

— געפינט איהר עס גוט אזוי, מיין הער? האָט עריקזאָן גע־ענטפערט, מען דארף זיך די האָר פון'ם קאָפּ ארויסרייסען! איך יוף דאָס, קאָרופּציאָן, פעראט, נאָר פאר זייערע גראָבע בייכער און נידערטרעכטיגקייטען! קיין איינציגער מיט א הארץ, וועלכע זאָל קאָנען די זאך אנדערש פיהרען, און ס'וועט קומען דאָס וואָס מ ו ז קומען.

— צו וואָס וועט קומען?

— מיר וועלען שוין זעהען! האָט דער סטאָליאר געזאָגט און האָט גענומען אַלע'ם האנד, ביזטו גרייט? זיי א מאן!

אַלע האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

דער פאָרזיצענדער האָט ווידער א קלאָפּ געטון, ס'איז געוואָרען שטיל.

בילדהויער־געזעלען אַלע מאַנטאַנוס, האָט זיך געמאָלדען צו א

פארטראג „איבער שווערדען" האט דער פארזיצענדער ווידער אנ־געפאנגען, דער שטאף איז אביסעל צו גרויס, ווען ער וועט אבער פערשפרעכען ,אז ער וועט עס מאכען אין א האלבע שטונדע, וועלען מיר איהם אויסהערען, וואס זאגט איהר, מיינע הערען ?

— יא !

— הער מאנטאנוס, איך בעט איהר זאלט אהער ארויפקומען.

אלע האט זיך געגעבען א שאקעל ווי א הונט ווען ער וויל גע־בען א שפרונג, ער איז דורכגעגאנגען דעם גאנצען עולם, וועלכע האבען אויף איהם געווארפען נייגעריגע בליקען.

דער פארזיצענדער האט אנגעפאנגען א געשפרעך מיט די ער־שטע באנק און דער סעקרעטער האט זיך אויסגעגענעצט, ער האט זיך גענומען די צייטונג, כדי צו צייגען אז ער האט וועניג אינטערעס צו הערען דעם פארטראג.

אלע איז ארויפגעגאנגען אויף די פלאטפארמע, ער האט א ווײלע פערמאכט זיינע גרויסע אויגען, האט אנגעפאנגען צו מאכען מיט'ן מויל, כדי די צוהערער זאלען מיינען אז ער געהט שוין אנפאנגען, און ווען ס'איז אמת'דיג שטיל געווארען, אזוי שטיל, אז מען האט געקענט הערען וואס דער פארזיצענדער מיט'ן ריטמיינסטער האבען גערעדט צווישען זיך.

אלע האט אנגעפאנגען :

— א פאר פונקטען, איבער שווערדען.

נאך א פויזע :

— ווערטהע פערזאמעלטע ! עס דארף פאר אונז זיין מעהר ווי נויטווענדיג צו בעשטיטיגען, אז די שרעקליכסטע אידעע איז איצט, אויפצוהויבען די קורצזיכטיגסטע שאוואניסטישע נאציאנאל־געפיהל, וואס צושיידט די פעלקער און מאכט זיי פאר פיינד, מיר האבען געלעזען די מיטעל וואס מען ווענדט אן ביי דעם.

(איינער דעם צווייטען האבען זיך פרעגענדיג אנגעקוקט, וואס וויל ער זאגען ? האט עריקזאן שטיל געזאגט :

— די שווערדישע נאציאן מאשירט ווי אלע מאל אויך איצט אין דער שפיצע פון דער ציוויליזאציאן און איז מעהר פערפליכטעט די קאסמאפאליטישע אידעע צו פערשפרייטען, און ווען מען זאל אנרופען צאהלען, קען מען פיעל דערמאנען וואס די שווערדישע נאציאן האט צו דעם בייגעטראגען, דאס אלץ וויל איך אין מיין פארטראג בע־

טראכטען און דערנאָך וועל איך צוגעהן צו עטוואָס גרינגערען, ווי רעגירונגס־פאָרם, גרונד־אייגענטום — שטייער און נאָך אנדערע פונק־טען.

(דאָס וועט זיין צו לאנג האָט עריקזאָן שטיל בעמערקט צו פאלק'ן) .

— יעדער ווייס, אז שוועדען איז אורשפּרינגליך א דייטשע קאָ־לאָניע און די שפּראכע, וואָס האָט זיך נאָך היינט ריין ערהאלטען, איז א פּלאַט־דייטשע מיט צוועלף דיאלעקטען, דאָס איז טאקע אויך די אורזאַך, פאר וואָס די פערשיעדענע פּראָווינצען פון שוועדען קענען זיך איינס אנדערע נישט פערשטענדיגען, און דאָס איז אויך א אפּקט פאר וואָס מען קען נישט בעקעמפּפען דעם אַנגעזונטען שאָוועניסטי־שען נאַציאָנאל־בעגריף, ס'האָט אָבער אָמאָל געבראכט דאצו, אז שוועדען איז אמאָל געוואָרען א דייטשע פּראָווינץ, נעהמליך אונטער אלברעכט פאָן מעקלענבורג, איך רעכען צו דעם, די איינגענומענע פּראָווינצען : שאָנען, האָלאנד, בעלקינג, באהוזלאָן און דאלס־לאנד שוועדענס רייכסטע פּראָווינצען זענען בעוואָהנט פון דענען, וועלכע רעדען נאָך די שפּראך פון זייער לאנד און ווילען נישט אנערקענען די שוועדישע הערשאפט.

(אין יעזוס נאָמען וואו וויל ער דערלאנגען ? איז ער פער־ריקט ?)

— צום ביי שפּיעל דער שאָנע'שער איינוואָהנער, רעכענט נאָך היינט קאָפּענהאגען פאר זייער הויפּשטאָדט, און אין אונזער רייכס־טאָג בילדען זיי די רעגיערונגס־פיינדליכע פּאַרטיי, עהנליך, פער־האלטען זיך די דענעשע געטעבארג, וואָס אנערקענען נישט שטאָק־האָלם אלס זייער הויפּט־שטאָדט, דאָרט האָבען איצט די ענגלענדער די לייטונג איבערגענומען און א קאָלאָניע געגרינדעט. דיעזע ענג־לענדער, האָבען די גאנצע פיש־האנדעל אין זייערע הענט, און בע־טרייבען כמעט די גאנצע גרויס־אינדוסטריע אין דער שטאָדט ווע־רענד דעם ווינטער, זומער פאָהרען זיי א היים קיין ענגלאנד און פון די פּראָפיטען לעבען זיי אין זייערע פּאלאצען ערגעץ דאָרט אויף די שאָטלענדישע בערג, זיי גיבען ארויס א גרויסע ענגלישע צייטונג און לויבען זייער האנדעל.

— מיר מוזען אויך בעטראכטען די שטארקע איינוואנדערונג, מיר האָבען דאָ א סך פינלענדער, וואָס זענען דורך פּאָליטישע פער־

העלטניסע אנטלאפעז פון זייער לאנד. אין אונזערע גרויסע אייזען־פאבריקען ארבייטען א גרויסע מאסע וואלאנען, וואס האבען איינגע־וואנדערט נאך אין׳ם 17־טען יאהר־הונדערט און זיי רעדען נאך ,זיינט, זייער געבראכענעם פראנצויזיש, ס׳איז בעקאנט, אז ס׳איז געווען א וואלאנער, וואס האט געמאכט די נייע שוועדישע שטאטס־געזעצען, די אלע געזעצען זענען אוים וואלאניען. זיי זענען טיכ־טיגע לייטע און זעהר עהרליכע.

(אום גאטעם ווילען וואס וויל ער מיט דעם?)

— אין גוסטאוו אדאלף׳ס צייטען, זענען אהער געקומען א גאנ־צע מעגגע שאטלענדער און האבען זיך דא פערדונגען פאר סאל־דאטען דאדורך זענען זיי היינט די אדעלס־לייט, און מזרח־שוועדען וואהנען פיעלע פאמיליען, וואס האבען איינגעוואנדערט פון ליפ־לאנד און זיי האלטען זיך ביי די טראדיציעס פון זייער סלאווישען לאנד, דאדורך טרעפט מען דא אפט ריינע טארטארישע טיפען.

— איך זאג דאס אלעס, כדי צו איבערצייגען, אז שוועדען איז געווען אויפ׳ן בעסטען וועג זיך צו ענט־נאציאנאליזירען. עפענט דאס בוך פון די אדעל־לייט פון שוועדען, צעהלט דארט איבער די שוועדי־שע נעמען, ווען איהר וועט דארט געפונען מעהר פון 25 פראצענט, וועט איהר מיר מעגען די נאז אבשניידען, מאכט אויף דאס אדרעסען בוך, ביי די בוכשטאב ג. האב איך אליין איבערגעצעהלט פון פיער הונדערט נעמען זענען בלויז צוויי הונדערט געווען שוועדישע, די אנדערע צוויי הונדערט זענען אלע אויסלענדער.

וואס איז די אורזאך? ס׳זענען דא פיעל אורזאכען, אבער די הויפט אורזאך איז, די אויסלענדישע רעגיערונגען, וועלכע האבען אלע מאל בעזיעגט שוועדען, ווען מען זאל נאכדענקען וויפיעל פרעמ־דע קעניגע ס׳זיינען שוין אויפ׳ן שוועדישען טראן געזעסען, מוז מען זיך וואונדערען, פאר וואס מען איז נאך ביז היינט געטריי צו דער רעגיערונג, ס׳איז שוין געווארען א בעשטימונג פון׳ם גרונד־געזעץ, אז דער שוועדישער קעניג מוז שטענדיג זיין אן אויסלענדער, שלים־ליך געהט שוועדען צו ענט־נאציאנאלעזירונג.

אז דאס לאנד געווינט פון דעם, וואס פרעמדע־נאציאנען שלי־סען זיך אן, דאס איז מיין איבערצייגונג; וויל פערלירען קען עס נישט. — וויל ס׳איז נישטא וואס צו פערליערען, פערלירען קען מען נאר דאס וואס מען האט; — די שוועדישע נאציאן פעהלט גאנץ

איינפאַך, די נאַציאָנאַליטעט; דאָס האָט טענגער נאָך אין יאָהר 1811 ענטדעקט.

עס פעהלט אונז די נאַציאָנאַליטעט, קען מיר ווער זאָגען עטוואס שוועדישעס אין שוועדען, א חוץ אונזערע שטימע בוימער און אייזענ־גרובענס? וואָס זענען אונזערע פאָלקס־ליעדער? פראַנצויזישע, ענגלישע און דייטשע ראָמאַנסען אין א שלעכטע איבערזעצונג; וואָס איז אונזער פאָלקס־טראַכטען, וואָס מיר בעדוירען אזוי זייער פער־שווינדען? נאַרישע אַלטע פאַראורטיילע פון'ם מיטעלאַלטער, נאָך אין די צייט פון גוסטאַוו דעם ערשטען, האָט דאָס פאָלק פערלאַנגט, מען זאָל בעשטראָפען די יעניגע וואָס טראָגען אויסגעשניטענע פער־שיעדען־פאַרביגע קליידער, און נאָך היינט טראַכט דאָס פאָלק דאָס זעלבע.

רופט מיר אָן א שוועדישעס געדיכט, קונסטווערק אָדער מוזיק־שטיק, עס זאָל זיין ספּעציפיש שוועדיש, און ס'זאָל זיך אונטערשיידען פון אַלע נישט שוועדישע? צייגט מיר א שוועדישע געביידע! ס'איז נישטאָ, און ווען ס'איז יאָ דאָ איינע, איז עס שלעכט אָדער נאָך אַן אויסלענדישען מוסטער געמאַכט.

איך דענק אַז איך וועל נישט צופיעל זאָגען, ווען איך בעהויפּט, אַז די שוועדישע נאַציאָן איז נישט בעגאַבט, נאַריש־שטאָלץ, שקלאַ־פיש און א רויע נאַציאָן, און טאַקע דאדורך געהט זי צו אונטער־גאַנג מיט שנעלע שריט.

א גרויסע ליאַרעם איז געוואָרען אין זאַל, ס'האָט זיך אָבער גע־הערט איינצעלנע אויס־רופען קאַרל דער צוועלפטער.

— מיינע הערען! האָט דער רעדנער פאָרטגעזעצט, — קאַרל דער צוועלפטער איז טויט; לאָמיר איהם לאָזען רוהיג שלאָפען ביז דעם קומענדען יובילעאום, איהם האָבען מיר צו פערדאַנקען וואָס אונזער פאָלק געהט צו ענט־נאַציאָנאַליזירונג, און דאריבער בעט איך אַלע פערזאַמעלטע זיי זאָלען מיט מיר צוזאַמען אויסשרייען, עס זאָל לעבען קאַרל דער צוועלפטער!

— איך בעט די פערזאַמלונג צו קומען צו אָרדענונג! — האָט דער פּרעזידענט געשריען.

קען מען זיך דענקען א גרעסערע נאַרישקייט פון א פאָלק, וואָס לערענט זיך דיכטען פון די אויסלענדער? אפילו אקסען וואָס געהען

מויזענד יאהר אין דעם זעלבען אקער, וועלען אויך אויף די אידעע קו־מען ליעדער צו מאכען!

איז אבער געקומען עפעס א לוסטיגער ברודער פון דעם קעניגליכען הויף קארל דער עלפטער, און האט געוואלט פערניכטען די אידעע פון ענט־נאציאנאליזירונג, ביז דאמאלס האט מען געשריבען דייטש, פון דאמאלס אן זאל שוועדיש געשריבען ווערען, איך בעט די פער־זאמלונג מיט מיר צוזאמען צו רופען: נידער מיט דעם נארישען הונט געארג שטערנהעלם!

אן אויסערגעוועהנליכער שטורם האט זיך אין זאל אויפגעהויבען, דער פארזיצענדער האט געקלאפט מיט׳ן האמער, און עס האט זיך געהערט געשרייען: ס׳איז גענוג! ער איז א פעררעטהער! ארונטער מיט איהם! ער לאכט פון אונז! נידער מיט׳ן פעררעטהער!

— די שוועדישע נאציאן, קען נאר שרייען און רופען — האט אלע שוין אן אויפגערעגטער געשריגען — און ווייל איך קען מיט מיין פארטראג ווייטער נישט געהען, איך קען נישט דערמאנען די רעגיערונג אן די קעניגליכע אנגערויבטע פערמעגענס, ווייל איך נאר נאך דאס איי־נע זאגען, אז אזאלכע נארישע קעלבער ווי איך האב היינט געהערט, זיינען בלויז פאר א דעספאטישע הערשאפט פעהיג! און איהר וועט זי האבען! פערלאזט אייך דארויף, איהר וועט אן אבסאלוטע דעספא־טישע רעגיערונג בעקומען!

ס׳האט ווער פון אונטען דעם רעדנער א שטויס געגעבען, און פעסטהאלטענדיג זיך ביים ראנד פון׳ם טיש, האט אלע ווייטער גע־שריגען:

— איהר זייט איין אונדאנקבארעט געשלעכט! איהר ווילט עם אמת נישט הערען!..

— טרייבט איהם ארויס! צורייסט איהם אויף שטיקער!

אלע איז ארונטערגעווארפען געווארען פון די פלאטפארמע אבער נאך אינ׳ם לעצטען אויגענבליק האט ער געשריגען ווי א וואהנ־זיניגער, בעקומענדיג פון אלע זייטען קלעפ: עס לעבע קארל דער צוועלפטער! נידער מיט געארג שטערנהעלם!

אלע און פאלק האבען זיך געפונען אין דרויסען אויף די גאס.

— וואס איז דיר עפעס איינגעפאלען? — האט פאלק געפרעגט — ביזטו משוגע געווארען?

— יא, איך דענק אויך אזוי, איך האב כמעט זעקס וואכען מיין

דעדע געלערענט; איך האָב געוואוסט יעדען פונקט, וואס איך דאַרף זאָגען, ווען איך בין אבער אויף די פּלאטפארמע געגאנגען און האָב געזעהען אזוי פיעל אויגען אויף מיר קוקען, איז אלץ פון מיין מוח פערשוואונדען, מיינע אלע לאָגישע בעווייזע, זיינען ווי צופוילטע מויערען איינגעפאלען און מיינע געדאנקען זיינען צומישט געווארען. איז עס געווען זעהר שלעכט?

—יא, זעהר שלעכט, אלע צייטונגען וועלען אויף דיר אנפאלען.

— דאָס איז טרויעריג! און איך האָב געדענקט אלץ אזוי קלאָר פאר מיר צו האָבען, ס'איז אבער דאָך שעהן געווען זיי אמאָל א פּאטש אין פּנים צו געבען.

— אויף דער ארט האָסטו דיר אליין קאליע געמאכט, דו וועסט שוין קיינמאָל נישט קענען רעדען.

אַלע האָט געזיפצט.

— וואָס צו אלדי רוחות, האָסטו געהאט צו טהאָן מיט קארל דעם צוועלפטען? דאָס איז געווען דאָס ערגסטע פון אלעס.

— פרעג מיך נישט, איך וויים נישט!

— האָסטו נאָך ליעב דעם ארבייטער? — האָט פאלק ווייטער געפרעגט.

— איך בעדויער איהם, וואס ער לאָזט זיך פון אזעלכע קארופּטע חברה פיהרען, איך וועל שטענדיג קעמפּפען פאר איהם. ווייל דאָס איז די גרויסע פראַגע פון די קומענדע צייט, אבער אייער גאנצע פּאָ־ליטיק איז נעגען דעם קיין פעניג נישט ווערט.

אַלע און פאלק זיינען געגאנגען מיט די גאסען, ארונטער קומענ־דיג אין דער אלטער שטאָדט, זיינען זיי אין א קאפע אריינגעגאנגען.

בלויז אן איינציגער גאסט איז געזעסען נאָהענט צום בופעט, ער האָט פאר דעם בופעט מיידעל. א בוך פארגעלעזען. זי איז געזעסען נעבען איהם. זי האָט אויסגעזעהן זעהר נעט און שעהן, און זי האָט געמאכט זעהר א שטארקען איינדרוק אויף פאלק'ן. ער האָט געמאכט א העפטיגע בעוועגונג און זיין פּנים האָט זיך אביסעל געענדערט.

— זעלען! דו ביזט עס! גוטען אווענט, בעדא! — האָט פאלק געזאָגט מיט א געמאכטע הערצליכקייט, רייכענדיג דעם יונגען מיי־דעל די האנט.

— נו, זעה נאָר זעה, ברודער פאלק! — האָט זעלען געזאָגט,— האסט אויך אהער געטראָפען? איך קען עס מיר דענקען, אז ס'האָט

געמוזט עטוואס פארקומען, וואס מיר טרעפען זיך אזוי זעלטען אינ׳ם רויטען צימער.

פאלק און בערא האבען זיך אנגעקוקט. דאס יונגע מיידעל האט פאר די שטעלונג פון א בופעט־מיידעל צו אינטעליגענט אויסגעזעהען, א שעהן אינטעליגענט פנים וואס האט עטוואס א בעהאלטענעם קומער אויף זיך געטראגען. א שלאנקע געשטאלט מיט ווייכע זיסע יונג־פרויען ליניען; איהרע שעהנע גרויסע אויגען האבען פער׳חלום׳ט ארויפגעקוקט, עפעס אזוי ווי זי זאל פון׳ם הימעל אן אונגליק ער־ווארטען.

— ווי ערענסט דו ביזט! — האט זי געזאגט צו פאלק׳ן, ארונ־טערלאזענדיג איהר בליק צום נעה־געצייג וואס זי האט אין האנט געהאלטען.

— איך בין געוועזען אויף אן ערענסטע פערזאמלונג, — האט פאלק געענטפערט, און איז רויט געווארען ווי א מיידעל. — ווא לעזט איהר דא?

— איך האב פאר איהר פאויסט געלעזען — האט זעלען געזאגט, אויסשטרעקענדיג זיין האנט, כדי זיך מיט בערא׳ס נעה־צייג צו שפיע־לען.

א טונקעלער וואלקען האט זיך פערשפרייט איבער פאלקס פנים. דאס געשפרעך האט אויסגעזעהען ווי געצוואונגען און אונערטרעגליך, אלע איז געווען אין פערטראכטונגען פערזונקען און ס׳האט אויסגע־זעהען, אז ער טראכט וועגען זעלבסט־מארד....

פאלק האט געבעטען א צייטונג און ער האט ערהאלטען די „פרייהייט". דאביי איז איהם איינגעפאלען, אז ער האט נאך נישט געלעזען, וואס די צייטונג זאגט איבער זיינע געדיכטע, ער האט אויף־געמאכט די צייטונג, זיינע אויגען זיינען געפאלען אויף די דריטע זייט און ער האט געפונען וואס ער האט געזוכט.

ס׳איז נישט געווען קיין לויבגעזאנגען, אבער אויך נישט קיין גראבהייטען, דאס ארטיקעל איז געווען מיט אמת טיעפע אינטערעס געשריבען. דער קריטיקער האט געפונען פאלק׳ס געדיכטע, נישט ערגער און נישט בעסער, פון אלע אנדערע פאעטישע שאפונגען פון די לעצטע צייט. זיי בעהאנדלען נאר די פריוואט אנגעלעגענהייטען פון׳ם פערפאסער, קיין גרויסע פראבלעמען איבער וועלטס־פראגען איז אין זיי נישטא, גאנץ איינפאכע פערזען, איבער וואכעדיגע קליינליכע

ערלעבנישע פון'ם פּערפאסער, וועלכע אינטערעסירען גאנץ וועניג דעם לעזער.

דער דאזיגער איינפאכער אמת האָט אויף פאלק'ן געמאכט א טיעפען איינדרוק, ווייל ער האָט נאָר בלויז געלעזען די שרייענדע רעקלאמע וואס שטראווע האָט געשריבען איבער זיינע נעדיכטע אין די „גרוי הויבע" און די דיקטירטע גוטע רעצענזיע וואס איז געשטאַנען אין דעם „רויט-קעפּעל". ער האָט גענומען אבשיעד צום געהן.

— ווילסטו שוין געהען? — האָט בעדא איהם געפרעגט.

— יא, ווען מיר זיך טרעפען מארגען?

— יא, ווי געוועהנליך. א גוטע נאכט.

זעלען און אלע זיינען איהם נאכגעגאנגען.

— זי איז שוין א וואוילע מיידעל... — האָט זעלען געזאגט, ווען זיי זיינען א ווייל שטיל געגאנגען.

— איך בעט דיך זאלסט אביסעל צוריקהאלטענדיג איבער איהר רעדען.

— דו ביזט פערליעבט אין איהר, זעה איך!

— יא, דאָס בין איך, און איך האָף אז דו וועסט מיר פערצייהען!

— זיכער, איך וועל דיר נישט זיין אין וועג!

— און איך בעט דיך, נישט קיין שלעכטס פון איהר צו דענקען...

— ניין, דאָס וועל איך נישט טהאָן, זי איז א שוישפּיעלערין געווען...

— ווי אזוי ווייסטו דאָס? מיר האָט זי פון דעם נישט געזאגט.

— ניין, אבער מיר יא, מען דארף אזאלכע מיידלעך נישט געטרויען.

— נו, ס'איז גאר קיין שלעכטס נישט ביי דעם. איך דענק, אז אזוי באלד ווי איך וועל נאָר קענען, וועל איך זי אוועקנעהמען פון דער שטעלע. אונזער פערקעהר איז נישט מעהר, נאָר וואס יעדען פריהמארגען, געהען מיר צוזאמען אין פארק און מיר טרינקען וואסער פון די קוועלע.

— ווי אונשולדיג! געהט איהר קיינמאָל נישט ביינאכט ארויס ערגעץ אין א קאפע?

— ס'איז מיר קיינמאָל נישט איינגעפאלען, איך זאָל איהר אזא פארשלאג מאכען, און זי וואלט זיכער מיר אבגעזאגט. דו לאכסט!

לאך נאר, לאך! איך גלויב נאך א פרוי, וואס ליעבט; יא, זי מעג געהערען צו וועלכע קלאס זי וויל; זי מעג האבען די ערגסטע פערגאנגענהייט;... זי האט מיר געזאגט, אז איהר וועג איז נישט ריין געוועזען, אבער איך האב איהר פערשפראכען נישט מעהר צו פרעגען וועגען איהר פערגאנגענהייט.

— איז עס אלזא אן ערענסט?

— יא, ס'איז ערענסט.

— אזוי, איז שוין עטוואס אנדערש, גוטע נאכט, פאלק! דו אלע, וועסט געהן מיט מיר.

— גוטע נאכט!

— ארעמער פאלק! — האט זעלען געזאגט צו אלע'ן — איצט וועט ער אויך די רוט פיהלען! אבער דאס מוז זיין; מען ווערט פריי־הער נישט קיין מאן ביז מען האט דאס אויך נישט מיטגעמאכט.

— ווי אזוי איז דען דאס מיידעל? — האט אלע געפרעגט גלייכגילטיג, ווייל זיינע געדאנקען זיינען געווען ווייט פון דעם.

— אויף איהר ארט איז זי גאנץ גוט, אבער פאלק נעהמט די זאך צו ערענסט; זי טוהט עס אויך, נאר בלויז אזוי לאנג ביז זי וועט איהם געווינען; וועט עס זיך אבער לאנג פערציהען, וועט זי ווערען מיעד... און איך בין נישט זיכער אויב זי זוכט נישט אויך איצט מיט אימעצען אנדערש זיך די צייט צו פערטרייבען. ניין, איהר פערשטעהט נישט אזאלכע זאכען; מען דארף זיך נישט אין ליעבעס שפיעלען, נאר גלייך קריגען וואס מען פערלאנגט פון א פרוי... אז נישט קומט אן אנדערער און נעהמט עס צו... ביזטו שוין אמאל געווען פערליעבט, אלע?

— איך האב אמאל אין דער היים אויפ'ן דארף געהאט א קינד מיט אונזער דיענסט־מויד, טאקע דורכדעם האט מיך מיין פאטער פון הויז פערטריבען, זייט דאמאלס וויל איך שוין מעהר אויף זיי נישט קוקען.

— דאס איז נישט געווען קיין ליעבע, אבער אז מען ווערט בעטראגען, ווי מען רופט עס, דאס, גלויב מיר, פיהלט מען, מען מוז האבען אזעלכע נערוועז ווי די סטרונעס פון א פיעדעל, ווען מען וויל דעם שפיעל שפיעלען. מיר וועלען זעהען ווי אזוי פאלק וועט דעם קאמפף דורכמאכען, מאנכע נעהמען אזאלכע זאכען ערענסט, דאס איז נאריש.

— די טיר איז אָפען! געה נעהנטער, אָלע; איך האָף אז די בעטען זיינען שוין געמאכט, אבער דו מוזט מיין דיענסטמיידעל ענט־שולדיגען פאר וואָס זי האָט נישט אזוי גוט די קישענס אויפגערור־דערט, איהרע פינגער זיינען אביסעל שוואך פון דער ארבייט, זעהסטו. דאָס קישען וועט אפשר אביסעל הארט זיין.

זיי זיינען די טרעפּ ארויפגעקומען און זיינען אריינגעגאנגען אין זעלען'ס ארבייטס־צימער.

— ס'איז אזוי ווי די דיענסט האָט דאָ געלופטערט, אָדער אפשר געוואשען, עס פיהלט זיך עטוואס פייכט.

— דו מאכסט דיך איבער דיר אליין לוסטיג; ס'קען דאך קיי־נער נישט וואשען, ווען ס'איז מעהר קיין פאדלאגע נישטאָ.

— איז מעהר קיין פאדלאָגע נישטאָ? אזוי איז שוין עטוואס אנ־דערש! וואו איז זי דען אהינגעקומען? אפשר פערברענט! אויך גוט! מיר וועלען זיך מוזען לעגען אויף דער הוילער ערד.

נאכדעם ווי זיי האָבען פון שטיקער מאהלער לייוועגט און פון אלטע צייכנונגען א בעט געמאכט, האָבען זיי זיך אין די קליידער אוועקגעלעגט.

אָלע האָט ארויסגענומען א ליכט פון קעשענע, ער האָט עס אנגע־צונדען און האָט עס אוועקגעשטעלט נעבען זיך אויף דער ערד.

— ס'איז היינט קאלט — האָט אָלע געזאגט ארויסנעהמענדיג א בוך פון קעשענע.

— קאלט? ניין, ס'איז נאָר בלויז צוואנציג גראד אין דרויסען און דאָ איז מינדעסטענס דרייסיג, ווייל מיר וואהנען אזוי הויך, ווי שפּעט וועט איצט זיין?

— איך גלויב, אז די יאהאנים־קירכע האָט געקלונגען איינס.

— יאהאנים־קירכע? זיי האָבען נישט קיין זייגער, זיי זיינען אזוי אָרעם, אז זיי האָבען איהם געמוזט פערזעצען.

ס'איז שטיל געוואָרען א ווייל, ערשט זעלען האָט די שטילקייט אונטערבראכען.

—וואָס לייענסטו, אָלע?

— דאָס איז אלץ איינס!

— דארפסטו נישט העפליך זיין ווען דו ביזט אויף בעזוך?

— ס'איז אן אלטער קאך־בוך, וואס כ'האָב מיר געליהען ביי איגבערג'ן.

— וואָס, צום טייוועל! איז עס טאַקע א קאָך־בוך? אָ! דאָס וועלען מיר טאַקע לעזען, איך האָב דעם גאַנצען טאָג נישט מעהר ווי א טאָס קאַפע מיט דריי גלאָז וואַסער פערצעהרט.

— וואָס ווילסטו האָבען? — האָט אַלע געפרעגט בלעטערענדיג דאָס בוך, ווילסטו האָבען א פיש־געריכט? ווייסטו וואָס „מאַיאָנענאַזים" איז?

— מאַיאָנענאַזים? ניין! לייען! ס'האָט א שעהנעם נאָמען.

— נאַ, הער זיך צו. „139, מאַיאָנענאַזים. פוטער מעהל און עטוואָס ענגלישען זענפט ווערען צוזאַמענגעקאָכט און מיט א גוטען בוליאָן צוזאַמענגעמישט, ביים קאָכען, שלאָגט מען אריין א פּאָר איי־געלעכער, דערנאָך מוז מען עס לאָזען קאַלט ווערען".

— ניין, פון דעם ווערט מען נישט זאַט...

— ס'איז נאָך נישט צו ענדע. „גוטען עהל, וויין־עסיג אביסעל סמעטענע און ווייסען פעפער", — יאָ, איך זעה איצט אז עס טויג נישט, ווילסטו עטוואָס בעסערס האָבען?

—יאָ, מיש אויף א ריין־בראַטען אָדער א ביפשטיק.

— ניין, איך קען שוין מעהר נישט לייענען.

— אָך, לייען נאָך!

— אבער ניין, לאָז מיך איצט צופריעדען!

ס'איז געוואָרען ווידער שטיל, דאָס ליכט האָט זיך אויסגעלאָשען און ס'איז געוואָרען גאַנץ טונקעל.

— א גוטע נאַכט, אַלע, היל זיך איין, כדי דו זאָלסט נישט גע־פרוירען ווערען.

— מיט וואָס זאָל איך זיך איינהילען?

— זעהסטו, דאָס ווייס איך נישט. וואָס מיינסטו איז דאָס לע־בען נישט פרעהליך?

— איך פרעג מיך, פאַר וואָס מען נעהמט זיך נישט דאָס לע־בען, ווען ס'איז אזוי קאַלט?

— דאָס זאָל מען נישט טהאָן, איך געפין אז אזא לעבען איז אינטערעסאַנט, שוין מיט דעם, צו זעהען וואָס ס'וועט ענדליך פון דעם ווערען.

— האָסטו עלטערען, זעלען?

— ניין, איך בין א ממזר! און דו האָסט?

— יאָ, אבער דאָס איז אַלץ איינס.

ס'איז ווידער שטיל געווארען, אלע האָט איצט די שטילקייט אונטערבראכען:

— דו שלאָפסט?

— ניין, איך ליעג דאָ און דענק אן די שטאַטוע פון גוסטאוו אדאָלף: ווילסטו מיר גלויבען אז...

— איז דיר נישט קאלט?

— קאלט? דאָ איז דאָך ווארעם!

— מיין רעכטער פוס איז אינגאנצען געפרוירען.

— נעבען דיר שטעהט דער פארבען קאסטען, נעהם פון דאָרט ארויס די בערשטלעך און לעג זיי דיר אונטער, וועט דיר בעסער ווע־רען.

— גלויבסטו, אז עס געהט נאָך ווענען אזוי שלעכט ווי אונז?

— שלעכט? איז דען אונז אזוי שלעכט, אז מיר האָבען א דאָך איבער'ן קאָפּ? ס'איז דאָ פּראָפעסארען אין דער אַקאַדעמיע וואָס האָבען פיעל ערגער געהאט ווי מיר, דער פּראָפעסאָר לונדשטראָם, האָט א גאַנצען ווינטער אין א פּארק געשלאָפען, און ער האָט בעהויפּ־טעט, אז יעדער נאכט נאָך איינס א זייגער האָט מען מעהר אין פּארק נישט געקענט קיין פּלאַץ געפינען.. נאָ, איצט א גוטע נאכט, איצט וויל איך שלאָפען.

זעלען איז שטארק איינגעשלאָפען, אבער אַלע האָט זיך אויפ־געהויבען און ער איז ארומגעגאנגען אין צימער אויף און אָב, ביז אין מזרח זייט איז ליכטיג געווארען. דער טאג האָט אויף איהם רחמנות געהאט און האָט איהם די רוהע געשענקט, וואס די נאכט האָט איהם נישט געגעבען.

## פינף-און-צוואנציגסטעס קאפּיטעל.

### ש א ך ־ מ א ט.

דער ווינטער איז אוועק, אביסעל לאנגזאם פאר די אונגליקליכע און אביסעל שנעל פאר די גליקליכע, דער פריהלינג איז געקומען מיט זיינע אבגענארטע האָפנונגען אויף די זון און גרין, ביז צום זומער, א קורצע פארברייטונג פאר'ן הערבסט.

אין א פריה־מארגען אין מאָנאט מאַי, איז דער ליטעראט אר־וויד פאלק געגאנגען פון דער רעדאקציע, „די ארבייטער־פאָהן". נעבען דעם האָפען און האָט צוגעקוקט ווי מען לאָדעט אויס פון די לאסט־שיפען, זיינע שווארצע האָר, זיינען לענגער געווארען, לויט די מאָדע

און זיין באָרד האָט זיך צוּוואַקסען, דאָס האָט צוגעגעבען זיין מאָ־
גערעם געזיכט כמעט א ווילדען אויסזעהן, זיינע אויגען האָבען גע־
ברענט אזוי ווי פייער, וועלכעס זעהט זיך נאָר ביי א פאנאטיקער
אָדער א טרינקער.

ס'האָט אויסגעזעהען אזוי ווי ער זאָל צווישען די שיפען עפּעס
וועהלען, נאָך א לאַנגען צעגערען, איז ער צוגעגאַנגען צו א מאַטראָז,
וואָס האָט געפיהרט א פּאַק וואַרע אויף א וועגעלע, און גריסענדיג
העפליך מיט'ן הוט, האָט ער געפרעגט:

— קענט איהר מיר נישט זאָגען וואוהין דיעזע שיף געהט?

— שיף? איך זעה נישט קיין שיף!

די אַרומשטעהענדע האָבען זיך צולאַכט.

— ווען איהר ווילט אבער וויסען וואו דיעזער קאַסטען געהט,
געהט דאָרט אהין און לייענט.

פאַלק האָט זיך געפיהלט בעליידיגט, ער האָט זיך איינגעהאַלטען
און האָט אביסעל העפטיגער געפרעגט:

— קענט איהר נישט געבען א העפליכען ענטפער, אויף א העפ־
ליכע פראַגע?

— וואָס? געה מיר צום שוואַרצען יאָהר, דו! קום נישט אהער
בעליידיגען! פּאַסט אויף!

דער געשפּרעך איז אבגעבראָכען געוואָרען, און פאַלק האָט
ענדליך אַן ענטשלוס געפאַסט, ער האָט זיך אומגעקעהרט, און איז
געגאַנגען מיט די גאַסען ביז ער איז געקומען אויפ'ן מאַרק, דאָרט
האָט ער זיך אריינגעדרעהט אין א זייטען־געסעל און איז געבליבען
ביי א טיר פון א שמוציג הויז, ווידער האָט ער געצעגערט, ווייל זיין
אונענטשלאָסענהייט האָט ער קיינמאָל נישט געקענט בעקעמפפען.

ס'איז אַנגעקומען א קליינער אבגעריסענער אינגעל צו לויפען
אין האַנט האָט ער געהאַלטען לאַנגע שטרייפען צייטונגס־קאָרעקטור:
פאַלק האָט איהם איינגעהאַלטען.

— איז דער רעדאַקטאָר אויבען? — האָט פאַלק געפרעגט.

— יא, ער איז שוין דאָ זייט זיעבען א זייגער, — האָט דאָס
אינגעל געענטפערט, ציהענדיג שווער דעם אטעם.

— האָט ער נאָך מיר געפרעגט?

— יא, פיעל מאָל!

— איז ער בייז?

— יאָ, דאָס איז ער שטענדיג.

און דאָס אינגעל איז ווי א פייל די טרעפּ ארויפגעלאָפען. פאלק איז איהם נאָכגעגאנגען און איז באלד געווען אין רעדאקציאָנס־צי־מער. ס׳האָט אויסגעזעהען ווי א לאָך מיט צוויי פענסטער אויף א טונקעלע גאס ארויס; ביי יעדען פענסטער איז געשטאנען א נישט געפארבטער הילצערנער טיש מיט פאפּיער, פעדער, צייטונגען, א שער און א פּאָר פלעשעלעך טינט.

נעבען איין טיש איז געזעסען זיין אלטער פריינד איגבערג, אין א צוריסענעם שווארצען ראק און האָט געלעזען קארעקטור, און נעבען דעם צווייטען טיש, וועלכער איז געווען פאלק׳ס, איז געזעסען א מאן אהן א ראָק, א שווארצע זיידען מיצעל אויפ׳ן קאָפּ, זיין פּנים איז געווען מיט א רויטע בארד בעוואקסען, זיין דיקע פיגור מיט די גראַ־בע פארמען האָבען דעם ארבייטער פערראַטהען.

ווען פאלק איז אריינגעקומען, האָט דער מאן געמאכט א העפ־טיגע בעוועגונג מיט די פיס אונטער׳ן טיש, ער האָט ארויפגערוקט די העמד־ארבעל, גענומען די שער פון׳ם טיש, האָט אויסגעשניטען א שטיק פון די מארגען־צייטונג און האָט געפרעגט מיט א גראבען טאָן נישט אומקוקענדיג זיך צו פאלק׳ן:

— וואו זייט איהר געוועזען?

— איך בין קראנק געווען, — האָט פאלק געענטפערט.

— דאָס איז ליגען, איהר זייט ערגעץ געווען און האָט גע־שיכור׳ט, נעכטען זייט איהר געוועזען אין קאפע, איך האָב אייך דאָרט געזעהען.

— דאָרף איך אפשר נישט?..

— איהר מעגט זיין וואו איהר ווילט, אבער דאָ מוזט איהר זיין אין צייט, דער זייגער איז שוין א פיערטעל נאָך אכט. איך ווייס אזאלכע העררען וואס האָבען בעזוכט די אוניווערזיטעט און דענקען אז זיי האָבען דאָרט שרעקליך פיעל געלערענט, ווייסען קיינמאָל נישט קיין אָרדענונג אין׳ם לעבען, איז דאָס נישט אן אונרעכט, שפּעט צו קומען? פיהרט איהר זיך נישט אויף ווי א פאראזיט צו לאָזען אייער ארבייט טהאָן, פון׳ם ארבייטס־געבער? וואס? ס׳איז איצט א פער־קעהרטע וועלט, דאָס זעה איך, דער ארבייטס־נעהמער בעהאנדעלט זיין מיינסטער, איך וויל זאָגען, זיין ארבייטס־געבער ווי א הונט, און דאָס קאפּיטאל ווערט אונטערדריקט, אזוי איז עס!

— ווען זייט איהר געקומען צו אזאלכע אנזיכטען?

— ווען? איצט, מיין הערר! טאקע ערשט איצט! און איך האף, אז דיעזע אנזיכטען זיינען גוט, אבער נאך עטוואס אנדערש האב איך איצט ערפאהרען, איהר קענט דאך נישט ריכטיג שרייבען! קוקט אהער! ווי שטעהט דא? לייענט! „מיר האפע,ן אז אלע, די נעכסטעם יאהר, וועלען מאכען איבונג"... האט מען אזעלכעס געהערט! „די נעכסטעם יאהר"...

— יא, דאס איז ריכטיג! — האט פאלק געזאגט.

— איז דאס ריכטיג? ווי קענט איהר דאס בעהויפטען? אינ'ם טעגליכען געשפרעך זאגט מען „דאס נעכסטע יאהר" נא, מוז מען אויך אזוי שרייבען.

— יא, דאס קען מען אויך; אבער צייט בעשטימונגען קענען אמאל אין אונבעשטימטהייט שרייבען.

— נאר נישט אויסגעלערנטע פראזען, אזאלכע דומהייטען זאלט איהר מעהר. פאר מיר נישט פארברענגען, מיט א געשריי האט ער זיך אויפגעהויבען פון'ם שטוהל און האט דעם אינגעל געגעבען א פאטש.

— וואס, דו שלאפסט גאר, אינ'ם ליכטיגען טאג, דו פוילער הונט! דיך וועל איך שוין לערנען ווי אזוי נישט צו שלאפען, פאר קלעפ ביזטו נאך נישט צו אלט.

ער האט דעם אינגעל גענומען ביי די שלייקעס און האט איהם א ווארף געגעבען אויף א פאק אלטע צייטונגען, ער האט ארונטער־גענומען זיין בויך־פאס און האט איהם געשלאגען.

— איך בין נישט געשלאפען; איך בין נישט געשלאפען; איך האב נאר אביסעל איינגעדרימעלט! האט דאס אינגעל געשריגען פון שמערצען.

— אזוי, דו לייקענסט נאך! דו האסט דיך אויסגעלערנט ליע־גען זאגען, אבער איך וועל דיך שוין לערנען דעם אמת זאגען. האסטו געשלאפען אדער נישט? זאג דעם אמת, אז נישט מאכסטו דיך אונגליקליך!

— איך האב נישט געשלאפען, — האט דאס אונגליקליכע אינ־געל געשטאמעלט, וואס איז געווען צו יונג און אונשולדיג צו פער־טיידיגען זיך מיט א ליעגען.

— אזוי, דו לייקענסט נאך אלץ! אזא איינגעשפארטער הונט! אזא פרעכער ליעגנער!

— ער האָט געוואָלט דאָס אינגעל נאָך מעהר שלאָגען. פאלק האָט זיך אויפגעשטעלט, ער איז צוגעגאנגען צום רעדאקטאר און האָט געזאָגט מיט א פעסטער שטימע:

— איהר זאָלט דעם אינגעל נישט שלאָגען! איך האָב געזעהען, אז ער איז נ י ש ט געשלאָפען.

— וואָס? הערט נאָר הערט! איז דאָס נישט קאָמיש? כ'זאָל איהם נישט שלאָגען!.. ווער זאָגט עס אזוי? איך גלויב, אז א פליעג האָט מיר אין די אויערן אריין געזשומעט. און אפשר האָב איך פאלש געהערט; איך האָף אזוי, איך האָף עס צו גאָט! — הערר איגבערג! איהר זייט א פיינער מענש; איהר האָט נ י ש ט שטודיערט, האָט איהר אפשר געזעהען, אויב דאָס אינגעל וואָס כ'האָלט איצט ווי א פיש ביי די שלייקעס, צו האָט ער געשלאָפען?

— ווען ער איז נישט געשלאָפען, האָט ער געהאַלטען ביים איינשלאָפען, — האָט איגבערג דיפּלאָמאטיש געענטפערט.

— דאָס איז גוט געענטפערט! ווילט איהר אזוי גוט זיין, הערר איגבערג, איהם צו האַלטען און איך וועל איהם מיט א שטעקען אויס־לערנען דעם אמת זאָגען?

— איהר האָט נישט קיין רעכט איהם צו שלאָגען — האָט פאלק געזאָגט, — ריהרט איהם נאָר אָן, וועל איך עפענען א פענסטער און ארויפרופען א פּאָליצמאַן.

— איך בין הערר דאָ אין הויז און איך האָב א רעכט צו שלאָ־גען מיין לעהרן אינגעל. ער איז א לעהרען אינגעל, שפּעטער זאָל ער אין רעדאקציע ארבייטען. דאָס וועט ער, כאָטשע ס'איז דאָ א סך אקאַ־דעמיש געבילדעטע, וואָס גלויבען, אז אָהן זייער הילף קען מען קיין צייטונג נישט רעדעגירען. הער נאָר, גוסטאוו, לערענסטו נישט אלס צייטונגס שרייבער? וואָס? ענטפער! נאָר זאָג דעם אמת, אז נישט...!

די טהיר האָט זיך געעפענט, און א קאָפּ האָט אריינגעקוקט — א זעהר אויסערגעוועהנליכער קאָפּ, וואָס מען האָט אין דעם הויז נישט ערוואַרטעט; אבער זעהר א בעקאַנטער קאָפּ, ווייל פינף מאָל איז שוין זיין בילד געווען אין דעם „ארבייטער־פאָהן“.

דער אונבעדייטענדער קאָפּ האָט געהאַט אזא ווירקונג, אז דער רעדאקטאר האָט שנעל אויף זיך ארויפגעכאַפּט א ראָק, אנגעטהאָן זיך צוריק דעם פּאַס און האָט זיך טיעף פערנייגט.

דער שטאטסמאן האט געפרעגט אויב דער רעדאקטאר איז פריי, און האט בעקומען א צופריעדענשטעלענדען ענטפער.

דיביידע העררען זיינען אריינגעגאנגען אין דעם רעדאקטארס פריוואט צימער און די טיר האט זיך הינטער זיי פערשלאסען.

— איך פרעג נאר, וואס פאר א פלענער דער גראף האט איצט — האט איגבערג געזאגט, זעצענדיג זיך בעקוועם אויף א שטוהל, אזוי ווי א שול־אינגעל, ווען דער לעהרער איז אוועקגעגאנגען.

— איך פרעג גאר נישט — האט פאלק געזאגט, ווייל איצט ווייס איך שוין וואס פאר א לומפ ער איז, און וואס פאר א לומפ דער רעדאקטאר איז, איך פרעג נאר, ווי אזוי דו ביזט אויס א פשוט'ע בהמה געווארען א נידערטרעכטיגער הונט און האסט זיך צו אזעלכע שענדליכקייטען איבערגעגעבען.

— דו מוזט נישט אזוי שטרענג זיין, ליעבער פריינד!

— דו ביזט לעצטע נאכט נישט געוועזען ביי דער זיצונג?

— ניין, נאך מיין אנזיכט נאך, האט דער רייכסראט קיין שום בעדייטונג נישט, נאר בלויז פאר פריוואט אינטערעסען. ווי איז עס געגאנגען מיט די שלעכטע געשעפטען פון די געזעלשאפט „טריטאן"?

— ביי אן אלגעמיינער אבשטימונג איז בעשלאסען געווארען, אז די רעגיערונג זאל די געשעפטען איבערנעהמען, און די געזעלשאפט ווערט ליקווידיערט, ד. ה. די גרינדער זיינען מעהר נישט פעראנטווארטליך!

— דאס מיינט, אז די רעגיערונג וועט האלטען דאס הויז אין דער צייט ווען דער פונדאמענט וועט איינפאלען, כדי די דירעקטארען זאלען צייט געווינען און זאלען ערגעץ פערשווינדען!

— יא, איך קען זיי גוט, אט די דאזיגע חברה, זיי ליגען און פוילען אויפ'ן בויך און טרייבען מיט זייער געלד, וואוכער, אבער אם ליעבסטען וואלט איך וועלען זעהען די דאזיגע בעטריגער אין אסטראג, וועט וועניגסטענס דערנאך, אזאלכע בעטריגערישע אונטערנעהמונגען נישט קענען עקזיסטירען. דאס רופט מען פאליטישע עקאנאמיע! פוי, צום טייוועל! — נאך איינס! — דו ווילסט מיין שטעלע! דו זאלסט זי האבען! דו זאלסט נישט זיצען אין דיין ווינקעל און קוקען ביטער אויף מיר, ווייל דו מוזט אונטער מיר די קארעקטור לעזען, איך האב שוין ביי דעם פרייהייטס הונט, וועלכען איך פערוואכטע, גענוג נישט קיין געדרוקטע ארטיקלען ליגען. ס'איז מיר שוין צו־ווידער אויסצו־

שניידען רויבער־געשיכטען, דאָס „רויט־קעפּעל" איז פאַר מיר געווע־
זען צופיעל קאָנסערוואַטיוו, אבער די „ארבייטער־פאָהן" איז פאַר מיר
צו שמוציג.

— דאָס איז גוט, וואָס דו ווילסט דאָס אויפגעבען און דו ביזט
צום שכל געקומען, געה צו די „גרוי־הויבע" דאָרט וועסטו האָבען א
א צוקונפט.

— איך גיב דאָס אויף, כדי די זאַך פון די אונטערדריקטע צו
העלפען, און איך דענק, אז ס'איז א גרויסע אויפגאַבע, בעקאַנט צו
מאַכען דעם פּובליקום, און זיי אויפצוקלעהרען, ווי אזוי די עפענטליכע
מיינונג, איבערהויפּט די געדרוקטע, ווערט געשאַפען, אבער דעם
קאַמפּף אליין, וועל איך ק י י נ מ אָ ל נישט פערלאָזען!

די טיר פון רעדאַקטאָרס צימער האָט זיך ווידער געעפענט און
דער רעדאַקטאָר אליין איז פון דאָרט ארויסגעקומען, ער איז געבלי־
בען אין מיטען צימער און האָט כמעט מיט א העפליכען טאָן געזאָגט:

— ווילט איהר אזוי גוט זיין, הערר פאַלק, צו איבערנעהמען די
רעדאַקציע, אין דער צייט פון מיין אַבוועזענהייט? — איך מוז ווע־
גען העכסט וויכטיג געשעפטען אויף א טאָג אוועק פאָהרען, הערר איג־
בערג וועט אייך אין אַלץ העלפען, דער הערר גראַף בלייבט נאָך א ווײַ־
לע אין מיין צימער, — איך האָף, אז איהר וועט דעם הערר גראַף בע־
דיענען, ווען ער וועט עפּעס וועלען.

— ניין, דאָס איז נישט נויטיג, האָט דער גראַף פון'ם צימער זיך
אָנגערופען, זיצענדיג אריבערגעבויגען איבער א מאַנוסקריפּט, וואָס
האָט געהאַלטען אין פערטיג ווערען.

דער רעדאַקטאָר איז אוועקגעגאַנגען, און מערקווירדיג, מיט צוויי
מינוט שפּעטער איז דער גראַף אויך אוועקגעגאַנגען, ד. ה. ער האָט
אַבגעוואַרט די צייט, כדי מען זאָל איהם אין גאַס נישט זעהען צו־
זאַמען מיט'ן רעדאַקטאָר פון די ארבייטער־פאָהן.

— ביזטו זיכער, אז ער איז אוועקגעפאָהרען? — האָט איגבערג
געפרעגט.

— איך האָף אזוי, — האָט פאַלק געענטפערט.

— נו, וועל איך בעסער געהן אין גאַס. יא, וואָס האָב איך גע־
וואָלט פרעגען, האָסטו זייט דאַמאָלס געזעהען בערא?

— זייט ווען?

— יא, זייט זי האָט די קאַפע פערלאַזען און האָט זיך א צימער געדונגען?

— פון וואַנען ווייסטו דאָס?

— דו מוזט פערזוכען, רוהיג צו זיין, פאַלק! אז נישט וועט דיר קיינמאָל נישט גוט געהן!

— יא, איך מוז טאַקע, ווען נישט וועל איך פערליערען דעם פערשטאַנד! דאָס מיידעל וואָס איך האָב געליעבט, האָט מיך שענד־ליך בעטראָגען! דאָס וואָס זי האָט מיר נישט געוואָלט געבען... האָט זי געגעבען דעם דיקען פלייש־האַקער!.. און ווייסטו וואָס זי האָט גע־ענטפערט? זי האָט געזאָגט, אז דאָס איז א בעוויז ווי ריין זי ליעבט מיך!

— דאָס איז א דעליקאַטער ענטפער! און אפשר איז זי גע־רעכט, ליעבט זי דיך נאָך?

— זי פערפאָלגט מיך ווענינגסטענס!

— און דו?

— איך האָס זי, אזוי טיעף ווי איך קען נאָר, כ'האָב אבער מורא פאַר איהר נאָהענטקייט.

— דאָס הייסט, אז דו האסט זי נאָך ליעב!

— לאָמיר בעסער פון עטוואָס אנדערש רעדען.

— דו מוזט רוהיג זיין, פאַלק! קוק מיך אָן! איצט געה איך אויף דער זון, ביי דער דאָזיגער עלענדער עקזיסטענץ, מוז מען דאָך זיין לעבען געניסען. גוסטאוו, דו קענסט אַרונטערגעהן אויף א שעה אין קנעפלעך שפּיעלען.

פאַלק איז געבליבען זיצען אַליין ביים טיש. פאַר איהם זיינען געלעגען א הונדערט פּראָווינץ ־ צייטונגען, פון וועלכע ער האָט געדאַרפט אויסשניידען, ער האָט אַרונטערגענומען פון זיך די מאַנזשעטען און האָט זיי אנגעפאַנגען דורכצוזעהן. וואָס ער האָט געהאַלטען פאַר ווערט אויסצושניידען, דאָס האָט ער נישט גע־דאַרפט נעהמען, ווייל ער האָט געמוזט דענקען אין דעם פּראָגראַם פון זיין צייטונג. ווען די אַרבייטער פון א פאַבריק האָבען דעם ווערק־מייסטער געקויפט א מתנה, דאָס האָט ער געמוזט אויסשניידען, ווען דער הערצאָג פאָן האַלאַנד האָט עפּעס א קלאָץ איינגעווייהעט און דער דירעקטאָר האַלצהיין, האָט דאַרויף א געדיכט געשריעבען, האָט ער עס געמוזט צוזאַמען מיט געדיכט אויסשניידען, „ווייל אזאַלכעס

ווילען די לייטע לעזען". האָט ער געקענט פון דעם אביסעל אבלאכען, איז געווען נאָך בעסער.

דאָס אויסשניידען האָט געהאָט א רעגעל. אלץ וואס האָט גע־רוהמט די פּובליציסטען און די ארבייטער, און אלץ וואָס האָט געלאכט פון גייסטליכע, מיליטער, גרויס־הענדלער, אקאדעמיקער, ריכטער און בעריהמטע שריפטשטעלער, חוץ דעם האָט ער געדאַרפט ווענינסטענס איין מאָל א וואָך, אנצוגרייפען דאָס קעניגליכע טעאטער, און קריטי־קירען. די ליעדער פון'ם קליינעם טהעאטער, קריטיקירען אין דעם נאָ־מען פון מאראליטעט, ווייל דער שעף האָט געזאָגט, אז די ארביי־טער האָבען נישט ליעב דאָס טהעאטער, איין מאָל אין מאָנאט מוז די שטאָדט־פערוואלטונג פאר פערשווענדונג אנגעקלאָגט ווערען, און ביי יעדער געלעגענהייט, מוז מען אויך די רעגירונג אנגעגריפען ווערען.

פאלק האָט געארבייט מיט די שער, ביז זיין האנט איז שווארץ געווארען; דערנאָך האָט ער די שטיקלעך מיט גומי ראבי אויף פּאַפּיער אויפגעקלעבט און האָט צוגעקוקט ווי אזוי עס טרוקענט זיך אויף די זון.

דערנאָך האָט ער זיך א ווײלע פערטראכט, וואו ער זאָל מיטאג עסען? דערנאָך האָט ער זיך פעררויכערט די ליולקע, האָט געלאָזט אין דער הויך דעם רויך און האָט זיך געבאָדען אין די זונען שטראה־לען, דאָס האָט אביסעל ווייכער געמאכט זיין שטימונג צו שווערען, און ער האָט עס אנדערש געזעהען, ווי עס שטעהט דאָ אין די דאָזיגע טעגליכע, וועכענטליכע און האלב־וועכענטליכע בעריכטען, וואָס ווע־רען גערופען צייטונגען.

באלד האָט איהם ווידער א פערצווייפלונג ערפאסט, פונקט ווי א גארבער כאפּט מיט זיין לאנגען האקען די פעל און ווארפט ער צוריק אריין אין די שמוץ־וואנע, כדי איהר פארצובערייטען, איידער דאָס מעסער וועט די האָר אבקראצען.

ער האָט קיין שום געוויסענביסע, אָדער חרטה איבער זיין פער־לוירענעם לעבען נישט געפיהלט, נור ער איז גאנץ פּשוט געווען דאָ־ריבער פערצווייפעלט צו מוזען שטארבען אין זיין יוגענד, א גייסטיגען טויט, נאָך איידער ער האָט אָנגעפאנגען עטוואס צו טהאָן. די פער־צווייפלונג דאריבער, ווייל ער ווערט אזוי ווי אן אוננוציגעס שטע־קעלע אויפ'ן פייער געווארפען.

דער זייגער האָט געשלאָגען עלף אין דער דייטשער קירכע, און

דאָס גלאָקען־שפּיעל האָט אנגעפאנגען, צו דער גלייכער צייט, האָט ערגעץ אין גאַס אָנגעפאנגען שפּיעלען א דרעה־קעסטעל, אזוי פיעל מוזיק מיט אמאָל, האָט געבּרענגט ניי לעבען צו א בלעכער און ער האָט אָנגעפאנגען נאָך שטארקער צו קלאַפּען אין דער בלעך אריין.

אַלע דיעזע קולות האָבען געמאכט, אז פאלק האָט נישט געהערט ווי די טיר האָט זיך געעפענט און צוויי מענער זיינען אריינגעקומען: איינער איז געווען א לאנגע, מאָגערע טונקעלע פיגור מיט א געבויגע־נע נאָז און לאנגע האָר; דער צווייטער איז געווען א נידעריגע, בלאָנ־דע, דיקע געשטאלט, זיין פּנים האָט פון שוויים געגלאנצט און האָט כמעט אויסגעזעהען ווי די חיה וואָס די אידען האַלטען פאר דעם שמוציגסטען פון אַלע חיות...

— פּסט! — האָט דער לאנגער שטיל גערופען, — ביזטו אליין?

פאלק האָט אויסגעזעהען פון דעם בעזוך איבערראַשט צו זיין.

— איך בין גאַנץ אליין, דער רויטער איז פערדרייזט.

— אך, דאָס איז גוט! קום מיט אונז צוזאַמען עסען.

— פאלק איז נישט געווען דאגעגען, ער האָט פערשלאָסען די רע־דאקציע און איז מיטביידע געגאנגען אין די נאָהנסטע שענק אריין. וואו זיי האָבען ערגעץ אין דעם טונקעלסטען ווינקעל זיך אוועקגעזעצט.

— זעהסט, דאָס איז שנאַפּס! — האָט דער דיקער געזאָגט, און זיין אויג האָט געברענט קוקענדיג אויפ'ן שנאַפּס.

פאלק אבער וואָס איז נאָר בלויז מיטגעגאנגען, א טרייסט צו זוכען, האָט קיין אויפמערקזאמקייט נישט געשענקט קיין שום זאַך.

— איך האָב מיך שוין לאנג נישט געפיהלט אזוי אונגליקליך!

— האָט ער געזאָגט.

— נעהם דיר ברויט מיט פּוטער און הערינג — האָט דער לאנ־גער געזאָגט — פּסט! קעלנער!

— קענט איהר מיר אפשר א גוטע עצה געבען? — האָט פאלק ווייטער געזאָגט — איך קען שוין נישט אויסהאַלטען מיט'ן רויטען, און איך מוז...

— פּסט! קעלנער! האַרט ברויט — טרינק, פאלק, און פלוידער נישט קיין נארישקייטען.

פאלק איז אזוי ווי פון דער הויך אראָבגעפאלען, ער האָט שוין מעהר נישט געפּראוועט זיינע גייסטיגע ליידען דורך עצות גרינגער צו

מאכעז, ער האָט אבער געפונען אן אנדערען אויסוועג ווי אזוי זיך גרינגער צו מאכען, טרינקען...

— דו מיינסט, מיר זאָלען טרינקען? אזוי גערען ווי מיין נשמה לעבט!

דער שנאפס האָט זיך אין זיינע אָדערען געגאָסען אזוי ווי גיפט, ווייל ער איז נישט געווען געוואוינט צו טרינקען פאר מיטאג שטאר־קע געטרענקע. ער האָט זיך אָבער געפיהלט גוט, אפילו דער גרוך פון'ם עסען און דאָס זשומען פון די פליעגען האָבען איהם געהאָלפען. אפילו די שלעכטע געזעלשאפט מיט די שמוציגע וועש, צוריסענע רעק און נישט פערקעמטע האָר, האָבען הארמאָניערט מיט זיין אייגענעם ני־דעריגען צושטאנד, און ער האָט געפיהלט עפּעס א ווילדע פרייד.

— מיר זיינען נעכטען געווען אין טירגארטען און מיר האָבען געטרונקען, — האָט דער דיקער געזאָגט, כדי ער זאָל זיך דערמאָנען אין דעם פערגאנגענעם גענוס.

פאלק האָט נישט געהאָט וואס איינצוואווענדען געגען דעם, און זיינע געדאנקען האָבען גלייך אנגעפאנגען איבער עפּעס אנדערש צו טראכטען.

— איז דאָס נישט שעהן, א פאר מיטאגען פריי צו האָבען? — האָט דער לאַנגער געזאָגט.

— יא, ס'איז שעהן, — האָט פאלק געענטפערט, און האָט גע־ווארפען א בליק דורכ'ן פענסטער, די פרייהייט פון'ם הויף צו זע־הען, האָט ער בלויז געזעהען א פייער־לייטער און אן אלטען קאס־טען אויפ'ן הויף, און קוים וואס איז ארייננעפאלען א שטיקעל שיין פון'ם זומערדיגען הימעל.

— א האָלבען! אזוי! — אה! — נא, דו טרעט אַן? האהאהא!

— דו דארפסט נישט לאכען, — האָט פאלק געזאָגט, — מאנכע ארעמע וועלען ליידען!

— וואָס פאר א ארעמע? ארעמע קאפּיטאליסטען? געפינסטו אז ס'איז אזעלכע צו בעדויערען, וואָס ווילען ניט ארבייטען נאָר לעבען פון זייער געלד? ניין מיין פריינד, דו האָסט נאָך אלץ דיינע פאראורטיי־לען! אין די צייטונג, איז געשטאַנען זעהר א קאָמישע געשיכטע ווע־גען א גרויס־הענדלער, וואס האָט געגעבען פאר די קינדער־קריפּעל־אנשטאַלט בית לחם 20,000 קראָנען און ער האָט דערפאר געקראָגען א מעדאל פון דער רעגיערונג; האָט זיך אָבער דערנאָך ארויסגעצייגט,

אז דאָס איז געווען טריטאָן אקציעס און זיי זיינען גאר נישט ווערט, איצט מוז די אנשטאלט ליידען און האָט געמוזט ערקלעהרען קאָנקורז. דאָס פערמעגען פון דער אנשטאלט איז געווען 25 וויעגען און אַן אוילבילד פון אַן אונבעקאנטען מאהלער, דאָס בילד האָט מען געשאצט 5 קראָנען! איז דאָס נישט הערליך? האהאהא!

פאלק האָט זיך געפיהלט ביי דיעזען געשפרעך אונאנגענעהם בעריהרט, ווייל ער האָט פון דעם בעסער געוואוסט איידער די אנדערע.

— האָסטו געזעהען ווי דאָס „רויטקעפּעל“ האָט דעם הומבאג־מאכער שענשטראָם די מאסקע ארונטערגעריסען, וועלכער האָט ארויס־געגעבען זיינע עלענדע געדיכטע? — האָט דער דיקער געזאגט. עס איז געווען אַן אמת׳דיגער פערגעניגען איבער דיעזען דומקאָפּ אמאָל עפּעס צו לעזען, איך האָב איהם אייניגע מאָל אין די „קופּערשלאנג“ אביסעל ארונטערגעריסען.

— יאָ, אבער דו ביזט געווען אביסעל אונגערעכט נעגען איהם; זיינע פערזען זיינען נישט אזוי שלעכט — האָט דער לאנגער געזאגט. — שלעכט? זיי זיינען פיעל ערגער געווען פון מיינע, וואָס די „גרויהויבע“ האָט ארונטערגעריסען, דו געדענקסט?

— זאָג נאָר, פאלק, ביזטו געווען אין טיר־גארטען־טהעאטער?

— האָט דער לאנגער געפרעגט.

— ניין!

— דאָס איז אַ שאָד! דאָרט שפּיעלען איצט די לונדהאלמעשע רויבער־באנדע. דער דירעקטאָר איז אַ פּרעכטער הונט, ער האָט נישט געשיקט קיין בילעטען צו די „קופּער־שלאנג“, און ווען מיר זיינען נעכטען געקומען אין טהעאטער, האָט ער אונז ארויסגעיאגט, דאָס וועט ער שוין קריגען בעצאָהלט! ווילסטו וועגען דעם הונט נישט שרייבען? דאָ האָסט פּאפּיער, טינט און פעדער, איצט שרייב איך: טהעאטער און מוזיק אין טיר־גארטען־טהעאטער איצט ווע‏סטו שרייבען!

— איך האָב דאָך אבער די טרופּע נישט געזעהען!

— דאָס מאכט נישט! האָסטו נאָך קיינמאָל נישט געשריבען איבער אַ זאך, וואָס דו האָסט נישט געזעהען?

— ניין, דאָס האָב איך נישט, איך האָב פיעלע די מאסקע ארונ־

טערגעריסען, כ'האָב אבער קיינמאָל נישט קיין אונשולדיגע אנגעגרי־פען, און די טרופּע קען איך נישט.

— אך, זיי זיינען עלענדע פּורצעס! — האָט דער דיקער בע־שטעטיגט, מאך שפּיציג דיין פעדער, און גיב א שטאך דעם דירעק־טאר, אזוי ווי דו קענסט.

— פאר וואס שטעכט איהר נישט אליין? — האָט פאלק גע־פרעגט.

— ווייל די זעצער קענען אונזער האנט־שריפט, און זיי פלעגען אין דעם טהעאטער אויפטרעטען אלס שטאטיסטען, איבעריגענס איז דער דירעקטאר אזא ווילדער חברה־מאן, אז ער וועט די גאנצע רע־דאקציע איינרייסען, אבער דו וועסט שרייבען, וועט עס הייסען אזוי ווי איינער פון'ם פאָלק. איצט פאלק, וועסטו שרייבען איבער'ן טהעא־טער, דערנאך וועל איך שרייבען איבער מוזיק, לעצטע וואך איז גע־ווען א קירכען־קאָנצערט, הייסט ער נישט דאוויברי?

— יא, פערגעס אבער נישט, אז ער איז א טענאר, און האָט געזונגען דאָס הייליגע קירכען־געזאנג, פון מענדעלזאהן. דאָ האָסטו א פּראגראם, איך דענק אז עס שטעהט דארט א שטיקעל רעצענזיע אי־בער די מוזיק, וועסט עס קענען אביסעל בענוצען...

פאלק האָט זיך נישט געקענט איינהאלטען פון לאכען:

— ס'קען דאך נישט דעם זעלבען טאָג פון די אנצייגע א רע־צענזיע שטעהן דארין.

— ס'קען יא, נאָר ס'איז נישט נויטיג, איך וועל שוין די רעצענ־זיע אליין שרייבען און די פראנצויזישע חברה אָנלערנען, דו זאלסט איצט נעהמען די ליטעראטור, דיקום!

— שיקען די פערלעגער צו די „קופער־שלאנג" ביכער? — האָט פאלק געפרעגט.

— ביזטו משוגע?

— קויפט איהר אליין די ביכער, כדי איהר זאלט האָבען דעם פערגעניגען איבער זיי צו שרייבען?

— קויפען? דו גרינער! נעהמט נאָך א גלאָז שנאפּס און זעה אוים פרעהליך, דערנאָך קריגסטו א קאטלעט.

— איהר לייענט אפשר גאר נישט די ביכער, וועלכע איהר רע־צענזירט?

— ווער האָט צייט ביכער צו לייענען? איז דען נישט גענוג וואס

מען שרייבט איבער זיי? מען לייענט די ציימונגען און דאָס איז גע־נוג. איבעריגענס איז אונזער פרינציפּ, אלע ארונטערצוררייסען.

— דאָס איז דאָך אבער א נארישער פּרינציפּ.

— אומגעקעהרט, מען קריגט דורך דעם אלע פיינד פון׳ם פער־פאסער אויף אונזער זייט, און מען האָט די מאיאָריטעט, די נייטראַ־לע האָבען ליעבער צו לעזען שלעכטס איבער אנדערע ווי לויב־גע־זאנגען!

— יא, אבער צו טרייבען אזא פאלשען שפּיעל מיט מענשליכע שיקזאלם!

— אַ, דאָס מאכט גוט, מענשען דארפען געזידעלט ווערען, אי־בערהויפּט קינסטלער...

—יא, איהר פיהרט דאָך אבער דעם אורטייל פון׳ם פּובליקום אויף א פאלשען וועג!

— דאָס פּובליקום וויל נישט קיין אורטהייל, דאָס פובליקום וויל בלויז זיינע ליידענשאפטען בעפריעדיגען, ווען איך זאָל לויבען דיין פיינד, וועסטו דיך דרעהען ווי א וואָרים, און וועסט זאגען, אז איך קען נישט אורטיילען, ווען איך אבער דיין פריינד לויבען, וועסטו שוין זאגען, אז איך קען אורטיילען... דיקוס, נעהם דאָס לעצטע דראמאטישע שטיק, וואָס איז ערשט ארויס פון די פּרעס.

— ביזטו זיכער, אז ס׳איז שוין ערשיענען?

— יא, געוויס! דו קענסט זאגען אז „ס׳האָט צו וועניג האנד־לונג“ ווייל דאָס פּובליקום איז צו דעם שוין געוואוינט, אז מען זאָל אזוי זאָגען, דערנאָך קענסטו קריטיקירען די שפּראך, דערנאָך זאָלסטו דיך ווארפען אויפ׳ן טהעאטער, פאר וואס מען האָט עס אָנגענומען, אבער זעה, זאָלסט נישט שרייבען וועגען דעם אויפפיהרען, דו קענסט שרייבען, „אז צוליעב מאנגעל אין פּלאַץ האָט מען עס אבגעלעגעט אויף אן אונבעשטימטע צייט.

— ווער איז דאָס דער אונגליקליכער וואס האָט געשריבען דאָס שטיק? — האָט פאלק געפרעגט.

— דאָס ווייסט מען נאָך נישט!

— איהר מוזט דאָך דענקען, וועגען זיינע עלטערען, זיין פאמי־ליע וואס וועלען לעזען דיעזע ווערטער, וואס זיינען אפשר אונגערעכט!

— אך! וואס האָבען זיי צו טהאָן מיט די „קופּער־שלאנג“? זיי ווייסען שוין ווי אזוי די „קופּער־שלאנג“ שרייבט.

— אבער האָט איהר גאַר קיין געוויסען נישט?

— דומהייטען, האָט דאָס פובליקום, דאָס „געעהרטע פובליקום" יא, א געוויסען? זארגען זיי זיך א סך פאר די ליטעראַטור און איהרע שאפער? נארישקייטען פאלק, אבער מיר מוזען האָבען אביסעל ביער. הע, קעלנער! — איצט וועסטו עפּעס הערען, ס'קען דיר נו־צען ברענגען.

דער לאנגער האָט פארגעלעזען וואס ער האָט געשריבען:

„ס'איז שוין זעהר לאנג, ווי מען האָט אזא קלאָגעדיגעס אין די שוועדישע פערזען־פאבריק געהערט, ס'איז א מין געקוויטשעריי צום פערצווייפלען, גרויסע אלטע מענשען, קלאגען אזוי ווי די קעץ אין מערץ! און זיי ווילען, אז די וועלט זאל זיך מיט זיין אינטערעסירען, זיי קלאגען איבער בלייכזוכט און פאָליפען, און אליין זיינען זיי גרויס און ברייט ווי די פערד, און זיינען רויט ווי די וויין־קעלנער. איינער יאמערט איבער די אונגעטריישאפט פון זיין ווייב, און אליין קויפט ער די ליעבע ביי א גאסען־מיידעל; איינער זינגט, אז ער האָט ניט גיין געלד נאָר בלויז זיין הארפע — אזא ליגנער! ער האָט פינף טויזענד קראָנען א יאָהר צינזען, איינער פרעדיגט מאראל און צוריקגעהאלטענ־קייט, און אליין איז ער דער נידערטרעכטיגסטער שורקע און דער העסליכסטער ציניקער, וואס קען זיין מויל נישט עפענען אהן שמוץ און גראבהייטען!.. זייערע פּאָעזיען זיינען אויך קיין האָר נישט בע־סער ווי די פון פאר דרייסיג יאָהר, וואס א געליעבטער האָט אונטער־געשריעבען, אונטער די שפּיעל־נאָטען פון זיין געליעבטע, זיי דאר־פען בעסער שרייבען פאר די בעקערס, און זאָלען נישט בעלעסטיגען מיט זייערע קאצען־יאמערישע געדיכטע, די פערלעגער, דרוקערייען און קריטיקער, איבער וואס שרייבען זיי? איבער גאָר נישט, דאָס הייסט איבער זיך אליין, ס'איז נישט פאסענד צו רעדען איבער זיך, אבער צו שרייבען איבער זיך, איז שוין פאסענד... איבער וואס קלאָגען זיי? איבער זייער אונפעהיגקייט, אן ערפאלג צו ערררייכען? ערפאלג! דאָס איז א שעהן ווארט! האָבען זיי אן איינציגען געדאנק ארויסגע־בראכט, אז ס'זאל די מענשען און די געזעלשאפט צו עטוואס בעווע־גען? פאר וואס קומט זיי ערפאלג? האָבען זיי זיך אמאל אנגענומען פאר די ליידענדע? ניין, זיי זיינען גארנישטע, און זייערע פערזען זיי־נען קאצעניאמער און נארען־טרעהרען. זיי האָבען מעהר נישט גע־וואלט נאָר, די שוועדישע ליטעראַטור־געשיכטע זאָל זיי דערמאָנען".

— דאס איז ביטער! וואס?

— איך געפין, אז דאס איז אונגערעכט! — האט פאלק גע־זאגט.

— און איך געפין, אז ס'איז גוט, אבער דו מוזט דאך אזוי פיעל צוגעבען, אז ס'איז גוט געשריעבען, ער האט א פעדער, דער לאנגער, אז ס'געהט אזש דורך די זוילען פון די שיף.

— שווייגט איצט און שרייבט, קינדער, וועט איהר דערנאך קריגען קאפע מיט קאניאק.

און זיי האבען געשריבען איבער דעם ווערט און אונווערט פון מענשען, זיי האבען צושמעטערט הערצער, ווי מען צוברעכט אייער.

פאלק האט געהאט א פערלאנג נאך פרישע לופט, ער האט גע־עפענט דאס פענסטער צום הויף, ס'איז אבער געווען א שמאלער טונ־קעלער הויף, אין וועלכען מען האט זיך געפיהלט ווי אין א קבר און מען האט קוים געקענט זעהען א פיערעקיג שטיקעל הימעל, ווען מען האט דעם קאפ פעררויסען. פאלק האט געגלויבט אז ער זיצט אויף זיין אייגענעם קבר, פון זיין יוגענד, עהרע און ערפאלג, און פון ערגעץ פיהלט ער דעם שארפען גרוך פון שנאפס און א פערפוילטען ריח פון עסענווארג, ער האט נאך אמאל דורכ'ן פענסטער געקוקט עפעס צו זעהן, וואס זאל קענען זיין אויג בעפריעדיגען, ער האט אבער בלויז געזעהען דעם גרויסען מיסט־קאסטען וואס איז געווען אנגעפילט מיט אוועקגעווארפענעם פוץ און אלטע הויז־זאכען, ער האט געלאזט זיי־נע געדאנקען ארויפקלעטערען אויף די לייטער וואס איז געשטאנען אין דאך אנגעלעהנט, אבער קיין מלאכים זיינען אויף איהר נישט ארויף און אראבגעגאנגען, אין דער הויך האט ער בלויז געזעהען דעם לערען בלויען גאר נישט.

פאלק האט זיך צוריק אוועקגעזעצט, ער האט גענומען די פע־דער און האט אנגעפאנגען שרייבען אונטער די איבערשריפט „טהע־אטער“.

פלוצלונג האט ער געפיהלט, ווי א שטארקע האנט האט זיין ארעם געפאסט און א פעסטע שטימע האט צו איהם געזאגט:

— קום מיט, איך מוז מיט דיר רעדען!

פאלק האט זיך אומגעקוקט און מיט ערשטוינונג האט ער געזע־הען, אז בארג שטעהט נעבען איהם און לאזט זיין ארעם נישט אב.

— דאַרף איך אייך פאַרשטעלען... — האָט פאַלק אָנגעפאַנגען.

— ניין, דאָס דאַרפסטו נישט, — האָט איהם בארג אונטער־בראָכען, איך וויל נישט מיט קיין שנאַפּס־ליטעראַטען בעקאַנט ווערען. קום נאָר! און ער האָט פאַלק'ן צוגעשלעפּט צו די טיר.

— וואו איז דיין הוט? אַזוי, האָסט איהם, נאַ קום!

זיי זיינען אויף די גאַסען געקומען, בארג האָט פאַלק'ן גענומען אונטער'ן אָרעם און האָט איהם געפיהרט צו א נאָהענטען פּלאַץ, ער האָט אריינגעפיהרט אין א קראָם פון שיפּס־ארטיקלען און האָט דאָרט געקויפט א פּאָר זעגעל־שיך, דערנאָך האָט ער איהם געפיהרט צום האַפען, דאָרט איז געשטאַנען א קליינע שיף שוין פאַרבערייטעט צום אָוועקפאָהרען, אויף די שיף איז געזעסען דער יונגער לעווי און האָט שטודירט א לאַטיינישען גראַמאַטיק און האָט געגעסען ברויט מיט פּוטער.

— זעהסטו, — האָט בארג געזאָגט — זעהסטו די שיף „אַר־ריא“! אט זיצט דאָרט דער אידען־יונג איזאַק און לערנט די לאַטיי־נישע גראַמאַטיק, — דער אידיאָט וויל ווערען סטודענט — איצט וועסטו זעהן, זיין הויזלעהרער איבער'ן זומער, נאַ, פאָהרען מיר אויף זומער פרישע, זיי נישט דאגעגען, דו דומקאָפּ! ארויף געהן! און אב־פאָהרען! —

## זעקס־און־צוואַנציגסטעס קאַפּיטעל.

### בריעף־וועקסעל

קאַנדידאַט בארג צום זשורנאַליסט שטראַווע.

מעמדע, דעם 18טען יוני, ....18

אַלטער סקאַנדאַל־שרייבער!

ווייל איך בין גאַנץ זיכער, אז דו ווי אויך לעווין, האָט נאָך דאָס וועקסעל פון די שוסטער־באַנק נישט בעצאָהלט, שיק איך אייך אַן אונטערגעשריבענעם וועקסעל אויף א פרישען לייהען אין די בוימיינסטער באַנק, וואָס עס וועט נישט פער־ברויכט ווערען פאַר די פּראָצענטער ארונטערנעהמען, זאָל ווע־רען קריסטליך צוטיילט מיין טייל, בעט איך דיך, זאָלסטו שי־קען מיט די שיף קיין דאַלאַראָ, פון דאָרט וועל איך שוין אָב־נעהמען.

ברודער פאַלק האָב איך שוין א מאָנאַט אונטער מיין בע־האַנדלונג געהאַט, ער איז אויפ'ן וועג פון בעסערונג, דו דער־

מאנסט דיך, דאָס באַלד נאָך יענער צייט ווען מיר האָבען איהם געזעהען ביים באַנקעט פון זיין ברודער, און נישט וועלענדיג אָנ־נעהמען קיין שטיצע פון זיין ברודער, האָט ער אונז פערלאָזען און איז אריינגעטרעטען אלס מיטארבייטער אין די „ארבייטער־פּאָהן" און האָט דאָרט געשקלאַפּט פאַר פינפציג קראָנען א מאָ־נאַט.

די פרייהייטס־לופט פון דאָרט האָט דעמאראליזירט געווירקט אויף איהם. ער האָט אָנגעפאַנגען פיינד צו האָבען מענשען און האָט זיך שלעכט געקליידעט. איך האָב אָבער אין דער גאַנצער צייט געהאַט אויף איהם אַן אויג, דורך די פערמיטלונג פון יענער קאַפע־מיידעל בעדאַ, האָב איך אַלע מאָל געוואוסט וואו ער געפינט זיך, ווען איך האָב שוין געזעהען, אַז ס'איז שוין צייט, ער זאָל מיט די נידערטרעכטיגע, פרייהייטס־ליעבענדע „אר־בייטער־פּאָהן" אבברעכען, האָב איך איהם אהער געבראַכט.

איך האָב איהם געפונען אין א שענק, „צום שטערען", און די געזעלשאַפט פון צוויי סקאַנדאַל־שרייבער, מיט וועלכע ער האָט שנאַפּס געטרונקען, און האָבען אויף סקאַנדאַל־ארטיקלען געשריעבען, זיין צושטאַנד איז געווען טרויריג.

ווי דו ווייסט, בעטראַכט איך די מענשען מיט די בליקען פון אבסאָלוטע גלייכגילטיגקייט; איך נעהם זי אלס געאלאגישען שטודיום, אלס מינעראַלען; אייניגע קריסטאַליזירען זיך אין אַזא סיסטעם, און אייניגע אין אַן אַנדערען. פאַר וואָס זיי טהאָן דאָס, יאָ, דאָס הענגט אָב פון געזעצען און אומשטענדען, צו וועלכע מיר מוזען זיך גלייכגילטיג פערהאַלטען; איך וויין נישט איבער'ן קאַלך־באַרג, פאַר וואָס ער איז נישט אזוי האַרט ווי קריסטאַל.

דורך דעם האָב איך פאַלקס לאַגע אויך נישט אזוי טרויע־ריג גענומען. ס'איז איינפאַך געוועזען, דער פּראָדוקט פון זיין טעמפּעראַמענט, די אומשטענדען וואָס האָבען זיי טעמפּעראַ־מענט ארויסגערופען.

דאָך איז ער געווען עטוואָס „ארונטער" ווען איך האָב איהם געפונען, איך האָב איהם אויף די שיף געבראַכט און ער האָט זיך פערהאַלטען פּאַסיוו, אבער גראַד ווי מיר זיינען אָב־געפאָהרען, האָט ער זיך אומגעדרעהט, ביים ברעג איז געשטאַ־

נען בעדרא און האָט געוואונקען, ווי אזוי זי איז דאָרט אהין געקומען, דאָס ווייס איך נישט. פאלק איז געוואָרען ווי משוגע: איך וויל אויפ׳ן לאנד, האָט ער געשריגען און האָט געסטראשעט זיך אריינצוואוואַרפען אין וואסער, איך האָב איהם אָנגענומען ביי די הענט, האָב איהם אריינגעפיהרט אין א קאיוטע און האָב פערשלאָסען די טיר.

ווען מיר זיינען דורכגעפאהרען וואקסהאלם, האָב איך צוויי בריעף אוועקגעשיקט, איינעם צום רעדאקטאָר פון די „ארבייטער פאָהן" ער זאָל ענטשולדיגען פאלק׳ן פאר זיין אבוועזענהייט. און איינעם צו זיין ווירטין, אז זי זאָל איהם אהערשיקען זיינע קליידער.

דערנאָך איז ער אנדערש געוואָרען, ווען ער האָט דאָס גרויסע און די הויכע גרינע בעוואלדעטע בערג דערזעהען, איז ער געוואָרען סענטימענטאל, און האָט אנגעפאנגען צו פּלוידערען א מענגע אונזיניגע ווערטער; ער האָט נישט געגלויבט, אז ער זאָל נאָך אמאָל גאָטס (!) גרינע ערד צוזעהען, און נאָך אזאלכע נארישקייטען.

דערנאָך האָט זיך אין איהם ערוועקט עפּעס אזוי ווי א געוויסען, ער האָט געגלויבט, אז ער האָט נישט קיין רעכט גליקליך צו זיין, און זיך אויסצורוהען פון די ארבייטען, ווען אזוי פיעל מענשען זיינען אונגליקליך, ער האָט געגלויבט, אז ער האָט פערלעצט זיין פליכט געגען די לומפּען פון די ארבייטער־פאָהן, ווען איך האָב איהם געשילדערט זיינע ליידען פון די לעצטע צייט, האָט ער געזאגט, אז ס׳איז א פליכט פון יעדען מענשען צו ליידען און צו ארבייטען פאר אנדערע. די דאָזיגע אנזיכט האָט ביי איהם אנגענומען א רעליגיעזען כאראקטער, וואס איך האָב עס פון איהם, מיט זעלצער וואסער און זאלץ־בעדער ארויסגעטריבען. דער מאן איז געווען איינגאנצען געבראכען, איך האָב גרויסע שוועריגקייטען געהאט ביז איך האָב איהם פון דעם ארויסגענומען; ווייל ס׳איז געווען זעהר שווער צו שיידען דאָס פסיכישע פון׳ם פיזישען.

איך מוז זאגען, אז אין געוויסע בעציהונגען, האָט ער אויפגערעגט מיינע בעוואונדערונג. — איך בעוואונדער קיינמאָל נים, עס מוז ביי איהם זיין עפּעס אן אייגענטימליכער פערלאנג צו

האנדלען דירעקט נעגען זיינע אייגענע אינטערעסען, ווי גוט ס'וואלט איהם איצט געווען, ווען ער וואלט ביז איצט נאך גע־ווען א בעאמטער. אפילו זיין ברודער וואלט דאך איהם מיט א גרויסע סומע געלד געווען געהאלפען אנשטאט דעם, האט ער זיינע אויסזיכטען געשיקט צום טייוועל און האט זיך אנגענומען פאר'ן לומפיגען ארבייטער; אלץ צוליעב אידעען, נארישע אוטא־פיען וואס וועלען קיינמאל נישט אויסגעפיהרט ווערען.

איצט דאכט זיך, איז ער שוין אויפ'ן וועג פון בעסערונג, בעזונדערס נאך די לעצטע לעקציע, קענסט דיר פארשטעלען. ער האט גערופען די פישער פון דאנען „הער" און האט פאר זיי דעם הוט ארונטערגענומען, חוץ דעם, האט ער זיך מיט זיי אריינגע־לאזט אין קליינע הארציגע געשפרעכען און ער האט זיך גע־וואלט אונטעריכטען „ווי אזוי זיי לעבען", די פאלגען פון דעם זיינען געווען, אז אין א שעהנעם טאג האבען מיך די פישער געפרעגט, צו דער הערר פאלק וועט אליין בעצאהלען פאר זיין לאזשיע, אדער דער דאקטאר (איך) וועט עס טהאן, איך האב עס דערצעהלט פאלק'ן און ער איז געווארען טרויריג, ווי ער ווערט שטענדיג, ווען ער פערליערט איבער עפעס זיין גוטע מיינונג, מיט א צייט שפעטער האט ער גערעדט מיט די פישער איבער אלגעמיינע שטימרעכט, די פאלגע איז געווען פון דעם, אז מען איז געקומען צו מיר פרעגען: אויב פאלק לעבט אין שלעכטע אומשטענדען.

די ערשטע טעג איז ער ווי א וואהנזיניגער ארומגעלאפען נעבען ברעג, אפטמאל איז ער ווייט אוועקגעשוואומען אין וואסער, אזוי ער וואלט שוין מעהר נישט געוואלט צוריקקומען. נאר ווייל איך בעטראכט שטענדיג זעלבסטמארד פאר יעדענס מענשען־רעכט, האב איך איהם נישט געשטערט.

פאר איזאק'ן האט פאלק זיין הארץ אויסגעשיט און ער האט איהם דערצעהלט ווי אזוי די נימפפע בערא האט איהם אבגענארט.

יא, טאקע וועגע זאיזאק'ן, ער איז א פיינער קאפ, דאס קענסטו מיר גלויבען. נאך א מאנאט האט ער זיך אויסגעלע־רענט די לאטיינישע גראמאטיק, און לייענט לאטייניש אזוי ווי מיר לייענען די גרוי־הויבע. און נאך מעהר, ער ווייסט וואס

שטעהט דאָרט, און דאָס וואָס מיר ווייסען קיינמאָל נישט. זיין קאָפּ נעהמט אַלץ אויף און איז אויך איבערקלוגט; דאָס איז אַ מתנה פון גאָט, ער וועט אַמאָל זיין אַ זשעניע; מיר האָבען געזעהען אַ גלענצענדען ביישפּיעל פון זיין געשעפטס־טאַלאַנט.

איך קען נישט זיין ווירטשאַפטליכע לאַגע, ווייל ווען עס קומט צו געלד זאַכען טוהט ער אַלץ אין געהיים. איין טאָג אָבער האָט ער זיך געציינגט אונרוהיג, ווייל ער האָט געדאַרפט אַ פּאָר הונדערט קראָנען צו בעצאָהלען, ווייל ער האָט זיך נישט געוואָלט ווענדען צו זיין ברודער פון די „טריטאָן“ ווייל ער האָט מיט איהם אָבגעבראָכען, איז ער געקומען צו מיר. איך האָב אָבער איהם נישט געקענט העלפען. ער האָט גענומען אַ בויגען פּאָסט־פּאַפּיר; און האָט געשריבען אַ בריעף, וועלכען ער האָט מיט אַ בעזונדערען שליח אוועקגעשיקט.

פאַר דעם הויז וואָס מיר וואָהנען, איז געשטאַנען אַ היבש וועלדעל פון אייכען־בוימער, וואָס האָט אַן אנגענעהמען שאָטען פערשפּרייט און האָט בעשיצט פון'ם ים־ווינט. אייגענטליך פערשטעה איך זיך נישט אויף בוימער און נאַטור, אָבער איך האָב ליעב דעם שאָטען ווען ס'איז הייס. אין אַ פריה־מאָרגען, ווען איך האָב די פאָרהאַנגען אויפגעצויגען, האָב איך געזעהען אַז דער ברעג איז פריי און אַלע אייכענבוימער האָבען געפעהלט. נעבען ברעג איז אַ שיף געווען פעראַנקערט, אויף אַן אָבגעהאַקטען בוים־שטאַם, איז געזעסען איזאַק און האָט געצעהלט די בוימער וועלכע מען האָט אויף די שיף אנגעלאָדענט.

איך האָב אויפגעוועקט פאַלק'ן; ער איז געווען פערצווייפעלט און אויסער זיך, ער האָט זיך געקריגט מיט איזאַק'ן, וועלכער האָט ביי דעם געשעפט פערדיענט טויזענד קראָנען, דער פישער האָט געקראָגען צוויי הונדערט — ער האָט מעהר נישט פערלאַנגט, איך בין געווען בייז, נישט ווייל מען האָט אויסגעהאַקט די בוימער, נאָר ווייל איך אַליין בין נישט געקומען אויף דער אידעע.

פאַלק האָט געזאָגט אַז דאָס איז אַ געמיינהייט, אָבער איזאַק האָט זיך געשוואָרען, אַז אַזוי איז פיעל שעהנער, מען זעהט פריי דעם ים, און נעכסטע וואָך וועט ער זיך נעהמען אַ שיפעל און וועט פאַר דעם זעלבען צוועק אַרומפאָהרען צו די

גאָהנטע אינזלען.

דעם פישערס ווייב האָט א גאַנצען טאָג געוויינט; אבער דער פישער איז געפאָהרען קיין דאַלאַרא, כדי איהר צו קויפען שטאָף פאַר א קלייד. ער איז דאָרט געווען צוויי טאָג, און ווען ער איז צוריקגעקומען איז ער געווען שיכור, קיין שטאָף אויף א קלייד האָט ער נישט געבראַכט, ער האָט געזאָגט, אז ער האָט עס פערגעסען.

— נו, אדיע! שרייב באַלד און דערצעהל א פּאָר סקאַנדאַל געשיכטען, פערוואַלט גוט דאָס געליהענע געלד.

דיין טויט־פיינד און גוט־זאָגער ב א ר ג.

אָרוויד פאַלק צו בערא פּעטערסאָן.

נעמדרא, אויגוסט ...18.

ווען איך געה אַרום אין די לענג פון'ם ברעג און זעה, ווי בלומען קענען אינ'ם זאַמד וואַקסען, דענק איך דאַמאָלס ווי אזוי דו קענסט בליהען דעם גאַנצען ווינטער אין א שענק אויף די אַלטע שטאָדט.

איך קען דאָ קיין בעסערס נישט, ווי אויף ערגעץ א שטיין, נעבען ברעג מיך אויסשטרעקען און לאָזען קיצלען מיינע היפּען פון די שפּיצען אין דער צייט ווען איך קוק אויפ'ן ים, ווייל דאַן ווער איך שטאָלץ און בעטראַכט מיך פאַר א פּראָמיטעוס; צום שטיין צוגעשמידט, דער אַדלער אבער — דאָס ביזטו. —

ס'איז קיין גיהנם אויף די וועלט נישט געווען, איידער דאָס גן־עדן איז פריהער נישט פאַרטיג געוואָרען, איך וויל זאָגען איי־דער די פרוי איז געקומען!

אך, ווי שרעקליך ס'איז איבעראַל! האָב איך דיך נאָך ליעב? איך וויים נישט! נאָר פערגעסען האָב איך דיך נאָך נישט! און דאָס איז א וואונדער; זאָל דאָס ליעבע זיין? — ס'איז פאַר מיר אויף די גאַנצע וועלט נישטאָ קיין שטיקעל פּלאַץ! דיך וויל איך מעהר נישט זעהען, איך שרעק זיך פאַר דיר!

בערא פּעטערסאָן צו הערר פאַלק:

געליעבטער פריינד!

ערשט האָב איך דיין בריעף ערהאַלטען, איך קען אבער ניט זאָגען אז איך האָב איהם פערשטאַנען, איך זעה אז דו גלויבסט

אז איך בין נאָך אין די זאנדבערג־גאַס, דאָס איז אבער נישט אמת און איך קען פערשטעהן אז דיזער לומפּ האָט דאס פער־שפּרייט, עס איז אַ ליעגען און איך בין דיר מודה אז איך ליעב דיך נאָך אזוי ווי בעפאר, איך בענק שטענדיג דיך צו זעהן. עס קען אבער באלד נישט זיין.

דיין טרייע ב ע ד א.

נאַכשריפט. ליעבער ארוויד, ווען דו קענסט מיר ארויס־העלפען מיט דרייסיג קראנען ביז דעם פינפצעהנטען, דעם פינפ־צעהנטען וועסטו זיי זיבער צוריקקריגען, ווייל דאמאָלס וועל איך האָבען געלד. איך בין זעהר קראנק געוועזען, צום שטאר־בען קראנק. די מאמזעל פון׳ם קאפע איז געווען א פאסקודנע מויד, זי איז געווען אייפערזיכטיג אויף מיר, איבער דעם דיקען פלייש־האקער דורכדעם בין איך פון דאָרט אוועקגעגאנגען, אלץ וואָס זי האָט איבער מיר געפּלוידערט, איז געווען פערלײמדונג און ליעגען, לאָז דיר גוט געהן און פערגעס נישט דיין בעדא.

דאָס געלד קענסטו שיקען צו הולדע אינ׳ם קאפע, איך וועל עס שוין פון דאָרט אבנעהמען.

קאנדידאט בארג צום זשורנאליסט שטראווע.

נעמדע, אויגוסט ...18

קאזערוואטיווער שורקע!

האָסטו דאָס געלד צוגענומען, ווייל איך האָב דערפון גאר נישט געזעהן, נאָר איך האָב דערהאַלטען א מאהן־בריעף פון די שוסטער־באנק? דענקסטו אז מען מעג גנב׳נען ווייל „מען האָט א ווייב מיט קינדער!“ זאפארט זאָלסטו אבגעבען רעכענונג, ווען נישט וועל איך קומען אין שטאָדט און וועל מאכען א סקאנדאל!

פאלק איז אינגאנצען פערדרוקט געווארען, אין דיעזע טעג האָט ער דערהאַלטען א בריעף מיט א ווייבליכע האנד־שריפט, באלד קלעטערט ער אויף די בוימער און באלד פערשווינדט ער אין די טיעפקייט פון׳ם ים, וואהרשיינליך איז עס איצט דער קריזיס — דערנאָך וועל איך מיט איהם האָבען א פערנינפטי־גען געשפּרעך.

איזאק האָט פערקויפט זיין יאכט, אפילו נישט פרעגענדיג ביי מיר, און מיר זיינען איצט דורכדעם ברוגז, ער ליינט איצט

דאָס צווייטע בוך „ליוויוס“ און גרינדעט א פישער־געזעלשאפט.

אויסער דעם, האָט ער געקויפט פערשיעדענע פישער זאכען און אן אלטע קירכע, ס'איז נישט צום גלויבען, ס'איז אבער דאָך אמת, די קירכע איז שוין אזוי אלט, אז זי האָט געדיענט פאר די געמיינדע אלס שפייכלער, איך האָב איהם געפרעגט, צו וואָס ער האָט די קירכע געקויפט? האָט ער מיר געענטפערט, אז ער וועט זי אוועקשענקען צו דער אקאדעמיע, וועט ער אן אָר־דען בעקומען.

ווען איך וועל דעם קערל, דעם איזאַק נישט דערטרונקען, וועט ער נישט אויפהערען ביז ער וועט גאנץ שווערען אבקויפען.

נעהם דיך צוזאמען און זיי ארטיג, אז נישט וועל איך קור־מען אויף דיר אזוי ווי א גאָט, און דאן ביזטו פערלאָרען.

ה. באָרג.

נ. ב. ווען דו וועסט שרייבען א נאָטיץ איבער די באָד־געסט, זאלסטו נאָר מיך און פאלק'ן דערמאָנען, אבער איזאַק'ן נישט, זיין געזעלשאפט פאַנגט מיך אביסעל אָן צו זשעניערען — אָט איז ער געגאנגען און האָט פערקויפט די יאכט. שיק מיר צו אביסעל וועקסעל־בלאַנקעטען, ווען דו וועסט דאָס געלד שיקען.

קאנדידאט בארג צום זשורנאליסט שטראווע.

נעמדע, סעפטעמבער ...18.

עהרען־מאַן!

געלד דערהאלטען! ס'זעהט אבער אויס צו זיין געוועק־סעלט, ווייל די בוימיינסטער־באנק גיט אלע מאָל פינפציגער באַנק־נאָטען! אבער ס'איז אזוי אויך גוט!

פאלק איז געזונט, דעם קריזיס האָט ער דורכגעמאכט ווי א מאַן, ער האָט צוריקגעקריגען זיין זעלבסטגעפיהל: דאָס איז א זעהר וויכטיגע זאך, פאר אונזער קאמפף אינ'ם לעבען, ווי די סטאטיסטיק צייגט אז ס'איז דאָ זעהר א הויכען גראד ביי די קינדער וואָס פערלירען פריה זייער מוטער. ער האָט געזאגט, אז ער וועט ווידער ווערען בעאמטער, אבער פון זיין ברודער וויל ער קיין געלד נישט נעהמען. ער וועט צוריקקעהרען צו די געזעל־שאפט, ער וועט ווערען רעספעקטפול, ער וועט זיך אויסקעמפ־פען א סאָציאלע שטעלונג, און ער וועט אזוי לאנג קיין ווארט

נישט רעדען, ביז ער וועט ווערען אן אויטאָריטעט, און מען וועט זיך רעכענען מיט זיין וואָרט.

אָט דאָס איז זיכער גוטיג פאר איהם, ווען ער וויל זיין לעבען פארטזעצען, ווייל ער האָט אנלאגען צו שגעון, און ער וועט מוזען אונטערגעהן, ווען ער וועט זיך נישט ארויסשלאָגען פון'ם קאָפּ אלע זיינע אידעען, וועלכע איך פערשטעה אייגענט־ליך נישט, איך גלויב אויך נישט, אז ער אליין קען זאגען וואָס ער וויל.

ער האָט שוין אָנגעפאנגען מיט זיין קור: איך בין ער־שטוינט, פאר די פארטשריט וואס ער מאכט, ער וועט נאָך אמאָל ווערען א הויפּ־ם מענש!

דאָס האָב איך געגלויבט; יא! איז אבער דיעזע טעג צו איהם אריינגעפאלען א בוך איבער די פאריזער קאמונע, ווען ער האָט עס איבערגעלעזען, איז ער מיט אמאָל צוריקגעפאלען, ער האָט אנגעפאנגען ווידער אויף די בוימער צו קלעטערען. — דערנאָך איז ער אבער ווידער גוט געוואָרען, ער וויל שוין מעהר קיין בוך נישט לעזען, קיין וואָרט נישט רעדען! נעהמט אייך אין אכט פאר דעם מאן, ווען ער וועט אמאָל פארטיג ווערען!

איזאק האָט איצט אָנגעפאנגען גריכיש צו לערנען, ער האָט אויסגעפונען אז די לעהר־ביכער זיינען צו דום און צו לאנג, דאדורך צונעהמט ער זיי און שניידט אויס דאָס וויכ־טיגסטע; די שטיקלעך קלעבט ער אויף אויף אן אלטען אנגע־שריעבענעם העפט און אזוי שטודירט ער גריכיש.

זיין צופיעל וויסען אין די קלאסישע שפּראכען, מאכט איהם פרעך און אונאנגענעהם. ער האָט פאר איינינע טאג, גע־האט א דעבאטע מיט'ן פאסטאר און ער האָט בעהויפּטעט, אז דאָס קריסטענטהום איז ערפונדען געוואָרען פון אידען, און די אלע קריסטען זיינען פון אידען ארויסגעקומען; דאָס לאטיין און דאָס גריכישע האָט איהם פערדאָרבען! איך האָב מורא, אז איך האָב א שלאנג אין מיין בוזעם געבאוועט, ווען ס'זאָל אזוי זיין, מוז איך אמאָל דעם קאָפּ פון דער שלאנג צוטרעטען.

אדיע,

ה. באָרג.

נ. ב. פאלק האָט זיך זיין פראנצויזישע בארד אבראזיערט

און נעהמט שוין נישט אראב זיין הוט פאר די פישער־לייט.
איצט ווערסטו פון אונז אויס נעמדא מעהר נישט הערען,
ווייל מאָנטאג קומען מיר צוריק אין שטאָדט.

## זיעבען-און-צוואנציגסטעס קאפיטעל.

### געגעזונג.

ס'איז ווידער געוועזן הערבסט; אין א קלאָרען נאָוועמבער־פריה־מארגען, איז פאלק ארויס פון זיין איצטיגע עלעגאנטע וואהנונג אין די גרויסע גאס און איז געגאנגען צו דער מעדכען־שולע פון'ם מארק, אין וועלכע ער איז אויפגענומען געווארען אלס לעהרער איבער די שוועדישע שפראכע און געשיכטע צו אונטערריכטען.

ער האָט די הערבסט חדשים גוט בענוצט. נדי זיך ווידער אין דער ציוויליזירטער געזעלשאפט אריינצופאסען, און ער האָט דאביי געוואָר געווארען, וואס פאר א ווילדער ער איז אין די איינציגע יאהר געווארען, ער האָט זיין רויבער־הוט אויסגעטהאָן און האָט זיך א נייעם הויכען צילינדער געקויפט, וועלכער האָט אָנפאנגס אויף זיין קאָפ זיך נישט געוואלט האלטען, ער האָט זיך געקויפט הענטשקעס, איז ער געוועזן אזוי פערווילדעט, ווען די פערקויפערין האָט איהם געפרעגט, וואָס פאר א נומער ער וויל, האָט ער געענטפערט 15נער, אלע פערקויפערינס האָבען געלאכט פון איהם.

די מאָדע האָט זיך פיעל געענדערט זייט ער האָט זיך געקויפט די לעצטע קליידער; און ער האָט געדענקט אז ער איז א שטוצער, ווען ער איז די גאסען דורכגעגאנגען, האָט ער זיך ביי יעדען שוי־פענסטער גע־שפיגעלט, אויב אלעס ליעגט אויף איהם גוט.

איצט איז ער געגאנגען אויף און אב אויף דעם טראטואר נעבען דעם דראמאטישען טעהאטער און האָט געווארט, אז דער זייגער פון די יאקובינען־קירכע זאל שלאָגען ניין; ער האָט זיך געפיהלט אונרוהיג, אזוי ווי ער אליין זאל נאָך דארפען געהן אין שולע, ס'האָט זיך איהם אויסגעוויזען, אז דער טראטואר איז צו קורץ און ער האָט געגלויבט, אז ער לויפט ארום ווי א הונט אויף א קייט, היין און צוריק — היין און צוריק.

אין אויגענבליק האָט ער געדענקט, אז ער זאל זיין שפאציער־גאנג פערלענגערען, ער זאל ערגעץ ווייט אוועקגעהן, ווייל ער האָט געוואוסט אז די גאס פיהרט צו ליל־יאנס, ער האָט זיך דערמאנט אין דעם פריה־מארגען, ווען דערזעלבער וועג, האָט איהם אוועקגעפיהרט פון דער

געזעלשאפט, פון וועלכע ער איז דאמאָלס אנטלאָפען, ס'האָט איהם דאמאָלט ארויסגעפיהרט אין די פרייהייט, די נאטור און אין די — שקלאפעריי.

דער זייגער האָט געשלאָגען ניין, ער האָט זיך געפינען אין א פּאָר הויז פון די שולע, די טירען פון'ם שול־זאל זיינען נאָך געווען פערשלאָ־סען; אין דער האלב־טונקעלהייט האָט ער געזעהען פיעל קינדער־קליי־דער ארום די ווענט הענגען: היטען, מענטעלעך, הענטשקעס און מו־פען זיינען געלעגען אויף די טישען און אויף די פענסטער, אויפ'ן באדען זיינען געשטאנען גאנצע רעגימענטער שיך.

די הויז־טיר האָט זיך געעפענט און ס'איז אריינגעקומען א קליין צעהן־יעהריגעס מיידעל געפיהרט פון א גרעסערע יונגע מיידעל.

דאָס קליינע מיידעל האָט אויף איהם געקוקט מיט גרויסע פרייע אויגען און האָט זיך קאָקעטיש געניינט פאר איהם. דער לעהרער האט מיט פערלעגענהייט זיך צוריק פערנייגט, די קליינע שעהנהייט האָט געשמייכעלט; זי איז געקומען אביסעל צו שפּעט, אבער ס'האָט אויס־געוויזען, אז זי שרעקט זיך נישט פאר דעם, ווייל זי האָט זיך געלאָזט פון דער יונגער מיידעל אויסטהאָן דאָס מענטעלע און די קאלאשען. און האָט געמאכט אזא רוהיגע מינע אזוי ווי זי זאָל געווען צו א באָל קומען.

ס'האָט זיך געהערט א שפּיעלען פון די צימערען. זיין ברוסט האָט שטארקער אָנגעפאנגען קלאפּען, — וואס איז דאָס? — אה! דאָס איז דער ארגעל! הם! די אלטע ארגעל! יא! און א גאנצע מחנה פון קינדער שטימען זינגען: „יעזוס לאז מיך תמיד אנפאנגען!" פאלק האָט זיך געפיהלט שלעכט, און כדי ער זאָל זיין פאסונג צוריק געווינען האָט ער זיך דערמאנט אין בארג'ן און איזאק'ן.

ס'איז אבער געווארען נאָך ערגער: „פאטער אונזער וואס דו ביסט אין הימעל!" מיין גאָט! יא, דער אלטער פאטער — אונזער, ס'איז שוין לאנג — זעהר לאנג...

ס'איז געווארען אזוי שטיל, אזוי שטיל, אז מען האָט אזש גע־הערט די גאנצע מחנה קינדער זיך אויפשטעלען, דערנאָך האָבען זיך די טירען געעפענט, און א גאנצע בלומען־בעט פון יונגע מיידלעך פון אכט ביז פיערצעהן יאהר האָבען זיך בעוואויגען אהין און אהער, ער האָט זיך געפיהלט אין פערלעגענהייט, און ס'האָט זיך איהם אויסגעוויזען, אזוי ווי מען זאָל דערזעהן א גנב. ווען די אלטע פארשטעהערין

האט איהם די האנט געדריקט און האט איהם געזאגט ווילקאמען, האט זיך די בלומען־בעט בעוואויגען און האבען צווישען זיך שטיל גערעדט און האבען איהם מיט בליקען בעווארפען.

ער האט זיך אוועקגעזעצט ביי א לאנגען טיש, ארומגעגעבען פון צוואנציג פרישע געזיכטער מיט פרעהליכע בליקען; צוואנציג קינדער, וועלכע האבען קיינמאל נישט געפיהלט וואס הייסט נויט און ארעמקייט, זיי האבען אלע אויף איהם געקוקט פריי און נייגעריג. אנפאנגס האט ער זיך געפיהלט אונבעקוועם אבער ער איז באלד געווארען איינס מיט אנא, שארלאטע, מיט געארגינע און ליזא, דער אונטערדריקט איז געווארען צום פערגעניגען. ער האט זיי דערצעהלט פון גרויסע מענער, פון לודוויג דעם 16טען און אלעקסאנדער, ווי גרויס זיי זיינען געוועזען, ווייל זיי האבען געהאט ערפאלג. ער האט זיי געזאגט, אז די פראנצעזישע רעוואלוציע איז געוועזען א שרעקליכע געשעהעניש, ביי וועלכע דער עדלער לודוויג דער 16טער און די גוטע מאריא אנטאנעטא, האבען געהאט אן אונגליקליכע ענדע און אזוי ווייטער.

נאך די לעקציע איז ער געגאנגען צום קאלעגיום פון הויי־ליפערונג פאר די קאוואלעריע־רעגימענטער, וואו ער איז דארט אויך געוועזען בעאמטער, דארט האט זיך פאלק געפיהלטווארעם און פעריונגערט, אין דעם קאלעגיום וואו ער האט די קאזערוועטיווע צייטונג געלעזען, איז ער געזעסען ביז עלף א זייגער, דאן איז ער ארויפגעגאנגען אין דער קאנצעליי פאר שנאפס־ברענעריי; דארט האט ער געגעסען פרישטיק און האט געשריבען צוויי בריעף צו באוג'ן און שטראווע.

פונקט איינס א זייגער איז ער געוועזען אין די אבטיילונג פון די בעשטייערונג פון פערשטארבענע, דארט האט ער צוזאמענגערעכענט א ירושה פון א פערשטארבענעם, ביי וועלכען ער האט הונדערט קראנען פעודיענט. ביז מיטאג האט ער נאך צייט געהאט, דורכצולעזען די קארעקטור פון די וועלדער גזזעץ וואס ער האט פערפאסט אויפ'ן אויפטראג פון די רעגירונג.

אזוי איז געווארען דריי א זייגער. ווער ס'איז אין דער צייט געגאנגען איבער דעם ריטערהויז־מארק, האט אויף די בריק בעמערקט א יונגען הערר, וועלכער האט געמאכט א וויכטיגע מינע, אין זיינע קעשענעס האבען געשטעקט פאפיער העפטען, און זיינע הענט איבערגעלעגט אהינטער, ער איז רוהיג געגאנגען, נעבען אן אלטען, מאגערען, גרויהעריגען הערר, אין די פינפציגער, דאס איז געוועזען דער פארשטע־

הער פון דעם פערשטאַרבענעם בעשטייערונגס אמט. אַלע וועלכע שטאַר־
בען אין די גרענעצען פון די שטאַדט מוזען איהם אָנגעבען, וואָס זיי
פערמאָגען, נאָך דעם נעהמט ער זיין פּראָצענט; פיעל זאָגען, אַז דאָס
איז זיין בעשעפטיגונג, און אַנדערע מיינען, אַז ער גיט אַכטונג, אַז ער
נעהמט זיך אַן פאַר די ערד, און זעהט נאָך אַז די טויטע זאָלען גאָר
נישט מיטנעהמען מיט זיך, גענוג ער איז אַ מאַן וואָס אינטערעסירט
זיך מעהר מיט טויטע ווי מיט לעבעדיגע, דורכדעם געפינט זיך פאַלק
אין זיין געזעלשאַפט גוט. און יענער הענגט אין פאַלק'ן, ווייל פאַלק
זאַמעלט אַלע מינצען און אַטאָגראַפען, אַזוי ווי ער אַליין.

איצט זיינען דיביידע אַלטע פריינד געגאַנגען אין'ם רעסטאָ־
ראַנט „ראָזענגרין" וואו זיי זיינען זיכער, אַז קיין יונגע לייט וועלען זיי
דאָרט נישט טרעפען, דאָרט רעדען זיי פון אַטאָגראַפיע, עסען זייער מי־
טאָג, דערנאָך טרינקען זיי קאַפע אויף אַ סאָפע אין די קאַפע „ריד־
בערג" און קוקען דורך דעם קאַטאַלאָג פון אַלטע מינצען, אַזוי דויערט
ביז זעקס אַ זייגער, דערנאָך לעזען זיי די פּאָסט־צייטונג.

יעדער איז גליקליך אין דער געזעלשאַפט פון אַנדערען, ווייל זיי
קריגען זיך קיינמאָל נישט.

פאַלק איז געוואָרען אַזוי פריי פון אידעען און אַנזיכטען, אַז ער
איז געוואָרען דער ליעבענס־ווירדיגסטער מענש, און אַלע זיינע פאַר־
געזעצטען און קאַמעראַדען שעצען און ליעבען איהם.

פאַלק עסט אויך פיעל מאָל, מיטאָגס און נאַכטמאָלס ביי די פאָר־
נעהמטע פאַמיליען פון שטאָקהאָלם, אין וועלכע באָרג'ס פאָטער, דער
פּראָפעסאָר האָט איהם אַריינגעפיהרט, אָבער זיי האָבען קיינמאָל נישט
געוואוסט ווי ווייט מען האַלט מיט איהם, ווייל ער שמייכעלט שטענ־
דיג און זאָגט זיי אָנגענעהמע שטעך־ווערטלעך.

ווען ער ווערט אָבער זאַט פון פאַמיליען לעבען און געזעלשאַפטס
ליעגען, געהט ער דאַן אין דעם רויטען צימער: דאָרט טרעפט ער דעם
שרעקליכען באָרג, זיין בעוואונדערער, איזאַק לעווי, זיין געהיימען
פיינד שטראַווע, וועלכער האָט קיינמאָל קיין געלד נישט, און דעם
סאַרקאַסטישען זעלען, וועלכער ברייט זיך פאָר פאַר אַ צווייטען ער־
פאָלג.

לונדעל, וועלכער האָט זיינע רעליגיעזע בילדער אויפגעגעבען זייט
ער האָט פאַרטיג געמאַכט דאָס אַלטאַר־בילד, איז געוואָרען אַ שטאַר־

קער נאָכפאָלגער פון׳ם גריכישען פילאזאף אפיקור, און ער קומט נאָר אין׳ם רויטען צימער, ווען ער מוז אומזיסט עסען און טרינקען: ער לעבט איצט פון פאַרטרעט מאהלעריי, דאָס איז אַן ארבייט, וואס מען ווערט איינגעלאַדען צו פיעל מאָהל־צייטען, לונדעל בעהויפּטעט, אז די דאָזיגע געזעלשאַפט איז נויטווענדיג „צו שטודירען די כאַראַקטע־רע".

אַלע וואס ארבייט נאָך ערגעץ ביי אַ בילד־הויער, איז נאָך זיין גרויסע נידערלאַגע אַלס פּאָליטיקער און רעדנער געוואָרען פערפינס־טערט און מענשען־פיינדליך, און וויל זיינע פריהעריגע קאמראַדען מיט זיין אנוועזענהייט נישט „זשענירען", ער זיצט אַלע מאָל אליין פאַר זיך אין אַ ווינקעל.

פאַלק איז פרעהליך און ווילד ווען ער קומט אין דעם רויטען צי־מער, בארג דענקט אַז ער וועט מיט איהם גרויסע עהרע האָבען. ער איז אַ פייערינער יונג, זאַגט בארג שטענדיג, ביי איהם איז קיין זאַך נישט הייליג — אויסער די פּאָליטיק: די בעריהרט ער קיינמאָל נישט, דער־זעהט ער אבער אַמאָל דורך דעם רויך וואלקען, ערגעץ אין אַ ווינקעל זיין אַלטען פריינד אַלע מאַנטאַנוס זיצען, ווערט ער דאַמאָלס פינס־טער ווי די נאַכט אויפ׳ן ים און גיסט אין זיך אריין אַ סך שטאַרקע געטרענקע, אַזוי ווי ער זאָל וועלען אין זיין האַרץ אַ פייער פערלעשען אָדער פערברענט ווערען.

זייט אַ צייט האָט זיך אבער אַלע מעהר נישט געוויזען אין דעם רויטען צימער.

## אכט-און-צוואַנציגסטעס קאַפּיטעל.

### פון יענער זייט קבר.

דער שניי איז געפאַלען אזוי לייכט און שטיל, אזוי ווייס אויף די גאַסען, פאַלק מיט זעלען׳ען זיינען געגאַנגען צום שפּיטאַל, פון דאָרט בארג׳ן צו נעהמען אין׳ם רויטען צימער.

— ס׳איז מערקווירדיג, וואס פאַר אַן איינדרוק דער ערשטער שניי מאַכט אויף איינעם, האָט זעלען געזאָגט, — די שמוציגע ערד ווערט...

— ביזטו סענטימענטאַל? — האָט פאַלק איהם אונטערבראָכען.

— ניין, איך זאָג עס נאָר אַלס לאַנדשאַפטס־מאַהלער.

זיי זיינען ווייטער געגאַנגען שטיל דורך דעם שניי וואס איז געפאַלען ביי זייערע פיס.

— דער דאָזיגער שטאָדט־פיערטעל קעניגסהאָלם, מיט די שפּי־

טעלער, איז מיר שטענדיג עטוואס אונהיימליך פארגעקומען — האָט פאלק בעמערקט.

— ביזטו סענטימענטאל? — האָט זעלען געלאכט.

— ניין, דאָס בין איך נישט, אבער דער דאָזיגער שטאָדט־טייל מאכט שטענדיג אויף מיר א געוויסען איינדרוק.

— אה, פלויעדערייען! ער מאכט נישט קיין איינדרוק; דאָס איז א טעות פון דיר, זעה, איצט זיינען מיר דאָ, ס'איז ליכטיג ביי בארג'ן אפשר האָט ער היינט אוועגט א פאָר גוטע מתים.

זיי זיינען איצט געשטאַנען נעבען דעם טויער פון'ם שפיטאל. די גרויסע געביידע האָט אויף זיי געקוקט מיט די טונקעלע פענסטער, אזוי עס זאל זיי פרעגען, וועמען זיי זוכען אין דיעזער שפעטער שעה, זיי זיינען אינ'ם שניי דורכגעגאנגען דעם הויף און זיינען אריינגעגאנגען אין די קליינע געביידע וואס איז געשטאַנען אויף די רעכטע זייט.

גאנץ אונטען אין זאל איז בארג געזעסען אליין ביי א לאָמפּ און האָט געארבייט ביי א טויטען קערפער פון א געהאנגענעם, וועלכען ער האָט שרעקליך צושניטען.

— גוט'נ'אווענט! — האָט בארג געזאגט און האָט אוועקגעלעגט דאָס מעסער, — ווילט איהר זעהען א בעקאנטען?

ער האָט געווארט אויף אן ענטפער, וואס איז נישט געקומען, ער האָט לאמפּטערען אנגעצונדען, גענומען זיך זיין מאנטעל און א בינט שליסעל.

— איך האָב ינשט געוואוסט, אז מיר האָבען דאָ בעקאנטע, — האָט זעלען געזאגט, נישט וועלענדיג פערלירען זיין הומאָר.

— קומט נאָר, — האָט בארג געזאגט.

זיי זיינען דורכגעגאנגען דעם הויף אין דער גרויסער געביידע אריין. די טיר האָט זיך מיט גערויש געעפענט און האָט זיך הינטער זיי צוריק פערמאכט. דאָס טונקעלע ליכט פון די לאמפּטערען האָט גע־ווארפען א רויטען שוואכען שיין אויף די ווייסע ווענט, דיביידע פרעמדע, האָבען געזוכט אויף בארגס פנים, צו וויל ער נישט טרייבען מיט זיי שפאס, זיי האָבען אבער גאָר נישט געקענט דערגעהן.

זיי זיינען אריין לינקס אין א קאָרידאָר, דער ווידער־קול פון זייע־רע שריט האָט זיך געהערט אזוי ווי ס'זאָל ווער זיי נאָכגעהן פון הינטען.

— דארט! — האט בארג געזאגט, און איז געבליבן שטעהן אין מיטען גאנג.

קיינער האט גאר נישט געזעהען נאר די בלויזע ווענט.

— אויף די רעכטע זייט — האט בארג ווייטער געזאגט.

די רעכטע וואנט איז געווען פון גלאז, און הינטער דער וואנט האט מען געזעהען דריי ווייסע קערפער אויפ'ן רוקען ליגען.

בארג האט געעפענט מיט א שליסעל די גלאז־טיר און איז אריינ־געגאנגען.

— דא, — האט ער געזאגט, בלייבענדיג שטעהן ביים צווייטען פון די דריי קערפער.

— ס'איז געווען אלע! ער איז געלעגען, די הענט איבער די ברוסט און האט אויסגעזעהען אזוי ווי ער ליעגט אין א נאכמיטאג־שלאף, זיינע ליפען אביסעל אפען, אזוי ווי ער זאל שמייכלען. אינ־גאנצען איז ער נאך געווען גוט ערהאלטען.

— דערטרונקען! ? — האט זעלען געפרעגט, וועלכער איז צור־ערשט צו זיך געקומען.

— דערטרונקען! — האט בארג געענטפערט, — דערקענט אפשר איינער פון אייך זיינע קליידער?

דריי אבגעריסענע אנציגע זיינען געהאנגען אויפ'ן וואנט, פון וועלכע זעלען האט זאפארט איינעם דערקענט, א בלויען ראק מיט יאגד־קנעפ, און א פאר שווארצע הויזען מיט אויסגעריבענע קניען.

— ביזטו זיכער?

— איך מוז דאך מיין אייגענעם ראק דערקענען — וואס איך האב געבארגט ביי פאלק'ן.

פון'ם בוזעם־קעשענע האט זעלען ארויסגענומען א גרויסע בריעף־טאש, וואס איז פון'ם וואסער זעהר דיק און קלעבעדיג געווא־רען, ער האט געעפענט די בריעף־טאש, און ביי דעם שיין פון די לאמפ־טערען, האט ער דורכגעקוקט דעם אינהאלט פון דארט. — אייניגע פערפוילטע פערזעהן־צעטעל און א העפט פאפיער, אויף וועלכען ס'איז געווען אויפגעשריבען: „צו דעם וואס ווער עס וועלען לעזען".

— האט איהר שוין גענוג געקוקט? — האט בארג געזאגט, — איצט וועלען מיר געהען אין די נאהנטסטע שענק אריין.

די דריי טרויערענדע פריינד האבען זיך אין די נאהענטססטע שענק קאנסטאנטירט אלס קאמיטעט פון'ם רויטען צימער.

ביי א ברענענדיגען פייער און ביי פיעל פלעשלעך שטארקע גע־טרענקע, האָט בארג אנגעפאנגען נאָכצוקוקען אַלע׳ס איבערגעלאָזענע פאפיערען, ער האָט אבער אויך געמוזט רופען פאלק׳ן צו הילף, ווייל דאָס וואס האָט זיך אויף א פּאָר ערטער די בוכשטאבען פערמעקט, און פאלק אלס „אטאגראף" וועט עס קענען פערשטעהן.

— אפשר האָט אַלע געוויינט ביים שרייבען און דאָס זיינען זיי־נע טרעהרען? האָט זעלען שפּאסיג געפרעגט.

— שטיל דארט הינטען! — האָט בארג געזאָגט און מיט איין ציה האָט ער אויסגעטרונקען א גאנץ גלאָז שנאפּס. איצט וועל איך אנפאנגען לייענען, קיינער זאָל מיך נישט אונטערברעכען.

„צו דעם וואס וועט עס לעזען".

וואס איך נעהם מיר איצטער דאָס לעבען, דאָס איז מיין רעכט, נאָך מעהר, וואס מיט דעם גרייף איך נישט אן דאָס רעכט פון אנ־דערען מענשען, נאָר איך מאך יענעם נאָך גליקליכער, איך מאך איהם פריי א שטעלע און פיער הונדערט קוביק־פוס לופט ווערען פריי יעדען טאָג.

איך בעגעה דיעזע האנדלונג נישט אוים פערצווייפלונג, נאָר מיט א גאנץ רוהיגען הארצען; אז אזאלכער שריט פעראורזאכט אויפרע־גונג, דאָס וועט יעדער פערשטעהן; די דאָזיגע האנדלונג אבלעגען פאר שרעק, וואס וועט דערנאָך קומען, דאָס מהוט נאָר דער, וואס איז צו די ערד פערשקלאפט און זוכט דעם דאָזיגען תירוץ, כדי צו בלייבען דאָ, וואו ער האָט זיכער נישט שלעכט געהאט. איך פיהל מיך פריי ביים געדאנק, צו קענען פערלאָזען דעם טרויעריגען דא־זיין, ווייל ערגער קען איך שוין נישט בעקומען, אבער בעסער אויך נישט, דער טויט וועט זיין פאר מיר א זעליגקייט, מינדעסטענס אזוי נוט, ווי נאָך א שווערע קערפערליכע ארבייט, דאָס גוט געמאכטע בעט.

ווער עס בעאבאכטעט דאמאלס, ווי דער קערפער שטרעקט זיך שלאָפענדיג אוים און די נשמה ווערט לאנגזאם פערשוואונדען, דער וועט פאר׳ן טויט נישט מורא האָבען.

פאר וואָס מאכען די מענשען אזוי פיעל וועזען פון׳ם טויט? ווייל זיי האָבען זיך דאָ אין דער ערד צו טיעף איינגעגראבען, איז פאר זיי זעהר שמערצליך ארויסצורייסען. איך בין שוין לאנג פון׳ם לעבען אָבגעשטויסען, איך בין נישט צוגעבונדען צו קיין פאמיליע, קיין ווירט־שאפטליכע, קיין שטאַטליכע און קיין יוריסטישע פערבינדונגען, ועל־

בע זאלען מיך צוריקהאלטען, איך געה אוועק פון דאנען, ווייל איך האָב גאנץ איינפאך פערלוירען די לוסט צום לעבען.

איך וויל מיט דעם נישט קיין אנדערע, וואס געהט גוט, נישט אויפפאָדערען צו טהאָן וואס איך טהו, זיי האָבען נישט קיין אורזאך צו דעם, און קענען מיין האנדלונג נישט בעאורטיילען. אויב איך בין א פייגלינג אדער נישט, איבער דעם האָב איך נישט נאָכגעדענקט, ווייל דאָס איז מיר גלייכגילטיג, איבעריגענס איז עס אן אנגעלעגענהייט פון מיין פריוואטע נאַטור, איך האָב קיינמאָל נישט געבעטען אויף די וועלט צו קומען, דורכדעם האָב איך א רעכט צו געהן ווען איך וויל.

פאַר וואס איך געה? די אורזאכען זיינען זעהר פיעל און זעהר טיעף, און איך האָב איצט נישט קיין צייט און קיין פעהיגקייט זיי צו ערקלעהרען, איך וועל נאָר ד י ערקלערען וועלכע האָבען פאַר מיין האנדלונג א בעזונדערע בעדייטונג.

אין מיין קינדהייט און מיין יוגענד, האָב איך קערפערליך געאַרבייט שווער; איהר ווייסט נישט וואס דאָס הייסט צו ארבייטען פון זונען־אויפגאנג ביז זונען־אונטערגאנג, און דערנאָך אוועקצופאלען אין א שלאָף ווי א חיה, דעם דאָזיגען פלוך האָט איהר ניט געפיהלט, ס'איז א פלוך צו פיהלען ווי די נשמה בלייבט אין מיטען וואקסען שטעהן, אין דער צייט ווען דער קערפער גראבט זיך אין דער ערד. געה הינטער אקסען וואס ציהען דאָס אקער־אייזען, און לאזען דיינע אויגען טאָג איין, טאָג אויס פון די גרויע שטיקער ערד קוקען וועסטו מוזען פארגעסען צום הימעל ארויפצוקוקען: שטעה מיט א לאָפּאַטע און גראב ביי ברענענדיגע זומער היץ, און דו וועסט פיהלען ווי דו זאלסט פערזונקען אין די וואסערדיגע ערד און פאַר דיין נשמה א קבר אויסגראבען. דאָס ווייסט איהר נישט! איהר וואס האָט דעם גאנצען טאָג נאָר פערגעניגען און ארבייט אמאָל א פּאָר שטונדען צווישען פריהשטיק און מיטאָג, ס'קומט זומער פאַהרט איהר זיך ערגעץ אויסרוהען אין דער נאַטור, די גרינע ערד איז פאַר אייך דאמאָלסט ווי א הערליכער שוישפיעל, אייערע נשמות ווערען דערהויבען און אייערע געדאנקען פערעדעלט, פאַר דעם ערד־ארבייטער איז די נאַטור גאנץ אנדערש, דער אקער איז ברויט, דער וואלד האלץ, די זעע א וואש־שיסעל און די ווייטע פעלדער איז קעז און מילך — אלץ איז ערד אָהן א נשמה!

ווען איך האָב געזעהען, אז איין העלפט פון די מענשען ארביי־

מען נשמה ארבייט און די אנדערע נאָר מיט זייער קערפּער, האָב איך צוערשט געגלויבט, אז די וועלט האָט געשאפען צוויי סאָרטען מענ־שען דערנאָך אבער בין איך געקומען צו פערנונפט און איך האָב פערשטאַנען, אז ס'איז נישט אזוי, פון דאמאָלס אן האָב איך בע־שלאָסען נישט מעהר קערפּערליך צו ארבייטען — און איך בין גע־וואָרען קינסטלער.

דאָס פּיעל רעדען וועגען קינסטלערישען חשק קען איך אנאַלי־זירען, ווייל איך אליין האָב עס געהאט, דער חשק צו ווערען קינסט־לער, נעהמט זיך צוערשט פון דעם ברייטען באזים פון בענקעניש נאָך פרייהייט, פרייהייט נישט צו טהאָן קיין נוצליכע ארבייט; א דייטשער פילאָזאָף האָט די שעהנע קונסט אָנגערופען אוננוצליכע ארבייט. ווייטער קומט דער חשק פון גאות, דער מענש וויל אין דער קונסט אלס א גאָט שפּיעלען, נישט ווייל ער וויל עטוואס נייעס שאפען (דאָס קען ער נישט) נאָר ער וויל אויסבעסערען, צוזאמענשטעלען און איבער־ארבייטען, ער פאנגט נישט אָמיט דעם אז ער זאָל די נאַטור בעוואונ־דערען, נאָר ער פאנגט אן מיט קריטיק; ער געפינט אז אלץ איז נישט פאָלקאָם און ער וויל עס בעסער מאכען.

אָט דער דאָזיגער גאות פון צו זיין א בעשעפער, און דער ווילען זיך צו בעפרייען פון טעגליכע קערפּערליכע ארבייט, טרייבט דעם קינסטלער פאָרווערטס און ברענגט דאָצו, אז ער זאָל זיך בעטראכ־טען אז ער שטעהט העכער פון אלע מענשען; ס'איז אויך נויטיג, אז דער קינסטלער זאָל דאָס אלע מאָל געדענקען, ווען נישט וועט ער גאַנץ לייכט ביי זיך אליין ארונטערפאלען, ער וועט בעטראכטען זיין טהעטיגקייט פאר גאָר נישט ווערט און זעהן זיך בעפרייען פון נוצלי־כע טעגליכע ארבייט, פאר אונבערעכטיגט, זיין אונגנוצליכע ארבייט צו זעהען אנערקענט, מאכט איהם עגאָאיסטיש, אונרוהיג און אָפּט מאָל אונגליקליך; ווערט ער איבער זיך אליין קלאָר, הערען אויף זיי־נע פעהיגקייטען צו שאפען, און ער געהט אונטער, ווייל צוריק צוגעהן צום יאָך פון קערפּערליכע ארבייט, דערנאָך ווי ער האָט שוין פערזוכט די פרייהייט, דאָס קען נאָר א רעליגיעזער. א קינסטלער איז נישט רעליגיעז.

צו מאכען אן אונטערשיעד צווישען זשעניע און טאלאנט, צו בע־טראכטען דעם זשעניע פאר א נייע איינגענשאפט, דאָס איז נאריש, ווייל דאן מוז מען גלויבען אין בעזונדערע געהיימע כוחות, דער

גרעסטער קינסטלער האט געוויסע אנלאגען צו דער טעכניק פון די קונסט ערגעץ געלערענט און פראקטיצירט, אהן איבונג שטארבט אב דער גרעסטער קינסטלער, דאדורך האט ווער געזאגט „זשעניע איז פלייסיג זיין" מען דארף אויך האבען בילדונג. (דאס איז זעהר זעל־טען, ווייל די געבילדעטע ווענדען זיך זעהר זעלטען צו די קונסט) אלזא, בילדונג און א גוטער פערשטאנד שאפט דעם זשעניע, ס'מוז אויך דאביי זיין א גאנצע רייהע פון גינסטיגע אומשטענדען.

איך האב באלד דעם גלויבען פערלוירען צו בעזיצען די אלע הויכע אייגענשאפטען פון אן אמת'ן קינסטלער, ווייל מיין קונסט, די סקולפטור, קען נישט אויסדריקען קיין איינציגע גאנצע אידעע, זי קען בלויז אייניגע שטריכען פון'ם מענשליכען קערפער, ארויסברענ־גען וואס נאר דער קינסטלער וועט פערשטעהן, פאר די איבעריגע מענשען איז דאס גלייכגילטיג; — ס'איז אזוי ווי די פעלד־סיגנאלען ביי סאלדאטען, בעדייטונגסלאז פאר אלע וואס פערשטעהען נישט די סיגנאלען, זיי זעהען נאר בלויז פערשיעדענע בעוועגונגען פון'ם פעהנ־דעל, אבער דער סאלדאט זעהט דעם בעפעהל...

דער גרויסער פלאטא האט שוין דאס געזעהען, ער איז געווען דער גרויסער קאפ און אן אידעאליסט, ער האט געזאגט, אז די קונסט איז גאר נישט, זי איז נאר בלויז א שיין פון די ווירקליכקייט, וואס זשע טויג די קונסט, ווען די ווירקליכקייט איז דא? איך האב פיינט בעקומען מיין קונסט...

איך האב געפרואווט צוריקצוגעהן צו קנעכטשאפט, צו ניצליכע ארבייט, איז שוין אבער געווען אונמעגליך! איך האב געזוכט צו גע־פינען אין איהר מיין פפליכט, אבער ס'איז מיר נישט געלונגען, מיין נשמה און מיין פערשטאנד האבען אנגעפאנגען שוואכער צו ווערען. איך בין שוין געווען אויפ'ן וועג צו ווער'ען א בהמה, איך האב מאנ־כעס מאל געגלויבט, אז פיעל צו ארבייטען איז א זינד, ווייל ס'איז געגען די פרייהייט פון דער נשמה, דערנאך בין איך אויף א טאג אנט־לאפען פון דער נאטור, וואו איך האב געלעבט אין בלויזע בעטראכ־טונגען, וועלכע האבען מיך אונאויסשפרעכליך גליקליך געמאכט, אבער ריעזעם גליק איז מיר פארגעקומען עפעס ווי אן עגאאיסטישער גע־נוס, דערנאך איז געקומען דאס געוויסען, די פליכט־געפיהל ווי א חיה איבער מיר און איך בין ווידער צום יאך געלאפען, ס'איז מיר דאן ליעב געווען — נאר אויף א י י ן טאג.

כדי איך זאָל זיך בעפרייען פון דעם דאָזיגען אונערטרעגליכען צושטאַנד און צו געפינען קלאָהרהייט און פריעדען, געה איך דעם אונבעקאַנטען ענטקעגען. צו די וואָס זעהען מיין טויטען־קערפּער — זעה איך אויס אונגליקליך טויטערהייט?

**אויפצייכנונגען ביים שפּאַציער־גאַנג.**

דער פּלאַן פון די וועלט איז צו בעפרייען די אידעע פון זינלאָזיג־קייט, פון פּראַסטקייט, די קונסט אבער זוכט די אידעע אין א זינלי־כען פּראַסטען געדאַנק צו פערקערפּערען, כדי זי זאָל זיך אַנזעהען. אַלזאָ... די גרויסע אידעע פון אונזער צייט איז: אז די פערטיילונג פון דער ארבייט פיהרט צום ערפאָלג פון די גאַטונג און צום טויט פון'ם אינדיווידיום. וואס איז גאַטונג? דאָס איז דער בעגריף פון'ם גאַנצען, פון די אידעע, אַזוי זאָגען די פילאָזאָפען, און די אינדי־ווידיומס, די איינצעלנע, גלויבען אין דעם און שטרעבען צו דער אי־דעע!

ס'איז מערקווירדיג פאר וואס די פירשטען און די קעניגע, ווילען־שטענדיג, ד א ס וואָס דאָס פאָלק וויל נישט, קען מען אַט „דאָס נישט פערשטעהן זיך" צווישען פאָלק און רעגיערער, גאַנץ לייכט אויסבעסערען?

ווען איך האָב שוין ווען איך בין גרעסער געווען מיינע שול־ביכלעך נאָך אמאָל איבערגעלעזען, איז מיר מעהר קיין וואונדער נישט געווען, פאר וואס די מענשען זיינען אזעלכע בהמות! אין די טעג האָב איך איבערגעלייענט לוטהערס „קאטעכיזמוס", און איך האָב גע־מאכט איינינע בעמערקונגען און א נייעם פארשלאָג צו א נייעם „קאטעכיזמוס".

דאָס ערשטע געבאָט וואָרפט אום דעם גלויבען אין אַ י י ן גאָט, ווייל עס זעהט זיך דאָך, אז עס זיינען דאָ פיעל געטער, דאָס קריסטענטום גיט עס אויך צו.

אנמערקונג: דער מאנאטעאיזמוס (איינגעטעריי) וואס ווערט אַזוי פערטיידיגט, האָט געמאכט א שלעכטען איינפלוס אויף די מענ־שען, ווייל ס'האָט פון זיי אוועקגערויבט דאָס שעהנע און דאָס אמת'ע.

דער צווייטער און דריטער געבאָט ענטהאלט אין זיך ווירקליכע נאַרישקייטען, דער פּערפאסער לעגט דעם גרויסען גאָט אזאלכע נאַ־רישע פארשריפטען אין מויל אריין, אז ס'איז א שאנדע פאר אזא

גרויסען אלוויסענדען גאָט, ווען דער פּערפאָסער זאָל איצט נאָך לע־
בען וואָלט ער געמוזט אנגעקלאָגט ווערען פאַר גאָטעם לעסטערונג.

דאָס פּיערטע געבאָט דאַרף אַזוי זיין: דו זאָלסט דיך נישט
פּיהלען פערפּפליכטעט, אויך די פעהלערען פון דיינע עלטערען צו בע־
וואונדערען, נאָר בלויז ווייל זיי האָבען דיך אויף די וועלט געבראַכט,
דו דאַרפסט זיי מעהר נישט צו עהרען, ווי זיי האָבען זיך פערדיענט.
אונטער קיינע בעדינגונגען ביזטו צו די עלטערען קיין דאַנק נישט
שולדיג; ווייל זיי האָבען זיך גאַר נישט פערדיענט געמאַכט מיט דעם
וואָס זיי האָבען דיך בעשאַפען, וואָס זיי גיבען דיר עסען און קליי־
דונג, דאָס הייסט זיי זייער עגאָאיזם און דאָס געזעץ. די עלטערען,
וואָס ערוואַרטען און פאָדערען אַ דאַנק פון זייערע קינדער, זיינען אַזוי
ווי פּראַצענטניקעס, זיי שטעלען איין זייער קאַפּיטאַל, כדי צו האָבען
דאַפון פּראָצענט.

ערשטע אנמערקונג: פאַר וואָס עלטערען האָבען מעהרסטענס פיינט
זייערע קינדער ווי ליעב? דאָס קומט פון דעם, ווייל די קינדער בע־
שרענקען דיווירטשאַפט פון די עלטערען, ווייל זיי מוזען פון זיי אַ גע־
וויסע צייט אויסגעהאַלטען ווערען. ס'איז דאַן אַזעלכע עלטערען וואָס
בעטראַכטען זייערע קינדער און בעהאַנדלען זיי ווי אַקציעס, און זיי
פערלאַנגען פון זיי שטענדיגע דיווידענדען, (פּראָפּיטען).

צווייטע אנמערקונג: דאָס געבאָט: „זאָלסט עהרען דיינע עלטע־
רען" איז נאָך שרעקליכער פון אַ רעגיערונגס פאָרם, ס'האָט בעשאַ־
פען עלטערען־טיראַניי... איין רעוואָלוציע קען צו דעם נישט
העלפען, מען מוז די גאַנצע פאַלשע מיינונג און נאַרישע בעגריפען,
פון עלטערען צו קינדער, איבער ארבייטען און איבער מאַכען, די
מענשהייט וואָלט פיעל מעהר כבוד געהאַט, ווען זי זאָל גריגדען קינ־
דער־שוץ געזעלשאַפטען, ווי טיר־שוץ־געזעלשאַפטען.

— נו, וואָס זאָגט איהר נישט צו דעם? — האָט בארג גע־
פרעגט ענדיגענדיג לעזען און האָט אויסגעטרונקען אַ גלעזעל קאָניאַק.

אָ, דאָס איז נישט אַזוי שלעכט, ס'האָט נאָר געדאַרפט זיין אַבי־
סעל וויציגער, — האָט זעלען געזאָגט.

— וואָס זאָגסטו, פאַלק?

— דאָס איז דאָס געוועהנליכע געשריי פון אַלע, נישט ווייטער.
בארג האָט אויף איהם געקוקט, כדי צו ערפאַהרען אויב פאַלק

האָט דאָס איראָניש געזאָגט, ס'איז אבער אויף איהם קיין אונרוהיגנעס נישט געווען צו דערקענען.

— אלזאָ, אַלע איז געגאַנגען, — האָט זעלען געזאָגט, — ער איז זיך געגאַנגען זוכען א בעסערע, שטילערע יאגד; יא, איהם איז גוט, ער דאַרף זיך שוין מעהר נישט זאָרגען וואו מען נעהמט אויף מיטאָג; איך וואָלט נאָר וועלען וויסען וואָס דער ווירט פון די שענק „קנאָפּ" וועט זאָגען צו דעם, ער האָט ביי איהם אַפּט געלד געלייזט. שנאַפּס האָט אַלע נישט פיינט געהאַט...

— וואָס פאַר א האַרצלאָזיגקייט, וואָס פאַר א גראָבהייט! פוי טייוועל! אזאַ יוגענד! — האָט פאַלק מיט כעס געזאָגט, ער האָט געוואָרפען געלד אויפ'ן טיש און האָט זיך דעם מאַנטעל אַנגעטהאָן.

— ביזטו סענטימענטאַל? — האָט זעלען לאַכענדיג געפרעגט.

— יא, דאָס בין איך! אדיע!

און ער איז אוועקגעגאַנגען.

## ניין-און-צוואַנציגסטעס קאַפּיטעל.

### איבערבליק.

דאָקטאָר בּאָרג פון שטאָקהאָלם צום לאַדשאַפּטס-מאַהלער זעלען אין פּאַריז.

ליעבער זעלען!

אַ גאַנץ יאָהר האָסטו געוואַרט אויף א בריעף פון מיר, אבער איצט האָב איך דיר וואָס צו שרייבען, נאָך מיין געוואָהנהייט נאָך, וואָלט איך געדאַרפט אָנפאַנגען מיט מיר, נאָר איך מוז מיך אָנפאַנגען אויסלערנען צו זיין העפליך, ווייל איך וועל באַלד מוזען אַרוים אין'ם לעבען און מיין ברויט פערדינ-ענען. אלזאָ, איך פאַנג אָן מיט דיר.

איך גראַטולירע דיר, וואָס דו האָסט בעקעמט דיין בילד אויף דער אויסשטעלונג ברענגען און דו האָסט אזאַ גרויסען ערפאָלג געהאַט, דעם נאָטיץ האָט איזאַק צו די גרוי-הויבע בע-בראַכט, ווען דער רעדאַקטאָר האָט עס געלעזען, איז ער שרעקליך אין כעס געוואָרען, ווייל ער האָט געשוואָרען, אז אויס דיר וועט קיינמאָל גאָר נישט ווערען; אבער אזוי ווי דו ביזט אין אויס-לאַנד אַנערקענט געוואָרען, האָסטו נאַטירליך אויך דאָ אין דיין היים אַ נאָמען בעקומען, און איך דאַרף זיך שוין מיט דיר נישט שעהמען.

כדי נישט צו פערגעסען און זיך קורץ צו פאסען, שרייב איך דיעזען בריעף אין די פארמען פון נאָטיצען, אזוי ווי פאר די „גרוי־הויבע" דו וועסט אויך קענען לייכט פערפעהלען דאָס וואָס וועט דיך נישט אינטערעסירען.

די פּאָליטישע לאַגע ווערט אלץ אינטערעסאנטער, אלע פּארטייען האָבען זיך איינס ס'אנדערע אונטערגעקויפט, און איצט זיינען זיי אלע קאָנזערוואַטיוו געוואָרען, די דאָזיגע רעאקציע, וועט זיך וואהרשיינליך מיט סאָציאַליזם ענדיגען, מען דענקט איצט די שטאָדט דיסטריקטען צו פערמעהרען, ווייל די מיניסטער קאַריערע ווערען איצט שנעל ערהויבען. מען דאַרף אפילו צו דעם נישט קיין פּאָלקס־שול עקזאַמען, איך האָב גערעדט ערשט מיט מיינעם א שול־חבר. ער איז שוין געווען מיניסטער, און ער האָט בעהויפּטעט, אז ס'איז פיעל גרינגער צו ווערען מיניסטער, ווי ערגעץ אן עקספּעדיציאָנס־סעקרעטאָר.

די פּרעסע — יא, די קענסטו שוין! אין אלגעמיין איז זי געוואָרען א געשעפט, דאָס הייסט, זי פּאָלגט יעדעס מאָל נאָך דער מאַיאָריטעט און די מאַיאָריטעט, דאָס מיינט די מיינסטען אבאָנענטען זיינען רעאקציאָנער, איך האָב געפרעגט א ליבעראַלען זשורנאַליסט פאר וואָס ער האָט אזוי גוט געשריבען איבער דיר, אפילו דיך נישט קענענדיג, האָט ער מיר געענטפערט, אז דאָס קומט פון דעם, ווייל די עפענטליכע מיינונג איז מיט דיר, ד. ה. די מעהרסטען אבאָנענטען.

— ווען די עפענטליכע מיינונג וועט אבער ווערען געגען איהם? — האָב איך איהם געפרעגט.

— דאַן וועט ער דיך אַרונטעררייסען. — האָט ער געענטפערט.

ניקאָלאַוס פּאָלק, דער ברודער פון אונזער פריינד, האָט אויפגעגעבען זיין פּריוואַט לייה־געשעפט, ווייל ס'האָט איהם קיין כבוד נישט געברענגט, און האָט זיך מיט נאָך אנדערע ווי ער אן עפענטליכע באַנק געמאַכט.

לעווין, דער אַלטער פאלק האָט מיט זיין שאַרפען בליק געזעהען, וואָס פאר גרויס נוצען ער קען האָבען פון דעם שאַרפזיניגען לעווין, האָט ער איהם קודם פאר זיינע שולדען

פערקלאָגט, און נישט קענענדיג בעצאָהלען, איז ער ערקלעהרט געוואָרען באַנקראָט און ער איז געוואָרען אוים פּאָסטבעאַמטער; דערנאָך איז ניקאָלאוס פאַלק ארויסגעטרעטען אַלס זיין רעד־טער, ער האָט איהם געמאַכט פאַר ביראָטס־דירעקטאָר אין זיין באַנק, איצט זיצט לעווין אין א קליין פּריוואַט צימער, ער דאַרף זי דאָבער נישט אין די באַנק ציינען.

א י ז א ק ל ע ו ו י איז קאַסירער אין דער באַנק, ער האָט דורכגעמאַכט זיין סטודענטען עקזאַמען (מיט לאַטיין, גריכיש און העברעאיש) און איז איצט א קאַנדידאַט אויף פילאָזאָ־פיע, נאַטירליך האָט די „גרויז־הויבע" געשריבען א נאָטיץ אי־בער זיין עקזאַמען, איצט שטודירט ער אדוואקאַטור, און שאַ־בערט דורך זיין אייגענער האנט, ער טרינקט נישט קיין שטאַר־קע געטרענקע און רויכערט נישט, אויב ער זינדיגט עפּעס, דאָס ווייס איך נישט; ער איז אָבער שרעקליך! ער האָט אַן אייזען־קראַם אין הערענזאַנד, א ציגאַרעטען־קראַם אין העלזינגפאָרד און א נאַשעריי־קראַם אין זעדערטאַליע; חוץ דעם האָט ער א פּאָר הייזער אין שטאָקהאָלם. די לייטע זאָגען, אַז ער איז א מאַן פון די צוקונפט, איך אָבער זאָג, אַז ער איז א מאַן פון די געגענוואַרט.

ר ע ל י ג י א נ ס ־ ש ו ו י נ ד ע ל א ו ן ו ו א ה ל־ ט ע ט י ג ק י י ט ס מ ג פ ה וואַקסען אין העכסטען גראַד און מאַכען דעם אויפענטהאַלט אין אונזער פאַטערלאַנד אונערטרעגליך. דו דערמאַנסט דיך זיכער אין די צוויי טייוולישע פרויען: פרוי פאַלק און פרוי האַמאַן, אַט די ביידע קליינליכע, גאוה'דיגע, בייזהאַפטע בעשעפענישען, וועלכע לויפען שטענדיג ארום לער; דו ווייסט דאָך די ענדע פון זייער קינדער־קריפּעל אנשטאַלט בית־לחם; איצט האָבען זיי א מאַנדאַלענען־היים געגרינדעט, און די ערשטע וועלכע זיי האָבען אין דער היים אויפגענומען, איז געוועזען מאַריע! לונדעלס פריינדין, די ארמע האָט איהר גאַנץ געלד וואָס זי האָט געהאַט ערשפּאָרט, עפּעס א חברה־מאַן געליהען און ער האָט פערגעסען איהר אדרעס, איצט איז זי געוועזען צופריעדען אַלעם פריי צו האָבען, די פּיעלע געבעט־טען וואָס זי מוז יעדען טאָג דאַרט זאָגען, האָט זי ערקלעהרט

אז זי וועט אויסהאלטען, ווען זי וועט נאר יעדען אין דער פריה איהר קאפע קריגען.

פ א ס ט א ר ס ק א ר ע איז קיין בישאף נישט געוואָרען, אזוי ווי ער האט ערווארטעט, פאר ערגערניש איבער דעם, בעטעלט ער איצט געלד פאר א נייע קירכע, ער זאגט אז ער וועט אויפשטעלען די גרעסטע קירכע וואס שוועדען האט אמאל געזעהן, דער עולם הערט זיך צו צו זיינע שווינדלערישע פרומע ווערטער און גיט געלד, די צוזאמען־געבעטעלטע סומען זענען שוין אזוי גרויס, אז מ'האט געמוזט צונעהמען א פערוואלטער (מיט פרייע וואהנונג, בעלייכטונג און האלץ) ווייסטו ווער עס איז געווארען פערוואלטער? הער און שטוין! — שטראווע!

ש ט ר א ו ו ע איז אין דער לעצטער צייט געווארען אביסעל רעליגיעז — איך זאג אביסעל, ווייל ס'איז נישט פיעל, ס'איז אבער דאך גענוג פאר זיינע קליינע פערהעלטנישע, ער ווערט בעשיצט פון די גלויביגע, דאס הינדערט איהם אבער ניט ווייטער אין די צייטונגען צו שרייבען און צו טרינקען, אבער זיין הארץ איז נישט ווייך, ער איז פערביטערט אויף אלע די וואס האבען זיך ארויפגעארבייט, דורכדעם האסט ער פאלק'ן און דיך, און ער האט געזאגט, אז ער וועט אייך ארויסנעררייסען ווען איהר וועט ווידער פון אייך לאזען הערען. כדי ער זאל ווערן פערוואלטער, און אין דעם פערוואלטונגס־הויז צו וואהנען און פרייע האלץ צו בעקומען, האט ער געמוזט געזעצליך און צערעמאנאל חתונה האבען, איך בין געוועזען ביי זיין חתונה, דאס איז געשעהען אין דער שטיל, דארט ערגעץ אין דעם אלטען הויז אויף די ווייסע בערג זיין פרוי איז אויך פרום געווארען, ווייל זי האט געהערט אז ס'איז אזוי די מאָדע.

ל ו נ ד ע ל האט אויפגעגעבען די רעליגיעזע בילדער־מאהלעריי און מאהלט איצט פארטרעטען פון דירעקטארען און בעאמטע: זיי האבען איהם געמאכט פאר אסיסטענט אין דער קונסט־אקאדעמיע, ער איז אויך איצט אונשטערבליך, ווייל ער האט זיינס א בילד אריינגעשמוגעלט אין דעם נאציאנאל־מוזעאום, ווי אזוי? דאס איז גאנץ איינפאך: שמידט איז דארט דירעקטאר און ווייל לונדעל האט איהם זיין בילד פריי געמאהלען האט ער פאר איהם דאס געטהאן! איז דאס נישט גוט? וואס?

די ענדע פון א ראמאן. איינמאל אין א זונטאג פארמיטאג אין דער צייט ווען די רוהיגקייט ווערט פון דעם גלאָקען געקלאנג נישט געשטערט, בין איך געזעסען אין מיין צימער און האָב געדויכערט, פלוצלינג האָט עס געקלאפּט אין מיין טיר, און א גרויסער שטארקער מאן איז אריינגעקומען. ס'איז געווען רעהנהעלם. ער איז איצט פערוואלטער אין א גרויסע פאבריק און איז צופריעדען מיט זיין וועלט.

ס'האָט נאָך אמאל געקלאפּט פאלק איז אריינגעקומען.

אלטע עראינערונגען, געמיינזאמע בעקאנטשאפט איז געווארען דער געשפּרעך צווישען אונז, דערנאָך איז שטיל געווארען, רעהענהעלם האָט גענומען א בוך אין האנט אריין, וואס איז געלעגען נעבען איהם, ער האָט אביסעל געבלעטערט דארין און האָט אנגעפאנגען הויך צו לייענען:

— „א קייזער־שניט. אקאדעמישע אבהאנדלונג, וואס איז מיט די ערלויבעניש פון די מעדיצינישע פאקולטעט עפענטליך פערטיידיגט געווארען". דאָס זיינען דאָך שרעקליכע פיגורען! ווער איז דאָס געווען אזוי אונגליקליך, וואס האָט נאָכ'ן טויט אזוי שרעקליך אויסגעזעהען?

— זעה נאָך! — האָב איך געזאָגט, — עס שטעהט אויף זייטע 2. — ער האָט ווייטער געלעזען.

— „די וואס איז געשטארבען ביים קייזער שניט אונטער'ן מעסער", איז געווען די אונפערהייראטע אגנעס רודגערן...

דער מאן איז געווארען ווייס ווי קאלך און ער האָט געמוזט אויפשטעהן וואסער טרינקען.

— האָסטו זי געקענט? — האָב איך איהם געפרעגט, כדי איהם אביסעל צו בערוהיגען.

—אויב איך האָב זי געקענט? זי איז געווען א שוישפּיע־לערין אין קעפינג, און זי איז אהער געקומען קיין שטאקהאלם. דא איז זי געווען אין א קאפע האָט זיך גערופען בעדרא פעטער־סאן.

וואלסט געווען איצט פאלק'ן אנגעקוקט, ס'איז געקומען צו א סצענע, וואס האָט זיך געענדיגט דאמיט, אז רעהנהעלם האָט אויף אלע פרויען געשימפּפט און נעפלוכט. פאלק האָט אויפגערעגט געענטפערט, אז ס'גיבען צוויי סארטען פרויען:

ער וויל דארויף אויפמערקזאם מאכען, אז צווישען פרויען און פרויען איז אזא גרויסער אונטערשיעד, ווי צווישען מלאכים און טייוולען, ער האט גערעדט מיט אזא ריהרונג, אז רעהענ־העלם'ן זיינען אזש די טרעהרען געקומען אין די אויגען אריין.

פ א ל ק. יא, איהם האב איך מיר צום לעצטען בעהאל־טען, ער איז פערלאבט! ווי אזוי דאס איז צוגעגאנגען? ער אליין האט עס מיר דערצעהלט „מיר האבען זיך געזעהן!"

ווי דו ווייסט האב איך קיינמאל נישט קיין פארטיגע אנ־זיכטען, נאר איך ווארט אויף ערפאהרונגען; אבער נאכדעם וואס איך האב ביז איצט געזעהן, קען איך קוים לייקענען, אז די ליעבע איז עטוואס.

אין שלעכטע טהעאטער שטיקער האב איך נאר געזעהען אזא שנעלע כאראקטער ענטוויקלונג ווי ביי פאלק'ן. דו קענסט דיר דענקען, אז ס'איז נישט צוגעגאנגען אזוי שנעל מיט די פערלאבונג. איהר פאטער איז אן אלמן, אן עגאאיסט און א פענסיאנירטער. זיין טאכטער האט ער בעטראכט פאר זיין קאַ־פיטאל און ער האט געוואלט, אז זי זאל איהם דורך א רייכע הייראטה זיין עלטער אנגענעהם מאכען. ער האט גאנץ קאלט געזאגט ניין! פאלק האט דאס נישט געהערט און איז אלץ ווידער דארט ארויפגעקומען, און ער האט געזאגט דעם אלטען, אז זיי וועלען אהן זיין צושטימונג הייראטהען, איך ווייס נישט, נאר איך דענק אז זיי האבען זיך געשלאגען.

אמאל אין אן אווענט ווען פאלק האט זיין פערלאבטע אהיים געפיהרט, און ווען זיי זיינען געקומען נעבען איהר הויז, האבען זיי געזעהען ביי די שיין פון די גאס־לאמפטערען דעם אלטען שטעהן ביים פענסטער, — ער האט א קליין הויז וואו ער אליין וואהנט. פאלק האט געקלאפט אין די גארטען־טיר, ער האט געקלאפט א פיערטעל שטונדע, אבער קיינער האט נישט גע־עפענט, ער האט אריבערגעקלעטערט איבער'ן צוים און איז געווארען בעפאלען פון א גרויסען הונט, וועלכען ער האט בע־זיעגט און פערשלאסען אין דעם מיסט־קאסטען. (דענק דיר נאר, דער שרעקענדיגער פאלק). דערנאך האט ער געצוואונגען דעם הויז־קנעכט אויפצושטעהן און צו עפענען. זיי זיינען שוין גע־ווען אויפ'ן הויף, איז נאך געבליבען די הויז־טיר, ער האט

געקלאַפּט מיט אַ גרויסען שטיין אין די טיר אריין, אבער קיי־נער האָט זיך נישט אָנגערופען. ער האָט געברענגט אַ לייטער פון׳ם גאָרטען, און איז ארויפגעקראָכען צום פענסטער וואו דער אלטער איז געשטאַנען און האָט גערופען: עפענט די טיר! אז נישט וועל איך דאָס פענסטער איינברעכען!

ס׳האָט זיך געהערט דעם אַלטענס שטימע:

— אז דו וועסט דאָס פענסטער איינברעכען, וועל איך דיך דערשיסען!

פאַלק האָט דאָס פענסטער איינגעבראָכען.

אַ ווײַלע האָט געהערשט אַ טויטען שטילקייט. ענדליך האָט זיך געהערט דעם אַלטענס שטימע פון אונטער דעם צובראָכע־נעם פענסטער:

— דאָס איז פּרעכטיג! דו ביזט מיין מאַן!

— איך שלאָג נישט איין קיין פענסטער, נאָר פאַר אייער טאָכטער וועל איך אַלץ טהאָן.

מיט דעם האָט זיך די געשיכטע געענדיגט און פאַלק איז פערלאָבט געוואָרען.

פאַלק וועט אין הערבסט חתונה האָבען.

זי וועט בלייבען לעהרעריןן, דאָס וואָס זי איז. איך ווייס זעהר ווייניג פון די פּרויען־פראגע, ווייל זי געהט מיך נישט אָן. נאָר איך גלויב אבער, אַזוי פיעל ווי איך האָב געזעהן, וועט אונזער געגעראַציע אבשאַפען דאָס אַזיאַטעשע. וואָס איז נאָך פאַרהאַנען ביים חתונה האָבען. ביידע טיילען שליסען אַ פרייען קאָנטראַקט, קיינער גיט נישט אויף זיין זעלבסטשטענדיגקייט. איינער זוכט נישט דעם צווייטען צו ערציהען, יעדער לערענט די שוואַכקייטען פון׳ם אַנדערען צו רעספּעקטירען, און ביידע האָ־בען אַ קאַמראַדשאַפט פאַר׳ן לעבען וואָס ווערט נישט ווייניגער וואָס איין טייל פערלאַנגט צערטליכקייט.

קיין צייטונג אפילו לייענט ער שוין נישט, ער ווייסט נישט מעהר, וואָס עס געשעהט אויף דער וועלט, דאָס שריפטשטעלע־ריי האָט ער זיך שוין לאַנג ארויסגעשלאָגען פון׳ם קאָפּ, ער לעבט נאָר פאַר זיין קעניגליכען דיענסט און פאַר זיין כלה, וועלכע ער פערגעטערט. אָט אַזוי איז עס, ליעבער זעלען, אַלץ איז אַנדערש געוואָרען.

איצט האב איך שוין מיין איבערבליק געענדיגט און דאכט
זיך אז איך האב קיינעם נישט פערגעסען, פאר היינט איז גע־
נוג, לעב וואהל! דו וועסט באלד ווידער פון מיר הערען.

דיין ה. באר ג.

## עפילאג.

ס'איז געשטא קיין צווייטע העסליכע גאס אין שטאקהאלם און קיין צווייטעם אלטעס, שמוציגעס הויז; דאס איינפאהר טויער זעהט אויס ווי אן אלטע תליה, וואו ס'זיינען שוין הונדערטער אויפגעהאנגען געווארען, די שטיינער אויפ'ן הויף זיינען פון אלטקייט ווי איין שטיק געווארען.

דאס הויז שטעהט אזוי אליין ווי אן אלטער וואנדערער וואס האט זיך א שטיקעל פלאץ אנגעזוכט כדי דארט צו שטארבען.

און דאך גיבט עס צוויי מענשען, וועלכע קענען פאר דעם הויז נישט פערבייגעהן און זיי זאלען נישט שטעהן בלייבען און מיט ריהרונג כמעט מיט ליעבע דאס הויז צו בעטראכטען. פאר זיי איז דאס גרויסע טויער אן עהרען־טויער דאס שווארצע הויז א טייערע ליעבע רואינע מיט רויזען־רויטע עראינערונגען נאך מעהר. ווען זיי געהען דארט פארביי, זינגט עס אין די לופט און ס'שמעקט פון די ערד, אפילו אין א רעגען טאג זעהען זיי דארט די זון שיינען.

פאר דריי יאהר איז געשטאנען אונזער יונגער פריינד פאלק— מיר מוזען איהם רופען פריינד, נאכדעם ווי ער האט חרטה געהאט אויף זיינע יונגע טעות'ן .און האט .געבעטען די געזעלשאפט פער־צייהונג, ער איז געווארען א רעשפעקטפולער מאן, וואס דיענט די רע־גיערונג און טראגט אינ'ם קעניגליכען זאל א רויטען פורפור־מאנ־טעל... אונזער יונגער פריינד איז פאר דריי יאהר געשטאנען אין דעם הויז, מיט שטעק־נאדלען אין מויל, א האמער אין קעשענע און א צוואנג אונטער די ארעם, און האט אויף דעם פענסטער פון'ם קליי־נעם צימער פארהאנגען אויפגעהאנגען.

אין עס־צימער איז געשטאנען דער געטרייער' איזאק אהן דעם ראק און האט געקלעבט טאפעטען אויף די ווענט, דאביי האט ער געזונגען פיעל אונבעקאנטע ליעדער, ווען ער איז מיעד געווארען, האט ער פארבערייטעט אויף א לערען קאסטען דעם פריהשטיק.

אין דרויסען האט די זון געשיינט, אזוי ליעבליך און הארציג, אזוי ווי ס'איז געווען פאלק'ן אויפ'ן הארץ.

איזאַק אליין האָט ארויפגעבראַכט פון די מילך־קראַם ברויט, פוטער און ביער, ער מיט פאלק'ן האָבען פריהשטיק געגעסען.

א דראָשקע איז אויף די גאַס צוגעפאהרען.

— דאָס איז בארג, — האָט איזאַק געזאָגט, וואָס האָט ער דאָ צו טהאָן? מיט איהם איז אויך געקומען לעווין.

ס'איז געווען א לאַנגער בעזוך, פון צעהן פיינליכע מינוטען. פאלק האָט איהם אבער רוהיג אויפגענומען, ווייל ער האָט געפיהלט, אז ער האָט פאַר שטענדיג מיט די פערגאַנגענהייט געבראָכען.

דערנאָך איז געקומען זיין שווענערין, פרוי בארג (בארגס מוטער) און פרוי רעוויזאַר האַמאַן. זיי האָבען אָנגעפאַנגען אַלץ צו קריטיקירען, די טאַפעטען אין עס־צימער זיינען צו טונקעל, אין'ם צימער פון די פרוי צו העל; די פאַרהאַנגען האָבען בעדאַרפט ברייטער זיין, דער טעפּיך פאַסט זיך נישט צום מעבעל, דער זייגער איז אַלט־מאָדיש, די קיך איז שוואַרץ און דער באָדען איז שמוציג, אבער אַלעם צוזאַמען איז עס א גאַנץ שעהנע וואָהנונג.

דאָס איז געווען די צווייטע פּלאָגע, פאַר פאלק'ן אבער דאָס איז אויך פאַראיבערגעגאַנגען.

פאלק האָט געעפענט די פענסטער, ארויסצוטרייבען די אונריינע גייסטער, וואָס זיינען געווען אין זיין גן עדן.

און דערנאָך, דערנאָך איז זי געקומען, ער איז געשטאַנען ביים פענסטער און האָט איהר געזעהען פון טויזענד מעטער ווייט, ער האָט געגלויבט, אז ס'געהט פון איהר ארום א ליכט און מאַכט העל די גאַנצע גאַס, וואו נאָר זי געהט.

ער האָט געוואוסט פיעלע קליינע מעשה'לעך פון איהר גוטסקייט, ליעבענסווירדינקייט, און שעהנקייט צו דערצעהלען.

ווען זי איז אריינגעקומען און האָט אַלץ געפונען העררליך און ענטציקענד, איז איזאַק געגאַנגען אין קיך אריין, ער האָט האָלץ צושפּאַלטען, געמאַכט פייער; קומענדיג צוריק אריין מיט א טאַס אויפגעקאָכטע טשאָקלאַד פאַר איהר, האָבען זיי גאַר נישט געוואוסט צו ער איז נישט געווען, אַזוי פערטהאָן זיינען זיי געווען אין די ליעבע... איזאַק האָט זיי פאַרגעוואָרפען, אז זיי זיינען עגאָאיסטען, ווייל זיי פערגעסען אין איהם האָבען זיי אַלע [illegible] און זי האָט איהם מיט א קוש איבערגעבעטען.

איזאַק האָט שמייכלענדיג געזאָגט, אַז אַזאַ ענאַאיזם איז בע־רעכטיגט, די גאַנצע וועלט אַנערקענט דאָס.

— וואָס די וועלט זאָגט? די וועלט זאָגט:

— נו, דער פאַלק האָט חתונה געהאַט?

— מיט וועמען דען?

— מיט אַ לעהרערין!

— פוי טייוועל! אַזאַ איינע מיט בלויע ברילען און מיט קורץ געשאָרענע האָר?

ווייטערע אויסקונפט דאַרף דער פראַגע־שטעלער נישט מעהר צו פערלאַנגען.

וואָלט דער אַנדערער געווען געענטפערט:

— אַז ער האָט חתונה געהאַט מיט קאַכשראַמ׳ס טאָכטער.

וואָלט דער צווייטער געווען געפרעגט:

— האָט זי אַ סך געלד פון׳ם פאָטער בעקומען?

ווייטערע פראַגען שטעלט די וועלט נישט, און דאָס איז גוט. אָבער די וועלט שטעלט אויך די פאָדערונג, אַז מענשען וועלכע זיי־נען מטריח דעם גייסטליכען, דאָס געזעץ און אַ צייטונגס־רעפּאָרטער צו זייער חתונה, מוזען אויך גליקליך זיין, ווען נישט ווערט זיין וועה צו זיי!

ווען זי ווערט פון די שולע קומען, מיעד פון דער אַרבייט, פער־דריסליך איבער פערשיעדענע קלייניגקייטען און טרעפט אין גאַס איהר פריינדין, יענע נעהמט איהר האַנט און זאָגט איהר, אַז דו זעהסט נישט גליקליך אויס, עליזאַבעט! דאַן — איז וועה צו איהם!

ווען ער קומט פון דיין אַמטס־צימער מיט פערצווייפלונג אין האַרץ, ווייל מען האָט איהם נישט גרעסער נעמאַכט און ער טרעפט אַ פריינד וואָס זאָגט איהם, אַז ער זעהט אויס נידערשלאָגען, דאַן — איז וועה צו איהר!

אַ. איהר אונגליקליכע, ווען איהר קענט נישט גליקליך זיין!

ס׳איז אַ ווינטער אָוועגט, אַ יאָהר אָדער מעהר נאָכדעם, זי זיצט ביי איהר שרייבטיש און קאָריגירט דאָס שרייבען פון די שול־קינדער, ער זיצט ביי זיין טיש און שרייבט איבער פערשיעדענע אַקטען פאַר זיין אַמט, די פעדערען קריצען, דער זייגער טיקט און דער סאַמאָ־וואַר ברענט, ווען ער הויבט אויף זיין קאָפּ צו דערזעלבער צייט אויף די, זייערע בליקען טרעפען זיך צוזאַמען, זיי קוקען ביידע אַזוי פריינד־

ליך און ליעב, אזוי ווי זיי וואָלטען זיך שוין לאנג נישט געזעהען. דערנאָך שרייבען זיי ווידער.

ענדליך ווערט ער דער ערשטער מיעד.

— וועלען מיר נישט אביסעל צוזאמען פּלוידערן? — פרעגט ער. זי האָט נישט דאגעגען.

— אָבער פון וואָס רעדען?

דאָס האָט שפּעטער אויך בארג געפרעגט, ווען ער האָט ער־קלערט, אז דאָס חתונה האָבען איז א נאַטור־וויסענשאפטליכע אונ־מעגליכקייט, ווייל ס'מוז אמאָל קומען צו א שטילשטאַנד... ווען מען האָט שוין צוזאמען אלץ אויסגערעדט, איינער ווייסט דעם צווייטענס אלע געדאנקען, אנזיכטען און מיינונגען, מוז דאָס אבסאָלוטע שטיל־שווייגען איינטרעטען!

פאָלק האָט פון דעם נישט געוואָלט וויסען, ער האָט חתונה געהאַט, דער נאַר...

ע נ ד ע.